שלמה ווייסמאַן

# דאָס וואָרט

## ליטעראַרישע כרעסטאָמאַטיע

אין דריי טיילן.

צווייטער טייל

אַרויסגעגעבן פון די
אידישע פאָלקשולן פון אידיש־נאַציאָנאַלן
אַרבעטער פאַרבאַנד און פועלי־ציון

ניו יאָרק, 1931.

# אינהאַלט



## אַמאָל איז געווען



## לעבן און קאַמף

## ע ס י י ע ן



## ל י ר י ק

## קונסט-בילדער, וואָס גייען אַריין אין דעם בוך:

# צו די לערער

דאָס פֿאָרליגנדיקע בוך איז דער צווייטער און מיטלסטער טייל פֿון דער ליטעראַרישער כרעסטאָמאַטיע „דאָס וואָרט", און איז, אַלס אַ טייל פֿון דער גאַנצער זאַמלונג, געבויט אויף די זעלבע ריכט־ליניעס און יסודות ווי דער ערשטער טייל.

צוליב דער אומאײנהייטלעכקייט פֿון דעם אידישן שול־סיסטעם איז שווער גענוי צו באַשטימען צו וועלכע קלאַסן דאָס בוך איז צוגעפּאַסט. אַלעס, וואָס קען געזאָגט ווערן מיט זיכערקייט איז, אַז די קלאַסן, וואָס וועלן האָבן מיט אַ געוויסער מאָס פֿון גרינדלעכקייט געלערנט דעם ערשטן טייל, אָדער זיין עקוויוואַלענט, קענען לייכט אַריבערגיין צו דעם צווייטן טייל, וואָס דאָס מיינט, אַז דאָס בוך קען געלערנט ווערן אין קלאַסן לערך פֿון ענדע פֿינפֿטן יאָר און דורך דעם זעקסטן לערן־יאָר פֿון דער עלעמענטאַר־שול.

די לערער און לעזער ווערן געבעטן נאָכצוזען דעם אַריינפֿיר צו דעם ערשטן טייל, וואו ס'ווערן אין קורצן דערקלערט די פּרינציפּיעלע יסודות, לויט וועלכע די ביכער זיינען צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן, און דער פּלאַן פֿון זייער איינטיילונג אין אָפּטיילונגען. לשם גאַנצקייט אָבער ברענגען מיר דאָ אַ פּאָר זאַצן פֿון אַ טייל פֿון דעם אַריינפֿיר.

„די ביכער זיינען ליטעראַרישע כרעסטאָמאַטיעס. דער הויפּט ציל איז געווען צו געבן דעם יונגן לעזער פֿון דעם בעסטן אין אונזער ליטעראַטור... אַוודאי איז דערביי געווען די באַוואוסטזיניקע שטרעבונג צו געבן מוסטערן פֿון די ווערק פֿון די הויפּט בויער און שאַפֿער פֿון אונזער ליטעראַטור; אַוודאי און אַוודאי זיינען געזוכט געוואָרן ליטעראַרישע מאַטעריאַלן, וואָס וועלן געבן אַ קינסטלערישן אויסדרוק צו געוויסע באַשטימטע אידעאַלן... דאָך זיינען די ביכער ניט קיין אַנטאָלאָגיע פֿון דער אידישער ליטעראַטור... און אויך ניט קיין האַנטבוך צום שטודיום פֿון אידישן לעבן און פֿון די נאַציאָנאַלע און אַלמענטשלעכע אידעאַלן... ביים קלייבן דעם מאַטעריאַל פֿאַר די ביכער זיינען אַט די צוויי וויכטיקע צילן געווען אונטערוואָרפֿן צו אַ הויפּט פּרינציפּ — דער ריין קינסטלערישער צוטריט צו אונזער ליטעראַטור."

דער צוזאַמענשטעלער האָט זיך באַמיט צו געבן וואָס מער גאַנצע ווערק פֿון די הויפּט שאַפֿער פֿון אונזער ליטעראַטור, דורך וועלכע די תּלמידים זאָלן באַקומען אַ בילד פֿון זייער שעפֿערישער פּערזענלעכקייט. ס'איז דערביי אויך גענומען געוואָרן אין אָנבאַטראַכט, אַז די עלטערע קינדער, פֿאַר וועמען דער צווייטער און דריטער טייל זיינען צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן, האָבן ליב צו לערנען דווקא לענגערע און גאַנצע זאַכן. די לערער וועלן געוויס דערמוטיקן די קינדער צו לייענען די ווערק, פֿון וועלכע די אויסצוגן זיינען גענומען געוואָרן, און פֿאַרלייענען פֿאַר זיי קאַפּיטלעך פֿון געוויסע ווערק, פֿאַר וועלכע ס'וועט דורך די אויסצוגן אַרויסגערופֿן ווערן אַן אינטערעס.

אין דעם טייל זיינען ניטאָ קיין ספּעציעלע אָפּטיילונגען וועגן דעם לעבן פֿון קינדער און וועגן דעם לעבן אין אמעריקע. די אויסצוגן פֿון די מינים זיינען אַריינגענומען געוואָרן אין די צוויי אָפּטיילונגען „אַמאָל איז געווען" און „לעבן און קאַמף". די עסייען זיינען אויסגעטיילט געוואָרן באַזונדער, הויפּט־

זעכלעך דערפֿאַר ווייל דער צוזאַמענשטעלער האָט געוואָלט ציען צו זיי די באַזונדערע אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די לערער. ס'איז די אַלגעמיינע דערפֿאַרונג פֿון לערער, אַז ס'פֿאָדערט זיך ספּעציעלע מי און אָנשטרענגונג צוצוגעוואוינען די תּלמידים צום ליטעראַטור־קריטישן און פּובליציסטישן סטיל. ס'איז דעריבער אונזער האָפֿנונג, אַז די אויסצוגן וועלן גרינטלעך אויסגענוצט ווערן.

די לעצטע אָפּטיילונג, „ליריק", נעמט אַריין אייניקע לידער און פּאָעטישע שילדערונגען, אין פּראָזע פֿאָרמע, פֿון דער נאַטור און פֿון שטימונגען און געפֿילן פֿון דער מענטשלעכער נשמה, וועלכע האָבן ניט געקענט אָן שוועריקייטן זיך אַריינפּאַסן אין די ערשטע צוויי אָפּטיילונגען. אגב איז אויך דאָ געווען דערזעלביקער מאָטיוו צו מאַכן אַ באַזונדערע אָפּטיילונג ווי אין פֿאַל פֿון דער דריטער אָפּטיילונג „עסייען".

ס'וואָלט גוט געווען, די תּלמידים זאָלן צוגעוואוינט ווערן זיך אָפּט צו באַנוצן מיט דעם ווערטערביכל, וואָס ווערט געגעבן צום סוף פֿונ'ם בוך. די תּלמידים זאָלן דערמוטיקט ווערן זיך צוצוגרייטן צו יעדער נייער לעקציע מיט דער הילף פֿון די אָפּטייטשונגען און דערקלערונגען. ס'איז געמאַכט געוואָרן די אָנשטרענגונג צו געבן גאַנץ ברייטע און קלאָרע דערקלערונגען, הגם ס'איז ניט מעגלעך געווען אַלעמאָל צו געבן אַלע מעגלעכע ניואַנסן און טייטשן פֿון די ווערטער, פֿראַזן און אידיאָמאַטישע אויסדרוקן. ביי געוויסע נויטיקערע און שווערערע העברעאישע ווערטער איז אָנגעגעבן געוואָרן די אידישע טראַנסקריפּציע.

ווי אין דעם ערשטן בוך, ווערט אויך דאָ געגעבן אַ ליסט פֿון טעמעס פֿאַר שריפֿטלעכע אַרבעטן. זיי זיינען, מיט גאָר קליינע אויסנאַמען, באַזירט אויף די ליטעראַטור־טעקסטן פֿון דעם בוך, אויף געוויסע מאַטעריאַלן פֿון די אַנדערע צוויי טיילן און אויך אַנדערע. ס'איז זיכער ראַטזאַם זיך צו באַנוצן מיט מערסטע פֿון די טעמעס, וואָס זיינען פֿאָרגעשלאָגן געוואָרן אין ערשטן טייל, נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז זיי זיינען באַזירט אויך אויף די טעקסטן פֿון דעם צווייטן טייל און אַז זיי קענען אויפֿגענומען ווערן אויף אַ העכערן און מער אַנטוויקלטן אופֿן פֿון די תּלמידים, נאָכדעם וואָס זיי האָבן דורכגעלערנט דעם ערשטן טייל אָדער זיין עקוויוואַלענט.

שלמה וויסמאַן,

יוני, 1931, מאָנטרעאַל.



י. ל. פרץ.

# ס'אי' גוט

איר פרעגט, אין וואָס פאַר אַ זכות איך בין אַ איד געבליבן?

נאָר אין מיין זכות, נישט אין זכות פון מיינע אָבות. איך בין אַ זעקס-יעריק אינגל געווען; מיין טאַטע — אַ ישובניק אונטער ווילנע. אַזוי — אַ באַלעבאַטישער מענטש.

אַז איך בין אַ איד געבליבן — האָב איך עס דעם שפּאָלער זיידן צו פאַרדאַנקען.

ווי איך קום צום שפּאָלער זיידן? — פרעגט איר.

דער שפּאָלער זיידע איז נאָך דעמאָלט קיין שפּאָלער זיידע נישט געווען. אַ יונגער מאַן איז ער געווען, געליטן האָט ער דעמאָלט גלות. אַרומגעגאַנגען איז ער אַ צייט מיט די קבצנים פון קהילה צו קהילה, פון אורחים-הויז צו אורחים-הויז — אַ קבצן, ווי אַלע קבצנים, קרוע-בלוע ווי אַלע. וואָס אינווייניק, אין האַרץ, האָט געשטעקט — גיי ווייס!

און נאָכן אָפּליידן גלות, איז נאָך אויך די צייט נישט געקומען נתגלה צו ווערן. שטעלט ער זיך פאַרן בית-דין-צדק אין ווילנע, נעמט אַרויס אַ היתר-שחיטה און ווערט שוחט אויפן דאָרף. ער גייט שוין נישט אַרום אויף דער וועלט און האַלט זיך אין דער ווילנער סביבה. מתנגדים האָבן אָבער אַ חוש-הריח, האָבן זיי עפּעס דער־פילט. הויבן זיי אים אָן צו רודפן, בילבולים צו מאַכן. מסרט מען אים פאַרן בית-דין-צדק, ווייס איך? — אַז ער איז עובר אויף כל התורה כולה! וואָס מתנגדים קאָנען!

ווי געזאָגט, בין איך דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר זעקס. ער פלעגט צו אונז אַריינקומען שעכטן אַ דקה, אָדער אַזוי איבער־נעכטיקן, און איך האָב אים זייער ליב געהאַט. וועמען דען האָב איך געזאָלט, אַ חוץ טאַטע-מאַמע, ליב האָבן? אַ מלמד האָב איך געהאַט אַ קפדן, ממש אַ הורג נפשות; און דאָס אָבער איז געווען אַ גוטע, האַרציקע נשמה; מיטן קוק האָט ער מחיה נפשות געווען! די בילבולים האָבן זייערס געטאָן — מען האָט אים מעביר געווען פון

שחיטה. מיין מלמד האָט געמוזט דערינען אַ חלק האָבן. וואָרום ער האָט באַלד אַ ידיעה באַקומען דערפון, און ווי דער שוחט איז געקומען, האָט ער אַ געשריי געטאָן: „עוכר ישראל! משומד!" און אָנגעכאַפּט אים ביים פּאַדקאַלנער און אַרויסגעוואָרפן פון שטוב. עס האָט מיר אַ שניט געטאָן ביים האַרץ, ווי אַ מעסער. פאַרן מלמד האָב איך אָבער געציטערט אימת־מות, און ערשט שפּעטער, אַז ער האָט זיך פאַרקוקט, האָב איך מיך אַרויסגעכאַפּט פון שטוב און אָנגעהויבן נאָכלויפן דעם שוחט איבערן טראַקט, וואָס האָט זיך, נישט ווייט פון שטוב, אַריינגעלאָזט אין אַ וואַלד, וואָס האָט זיך שוין געצויגן ביז ווילנע. וואָס איך האָב געוואָלט דערמיט פּועל־יוצא זיין, ווייס איך נישט, נאָר עס האָט מיך עפּעס געטריבן צום אָרעמען שוחטל. איך האָב מיך געוואָלט מיט אים כאָטש געזעגענען, כאָטש נאָך איין מאָל אַריינקוקן אים אין די גוטע האַרציקע אויגן אַריין...

אָבער איך לויף און לויף, און האַק מיר אָפּ די פיס אָן די שטיינער פון וועג, און זע קיינעם ניט פאַר די אויגן. נעם איך מיך רעכטס, אַראָפּ אין וואַלד אַריין, און קלער מיך אַביסל אָפּצורוען אויף דער ווייכער וואַלד־ערד. איך וויל מיך שוין זעצן, הער איך אַ קול, דאַכט זיך, זיין קול, פון מיטן וואַלד אַרויס,— אַ האַלב־זינגענדיק קול. גיי איך שטילערהייט נאָך דעם קול. דערזע איך אים פון וויטן, ווי ער שטייט און שאָקלט זיך אונטער אַ בוים. איך הער מיך צו — ער זאָגט שיר־השירים! איך קוק מיך בעסער צו, זע איך, אַז דער בוים, אונטער וועלכן ער זאָגט שיר־השירים, איז אַנדערש ווי אַלע בוימער. אַלע בוימער שטייען נאָך נאַקעטע און בלויז, און דער גרינט זיך און בליט און שיינט ווי די זון און שטעקט אויס די בליענדיקע צווייגן איבערן שוחטס קאָפּ, ווי אַ סכך. און מחנות פייגל טאַנצן אַרום צווישן די צווייגן און זינגען מיט שיר־השירים! איך ווער נבהל ונשתומם, און שטיי מיט אויפגעריסענע מויל און אויגן, און שטיי!

ענדיקט ער זיין שיר־השירים, ווערט אויסגעלאָשן דער בוים, ווערן נעלם די פייגעלעך, און ער דרייט זיך אוים צו מיר און זאָגט מיר מיט ליבשאַפט:

— הער, אידעלע („אידל" הייס איך), איך האָב צו דיר אַ בקשה.

— אַדרבה, — ענטפער איך מיט פרייד, און טראַכט מיר, ער וועט אַוודאי וועלן, איך זאָל אים אַרויסברענגען עסן און האָב שוין בדעה צו לויפן און בדיל־הדל שטעלן דער מאַמעס שבת. ער זאָגט אָבער:

— הער, וואָס דו האָסט געזען, זאָל בלייבן ביי דיר.

די שמחה ווערט ביי מיר אויסגעלאָשן, און איך זאָג צו ערנסט און געטריי, אַז איך וועל שווייגן.

— הער נאָך עפּעס, אידעלע. דו וועסט גיין — זאָגט ער — אין אַ ווייטן, זייער ווייטן וועג און אַ לאַנגן וועג.

וואונדער איך מיך: ווי קום איך צו אַ ווייטן, לאַנגן וועג? און ער זאָגט ווייטער:

— דיין רבינס תורה וועט מען דיר אַרויסשלאָגן פון קאָפּ, וועסט טאַטע-מאַמע פאַרגעסן, — זע אָבער, בלייב ביי דיין נאָמען! דו הייסט „אידעלע", בלייב אַ איד!

דערשרעק איך מיך, נאָר פון האַרץ שרייט פון מיר אַרויס:

— זיכער! כ'זאָל אַזוי לעבן!

און מיר ליגט נאָך מיינס אין זינען:

— אָבער, — זאָג איך — עסן ווילט איר?

נאָר איידער איך האָב עס אַרויסגעזאָגט, איז ער מיר נעלם געוואָרן...

און אויף דער צווייטער וואָך איז מען אונז באַפאַלן, און מען האָט מיך אַוועקגעפירט אַלס קאַנטאָניסט...

---

און עס איז אַוועקגעגאַנגען אַ צייט, און איך האָב טאַקע אַלץ פאַרגעסן... מען האָט מיר אַלץ פון קאָפּ אַרויסגעשלאָגן.

אין טיף-רוסלאַנד האָב איך געדינט, צווישן שנייען און מוראדיקע פרעסט, קיין אידן פאַר די אויגן נישט געזען... אפשר האָבן דאָרט באַהאַלטענע אידן געוואוינט, נאָר איך האָב פון זיי נישט געוואוסט, פון שבת און יום-טוב נישט געוואוסט, פון קיין תענית נישט. איך האָב אַלץ פאַרגעסן...

נאָר דאָס רענדל אויסגעטווישט האָב איך נישט!

וואָס מער איך האָב פאַרגעסן, מער יצר-הרע האָב איך געהאַט פטור צו ווערן פון די פּיין, די יסורים — אַן עק! אָבער ווען עס איז מיר געקומען דער שלעכטער געדאַנק אויפן קאָפּ, האָט ער זיך באַוויזן באַשיינפּערלעך, און איך האָב באַשיינפּערלעך געהערט זיין קול: בלייב ביי דיין נאָמען, זיי אַ איד!

און אַז עס איז קיין ווייסטער חלום נישט געווען, האָב איך געוואוסט אויף זיכער... איך האָב אים וואָס אַמאָל עלטער און עלטער

געזען... די באָרד און פּאות — וואָס אַמאָל ווייסער, דאָס פּנים — בלאַסער... נאָר די אויגן זיינען געבליבן די אייגענע, די זעלבע גוטהאַרציקע אויגן, און דער קול דער אייגענער, גלייך אַ פידעלע שפּילט...

איינמאָל האָט מען מיך געשמיסן, איז ער געשטאַנען לעבן מיר און האָט מיר געווישט דעם קאַלטן שוויים פון שטערן און איבערן פּנים געגלעט און שטילערהייט געזאָגט: שריי נישט, כדאי צו ליידן, בלייב אַ איד! און איך האָב אויסגעהאַלטן אָן אַ געשריי, אָן אַ זיפץ, גלייך מען שלאָגט נישט מיך...

איינמאָל, שוין דאָס לעצטע יאָר, האָב איך געדאַרפט אַרויסגיין אַלס טשאַסאָוואָי צום צעכהויז הינטער דער שטאָט. עס איז געווען פאַרנאַכט, און עס האָט זיך געטראָגן אַ זאַווערוכע פון שניי. דער ווינט האָט אויפגעהויבן גאַנצע ברילעס שניי און האָט זיי צעריבן אויף נאָדלען, צעשטויבט אויף שטויב, און דער שנייאיקער שטויב מיט די שנייאיקע נאָדלען האָבן זיך אַרומגעיאָגט אין דער לופט, געפּאַטשט אין פּנים אַריין, געשטאָכן... קיין אויג אָפן צו האַלטן! קיין אָטעם צו כאַפּן! פּלוצלונג דערהער איך, מענטשן גייען נישט ווייט פאַרביי, און עמיץ זאָגט אויף אידיש: היינט איז די ערשטע נאַכט סדר! צי ס'איז אַ בת-קול געווען, צי זיינען ווירקלעך מענטשן פאַרבייגעגאַנגען? — ווייס איך נישט עד היום, נאָר די ווערטער פאַלן מיר ווי אַ בליי אויפן האַרץ, און קוים איך בין צוגעקומען צום צעכהויז און האָב אָנגעהויבן אויף און אָפּ צו גיין, באַפאַלט מיך אַ מין בענקעניש, אַ מין האַרץ-ווייטאָג, אַז עס איז גאָרנישט ניט צו באַשרייבן. עס ווילט זיך מיר דווקא די הגדה זאָגן, און — איך זאָל עס געדענקען אַ וואָרט! איך פיל, אַז ערגעץ טיף, טיף ביי מיר אין האַרץ ליגט זי, די הגדה; כ'האָב זי אַמאָל אויסנווייניק געקאָנט: איך פיל, אַז ווען איך זאָל מיך נאָר איין וואָרט, איין איינציק וואָרט דערמאָנען, וואָלט שוין די רעשט זיך אויך באַוויזן און אַרויסגעצויגן פון מיר, ווי אַ שנור פאַרשלאָפענע פייגל פון אונטער שניי. איך קאָן מיך אָבער דאָס ערשטע וואָרט בשום אופן נישט דערמאָנען! „ריבונו של עולם!" — האָב איך אויסגעשריען מיט האַרץ — „איין וואָרט! כאָטש איין וואָרט!" און אויסגעשריען, הפּנים, האָב איך אין אַ גוטער שעה. איך האָב מיך דערמאָנט: „עבדים היינו". — גלייך מען האָט עס מיר פון הימל אַראָפּגעוואָרפן. ווער איך פול און פול מיט פרייד, אַז זי גיסט זיך פון מיר אַרויס, די פרייד, אַז זי שטראַלט מיר אַרויס פון דער נשמה, און איך גיי אויף און אָפּ מיט דער ביקס

אויף דעם אַקסל און זאָג, און זינג אַרוים דער ווייס-פּאַרשנייטער, פאַרחלומטער וועלט די הגדה... און זי האָט זיך פון מיר אַרויסגע־צויגן, די הגדה, געצויגן און געצויגן, ווי אַ גאָלדענע שנור, ווי אַ שנור פון פּערל — אָך! דאָס קאָנט איר גאָרנישט ניט פאַרשטיין, דאָס קאָנט איר גאָרנישט ניט משיג זיין... מען דאַרף אַייך פריער אַהין שיקן!

און דער ווינט האָט זיך דערוייל געלייגט, די זאַווערוכע האָט אויפגעהערט, און עס באַווייזט זיך אַ קלאָרער, פינקלדיקער הימל, אַ ווייסע, מיט בריליאַנטן אויסגעשטראַלטע וועלט... שטיל איז אַרום און אַרום, און ווייס, אָן אַ שיער ווייס... אַ שטילע, רואיקע, זיסע, ווייטע ווייסקייט...

און איבער דער שטילער, ווייטער ווייסקייט באַווייזט זיך פּלוצלונג נאָך עפּעס ווייסערס, נאָך עפּעס העלערס, שטראַלנדיקערס... און עס גייט, און עס קומט פון ווייטן... אין קיטל און טלית גע־קליידט... דער טלית אויף די אַקסל, איבערן טלית, פון פאָרנט, אַ ציטערדיקע, ווייסע, זילבערנע באָרד, העכער — צוויי שטראַלנדיקע אויגן, איבער זיי אַ ברענענדיקע קרוין — א קאַפּל מיט זילבערנע און גאָלדענע שפּאַניעס, און עס קומט צו נענטער און נענטער... און עס גייט פאַר מיר פאַרביי, און אַז עס גלייכט זיך אוים מיט מיר, זאָגט עס:

— ס'אי' גוט!

ווי אַ פידעלע האָט עס אויסגעשפּילט און עס ווערט פאַר־שוואונדן...

נאָר די אייגענע אויגן, דער אייגענער קול...

צוריקצואוועגס בין איך געגאַנגען איבער שפּאַלע. גיי איך אַריין צום „אַלטן"...

איך האָב אים דערקענט, ער האָט מיך דערקענט...



ז. לאַנדוי.

# איז דער הייליקער בעל־שם־טוב

איז דער הייליקער בעל־שם־טוב אין פעלד אומגעגאַנגען,
באַגינען אין פעלד אינ'ם קאַלטן געגאַנגען,
עס האָבן פון צפון געבלאָזן די ווינטן,
קאַלט און פראָסטיק האָבן געבלאָזן די ווינטן,
אַז ס'האָבן גענומען אים פרירן די גלידער.
און ס'האָט מיט פאַרפרוירענע גלידער
דער הייליקער בעל־שם־טוב געעפנט די לעפצן
און האָט אויפן קול זיך צעזונגען.
אַזוי האָבן זיינע געעפנטע לעפצן
געזונגען, געזונגען, געזונגען:
„אַז וואויל איז צו דעם, וואָס האָט זוכה געוועזן,
דיין ווינט זאָל אַמאָל אים באַרירן;
אַז וואויל איז צו מיר, וואָס כ'האָב זוכה געוועזן
פון קעלטן פון דיינע צו פרירן,
אַז וואויל איז צו מיר, און אַז וואויל איז און וואויל,
אַז וואויל איז און וואויל איז און וואויל.”
און דורשטיק די פראָסטיקע לופט אַלץ געטרונקען
און ווידער אין טיפע מחשבות פאַרזונקען.

און איינציקווייז איז אינ'ם הימל אַרויס
אַ זון אַזוי פלאַמיק און גרויס,
אַז ווי אין גיהינום געוואָרן איז הייס,
פון פנים געראונען האָט טראָפּנווייז שוויס,
און ס'האָט אינ'ם ברענענדן פעלד
קיין ווינטל צומאָל ניט געווייט.
נאָר פּלוצים זיך האָט דורכן ברענענדן פעלד
דאָס קול פון בעל־שם־טוב צעשפּרייט —
אַ לויב צום באַשעפער געזונגען:

„פאַר קעלטן און היצן, פאַר זון און פאַר רעגן,
פאַר טאָג און פאַר נאַכט, דיר אַ לויב!
פאַר אַלעם, וואָס דו שיקסט דעם מענטשן אַנטקעגן,
אַ לויב דיר, אַ לויב דיר, אַ לויב!
און וואויל איז צו מיר, וואָס איך ווער איצט פאַרברענט,
פון פייערן דיינע פאַרברענט.
און אויב איך בין זוכה, און דו האָסט באַשערט
צו פאַלן פון דורשטיקייט איצט אויף דיין ערד,
ווי וואויל איז צו מיר, און ווי וואויל איז און וואויל,
און וואויל איז און וואויל איז און וואויל."



י. י. סיגאַל.

# דורך די פענצטער

פון אַלע קליינע, נידעריקע שטיבער
ציען זיי צו דיין געצעלט, צו דיר.
איז אָפן פרי און שפּעט פאַר זיי
פון דיין געצעלט די טיר.

זיי קומען מיט באַלאָדענע געמיטער
און עפענען פאַר דיר די הערצער אויף.
דו לייגסט דיין האַנט מיט גרויס גענאָד
אַרויף אויף זייערע אַקסלען,
און קינדיש הויבן זיי צו דיר
די תמימותדיקע אויגן אויף.

דיין וואָרט איז קלאָר אַזוי און פרידלעך,
עס קוועלט און טרייסט, באַרואיקט און פאַרהיילט.
און ווי אַ פאָטער טיילט די קינדער לעקער,
אַזוי האָסטו זיי פון דיין פרייד געטיילט.

דורך דיינע פענצטער קוקסטו אויף די שטילע שטיבלעך,
און פון די אויגן דיינע שטראַלט אַ ברכה איבער זיי, —
אַ הייליקער און פרומער שיין,
ווי איבער יום־טובדיקן קידוש־ווייַן.

# משהם טויט

## א

ווען משה האָט געזען, אַז דער גזר־דין אויף אים איז שוין אָנגע־חתמעט געוואָרן, האָט ער אַרומגעצייכנט אַרום זיך אַן עיגול און אַליין געשטעלט זיך אין מיטן און געזאָגט: „איך ריר זיך נישט פון דאַנען, ביז דו וועסט די גזרה מבטל זיין". און אָנגעטאָן האָט ער זיך אין אַ זאַק און איינגעהילט זיך אין אַ זאַק און זיך געוואַלגערט אין אַש און האָט גענומען בעטן רחמים ביי גאָט ברוך־הוא, ביז דער הימל מיט דער ערד און די גאַנצע נאַטור האָבן אָנגעהויבן ציטערן און געפרעגט: „אפשר איז שוין דער ווילן פון גאָט געקומען גאָר זיין וועלט צו באַנייען?" איז אַ בת־קול אַרוים און געזאָגט: „נישט געקומען איז נאָך דער ווילן פון גאָט זיין וועלט צו באַנייען, נאָר אין זיין האַנט איז די זעל פון אַלע לעבעדיקע"... און גאָט האָט געלאָזט אויסרופן אין יעדן טויער פון יעדן הימל, משהס תפילה זאָל פאַר אים נישט אויפגענומען און געבראַכט ווערן, ווייל דער גזר־דין זיינער איז שוין אָנגעחתמעט. און ווען דאָס קול פון דער תפילה צום הימל האָט זיך געשטאַרקט, האָט גאָט גערופן און גע־זאָגט די מלאכי־השרת: געשווינד, לאָזט זיך אַראָפּ און אַלע טויערן פון יעדן הימל פאַרשליסט! ווייל משהס תפילה איז געגליכן געווען צו אַ שווערד, וואָס רייסט און שניידט און קיינער קען עס נישט אָפּשטעלן. האָט משה געזאָגט פאַר גאָט ברוך־הוא: „ריבונו־של־עולם, פאַר דיר איז אָפן און באַוואוסט מיין מי און צער, וואָס איך האָב געליטן איבער די אידן, ביז זיי האָבן אָנגעהויבן גלויבן דיין נאָמען; וויפל ליידן האָב איך צוליב זיי איבערגעטראָגן, ביז איך האָב ביי זיי פעסטגעשטעלט די תורה מיט מצוות. געמיינט האָב איך: אַזוי ווי איך האָב זייער צער און יסורים געזען, אַזוי וועל איך זוכה זיין אויך זייער נחת דערלעבן — און איצט, ווען די צייט פון נחת איז געקומען, זאָגסטו מיר: „דו וועסט נישט אַריבערגיין דעם ירדן" — מאַכסטו דאָך פאַר פאַלש דיין אייגענע תורה, וואו דו האָסט געשריבן: „אין זיין טאָג זאָלסטו אים (דעם טאָג־אַרבעטער) זיין לוין געבן". שוין־זשע איז דאָס מיין לוין פאַר אַרבעט פון פער־ציק יאָר, וואָס איך האָב זיך אַזוי באַמיט, ביז ס'איז אַ הייליק און געטריי פאָלק געוואָרן?" ענטפערט גאָט ברוך־הוא: „אַזאַ גזרה איז פון מיר אַרויס." זאָגט משה: „ריבונו־של־עולם, אויב איך

קען נישט אַריינגיין אין ארץ־ישראל לעבעדיקערהייט — ברענג מיך אַהין אַריין טויטערהייט, ווי יוספֿסביינער". ענטפֿערט גאָט: „משה, ווען יוסף איז קיין מצרים געקומען, האָט ער זיך דאָרט נישט פֿאַרפֿרעמדט, נאָר אַרויסגעזאָגט, אַז ער איז אַ איד, דו אָבער האָסט זיך אין מדין פֿאַרפֿרעמדט: ווען יתרוס טעכטער האָבן דיך פֿאַר זייער פֿאָטער מיטן נאָמען מצרי אָנגערופֿן, האָסטו געהערט און זיך נישט ווידנדיק געמאַכט". זאָגט משה ווידער: „ריבונו־של־עולם, אויב דו ווילסט מיך נישט אין ארץ־ישראל אריינברענגען, לאָז מיך זיין ווי די חיות פֿון פֿעלד, וואָס עסן גראָז און טרינקען וואַסער און זעען די וועלט — אַזוי זאָל איך אויך זיין ווי איינער פֿון זיי". זאָגט אים גאָט: „גענוג שוין!" בעט משה ווייטער: „ריבונו־של־עולם, אויב נישט, לאָז מיך זיין אויף דער וועלט ווי דאָס פֿויגעלע, וואָס פֿליט אין אַלע פֿיר עקן וועלט און קלייבט זיך שפּייז אַלע טאָג און קומט צוריק פֿאַרנאַכט אין זיין נעסט". „גענוג שוין!" — ענטפֿערט גאָט.

האָבן די זון מיט דער לבנה זיך אויפֿגעהויבן פֿונ׳ם ערשטן הימל אינ׳ם דריטן, אין זבול, און געזאָגט פֿאַר גאָט ברוך־הוא: „ריבונו־של־עולם, אויב דו וועסט טאָן אַ גערעכטן משפּט עמרמס זון, וועלן מיר ווידער לייכטן פֿאַר דער וועלט, אויב נישט — וועלן מיר אויפֿהערן צו לייכטן". האָט גאָט אויף זיי געוואָרפֿן פֿייערדיקע פֿיילן און זיי געזאָגט: „יעדן טאָג בוקן זיך צו אייך מענטשן, און איר האָט נישט אויפֿגעהערט צו לייכטן — פֿאַר מיין כבוד אָרט אייך ניט, איצט פֿאַרן כבוד פֿון אַ בשר־ודם ווילט איר זיך אַזוי שטאַרק אָננעמען!"

ב

אַז משה האָט געזען, דאָס מען וויל זיך אויף אים נישט אומקוקן, האָט ער זיך געלאָזט גיין צו הימל און ערד און זיי געזאָגט: „בעט פֿאַר מיר רחמים!" זאָגן זיי אים: „איידער פֿאַר דיר דאַרפֿן מיר גאָר פֿאַר זיך בעטן, מיר זיינען אויך נישט קיין אייביקע. אויף אונז איז געזאָגט געוואָרן: „דער הימל וועט ווי רויך צעגיין, או די ערד — ווי אַ קלייד צעפֿאַלן!"

איז ער געגאַנגען צו די שטערן און מזלות און זיי געזאָגט: „בעט פֿאַר מיר רחמים". ענטפֿערן זיי אים: איידער פֿאַר דיר דאַרפֿן מיר גאָר פֿאַר זיך בעטן, דען אויף אונז איז געזאָגט געוואָרן: „עס וועלן צעברעקלט ווערן אַלע הערשאַפֿטן פֿון הימל".

איז ער געגאַנגען צו די הויכע בערג און זיי געזאָגט: „בעט

פאַר מיר רחמים". ענטפערן זיי אים: „איידער פאַר דיר דאַרפֿן מיר גאָר פאַר זיך בעטן, דען אויף אונז איז געזאָגט געוואָרן: „די בערג וועלן זיך איינלייגן און די היגלען וועלן צעפאַלן ווערן".

איז ער געקומען צום ים און אים געזאָגט: „בעט פאַר מיר רחמים". זאָגט אים דער ים: „עמרמס זון! וואָס איז היינטי־קער טאָג אַנדערש פון אַלע? דו ביסט דאָך דער זעלבער, וואָס ביסט צו מיר מיט דיין שטעקן געקומען און מיך געשלאָגן און אויף צוועלף שטיקער צעטיילט, און איך האָב נישט געקענט געגן דיר ביישטיין — און איצט, וואָס איז מיט דיר אַזוינס געוואָרן?

אַז דער ים האָט משהן דערמאָנט, וואָס ער האָט אין זיינע אינגערע יאָרן אויפגעטאָן, האָט ער גענומען שרייען און געזאָגט: „וואו נעמט מען ווידער די אַמאָליקע יאָרן! ווען איך בין פאַר דיר געשטאַנען, בין איך אַ מלך אויף דער וועלט געווען, איצט אָבער פאַל איך אויף דער ערד בעטנדיק רחמים — און קיינער וויל זיך אויף מיר נישט אומקוקן".

באַלד איז ער אַוועק צו מטטרון שר־הפנים און אים געזאָגט: „בעט פאַר מיר רחמים, איך זאָל פון דער וועלט נישט גיין". זאָגט ער אים: „משה, מיין רבי! אומזיסט איז דיין מי! אַזוי האָב איך געהערט פון הינטער דעם פאָרהאַנג, אַז דיין תפילה וועגן דעם וועט נישט אָנגענומען ווערן".

האָט משה אַרויפגעלייגט די הענט אויפן קאָפּ און געשריען און געוויינט: צו וועמען זאָל איך איצט גיין בעטן רחמים?" און גאָט ברוך־הוא איז געוואָרן שטאַרק אין צאָרן אויף אים, ביז משה האָט אויסגעשריען:

„גאָט, גאָט, דערבאַרימדיקער גאָט און לייטזעליקער".

איז דער רוח־הקודש באַלד באַרויקט געוואָרן. זאָגט גאָט צו משהן: „משה, צוויי שבועות האָב איך געשוואוירן, איינע וועגן די אידן, אומצוברעננגען זיי פון דער וועלט, — ווען זיי האָבן יענע מעשה אָפּגעטאָן, און איינע וועגן דיר, אַז דו זאָלסט שטאַרבן און אין לאַנד ניט אַריינגיין. יענע שבועה וועגן אידן האָב איך צוליב דיר מבטל געווען, ווייל דו האָסט פאַר זיי געבעטן, און איצט בעטסטו ווידער, איך זאָל אויך די צווייטע שבועה ברעכן און טאָן דיין פאַרלאַנג. דו ווילסט ציען דעם שטריק פאַר ביידע עקן — איינע פון די ביידע שבועות מוז פעסט בלייבן, קלייב זיך אויס!"

ווי משה האָט דאָס דערהערט, זאָגט ער: „ריבונו־של־עולם, לאָז פאַרלוירן גיין משה און טויזנט זיין גלייכן — און קיין נאָגל פון איינעם פון פאָלק ישראל זאָל נישט ווערן געקרימט!"

און משה זאָגט ווידער פאַר גאָט: „ריבונו-של-עולם, די פּיס וואָס האָבן זוכה געווען אויפֿן הימל אַרויפֿגיין, און דאָס פּנים, וואָס האָט די שכינה מקבל-פּנים געווען — זאָלן זיך אין ערד וואַל-גערן?" זאָגט אים גאָט: „אַזוי האָב איך באַשלאָסן, און אַזוי פֿירט זיך אויף דער וועלט: יעדער דור האָט זיינע פֿאַרשטייער, זיינע מנהיגים. ביז איצט איז דיין צייט געווען, איצט איז די צייט פֿאַר דיין תּלמיד געקומען". זאָגט משה: ריבונו-של-עולם, אויב צוליב יהושוע גיי איך פֿון דער וועלט, וועל איך גיין ביי אים אַ תּלמיד זיין". זאָגט אים גאָט: „אויב דו ווילסט — גיי".

## ג

איז משה אויפֿגעשטאַנען און גאַנץ פֿרי צו יהושועס הויז אַוועק-געגאַנגען. און יהושוע איז געזעסן און געלערנט. האָט משה זיך אַנידערגעשטעלט איינגעבויגן, די האַנט אויפֿן האַרצן אַרויפֿגעלייגט. נאָר די אויגן פֿון יהושוע זיינען געווען ווי פֿאַרשטעלט און ער האָט אים נישט געזען, כּדי משה זאָל דערפֿון צער האָבן און זאָל זיין גרייט זיך צום טויט איבערצוגעבן.

און די אידן זיינען געגאַנגען אין משהס געצעלט תּורה צו לערנען, פֿרעגן זיי: „משה רבנו וואו איז?" ענטפֿערט מען זיי: „גאַנץ פֿרי נאָך איז ער אין יהושועס הויז אַוועקגעגאַנגען." קומען זיי צו יהושועס טיר און זעען, ווי יהושוע זיצט און משה שטייט. פֿרעגן זיי יהושוען: „וואָס איז מיט דיר געוואָרן — משה רבנו שטייט און דו זיצסט!" און אַז יהושוע האָט די אויגן זיינע אויפֿ-געהויבן און אים דערזען, האָט ער געשווינד זיינע קליידער צע-ריסן און אָנגעהויבן וויינען און שרייען: „רבי מיינער, רבי! פֿאָטער מיינער, פֿאָטער!"...

זאָגן די אידן צו משהן: „משה רבנו! לערן אונז תּורה." ענטפֿערט ער: „איך האָב אויף דעם קיין רשות נישט." זאָגן זיי אים ווידער: „מיר ווילן דיך נישט אָפּלאָזן". לאָזט זיך הערן פֿון הימל אַ בת-קול: „לערנט ביי יהושוען" — און זיי האָבן אויף זיך מקבל געווען צו זיצן און לערנען תּורה ביי יהושוען.

איז יהושוע געזעסן אויבנאָן, משה — רעכטס און אהרנס קינ-דער — לינקס, און יהושוע האָט געלערנט פֿאַר משהן. און ס'איז פֿון משהן אָפּגענומען געוואָרן דער אוצר פֿון חכמה און צו יהושוען אַוועקגעגעבן געוואָרן.

דערנאָך האָבן זיי זיך געלאָזט גיין, און משה איז געגאַנגען

אין דער לינקער זייט פון יהושוען. זיינען זיי בײדע אריינגע־גאנגען אין אוהל־מועד, האט זיך אראפּגעלאָזט אַ וואָלקן־זייל און צווישן זיי בײדע אָפּגעטײלט. און אַז דער וואָלקן־זייל איז אַוועק — פרעגט משה: „יהושוע, וואָס האָט מיט דיר גאָט גערעדט?״ ענטפערט אים יהושוע: „ווען צו דיר פלעגט זיך גאָט באַווייזן, האָב איך אַמאָל געוואוסט, וואָס אַזוינס ער רעדט מיט דיר?״ דאמאָלסט האָט משה אויסגעשריען: „הונדערט מאָל שטאַרבן און ניט איין מאָל מקנא זיין! הער פון אַלע וועלטן, ביז איצט האָב איך לעבן געבעטן, איצט אָבער איז מיין נשמה דיר אָפּגעגעבן.״

ווען ביי משהן איז רעכט געבליבן צו שטאַרבן האָט גאָט ברוך־הוא גענומען באַדויערן: „ווער וועט זיך פאַר אידן אַרויסשטעלן אין דער צייט פון מיין צאָרן? און ווער וועט ביי מיר בעטן רחמים אין דער צייט וואָס זיי וועלן פאַר מיר זינדיקן?״

ד

האָט זיך אַ בת־קול געלאָזט הערן: „די שעה איז געקומען, וואָס דו מוזט פון דער וועלט גיין״. זאָגט משה: „געדענק מיר יענעם טאָג, וואָס דו האָסט זיך מיר דאָרט ביים סנה באַוויזן! געדענק מיר יענע צייט, וואָס איך בין אויפן באַרג סיני פערציק טעג און פערציק נעכט געשטאַנען! איך בעט דיך, אין די הענט פון׳ם מלאך־המות זאָלסטו מיך ניט איבערגעבן!״

לאָזט זיך ווידער א בת־קול הערן: „ניט שרעק זיך, איך אַליין וועל זיך מיט דיר און מיט דיין קבורה אָפּגעבן״.

זאָגט משה:

— וואַרט מיר ביז איך וועל בענטשן די אידן, וואָס האָבן אַלע מיינע יאָרן פון מיר קיין נחת ניט געהאַט, צוליב דעם וואָס נישט אויפגעהערט האָב איך זיי צו וואָרענען און צו שטראָפן.

האָט משה אָנגעהויבן יעדן שבט באַזונדער צו בענטשן. אַז ער האָט אָבער געזען, אַז די צייט איז קורץ, האָט ער זיי אַלע אין איין ברכה פאַראייניקט, און צום פאָלק ישראל אַזוי געזאָגט: „פיל האָב איך אייך מצער געווען צוליב דער תורה און די מצוות, איצט זייט מיר מוחל״! זאָגן זיי אים: „אונזער רבי און אונזער האַר! אַלעם זיינען מיר דיר מוחל״ און די אידן זיינען אויך פאַר אים געשטאַנען און געזאָגט: „פיל האָבן מיר דיך דערצאָרנט און פיל מי האָבן מיר אויף דיר אַרויפגעלייגט, — זיי דו אונז מוחל!״

לאָזט זיך הערן אַ בת־קול: „די רגע איז געקומען, וואָס דו

מוזט פון דער וועלט גיין.״ זאָגט ער: „געבענטשט איז דער נאָמען פון דעם, וואָס לעבט אייביק!״ און צו די אידן ווענדט ער זיך: „איך בעט אייך, ווען איר וועט אין דעם לאַנד קומען, זאָלט איר מיך און דיביינער מיינע געדענקען און זאָגן: „ווי צו עמרמס זון, וואָס איז ווי אַ פערד פאַר אונז געלאָפן, און זיינע ביינער זיינען אין דער מדבר געפאַלן.״

לאָזט זיך ווידער אַ בת־קול הערן: „די האַלבע רגע איז געקומען, וואָס דו מוזט פון דער וועלט גיין.״ האָט ער זיינע צוויי אָרעמס גענומען און זיי אויפן האַרצן געלייגט און צו די אידן געזאָגט: „אָט זעט דעם סוף פון אַ בשר־ודם״...

נאָכדעם איז משה אויפגעשטאַנען און זיך ווי אַ מלאך געהייליקט. און גאָט ברוך־הוא איז פון די הויכע הימלען אַראָפּגעגאַנגען צו נעמען די נשמה פון משה, און דריי מלאכים זיינען מיט אים געקומען: מיכאל, גבריאל און זגזגיאל. מיכאל האָט משהס מיטה אויסגעבעט, גבריאל האָט אַ ליינען־קלייד פאַרשפּרייט צוקאָפּנס, און זגזגיאל — צופוסנס. און געשטאַנען איז מיכאל פון איין זייט און גבריאל פון דער אַנדערער זייט. זאָגט גאָט צו משהן: „משה, פאַרמאַך די אויגן!״ — פאַרמאַכט ער. — „לייג די הענט דיינע אויף דער ברוסט!״ — לייגט ער. — „נעם צונויף די פיס!״ — נעמט ער צונויף.

און גאָט ברוך־הוא האָט צו דער נשמה פון משהן גערופן און אַזוי געזאָגט: „טאָכטער מיינע, הונדערט צוואַנציק יאָר האָב איך דיך אין משהס גוף געשטעלט, איצט איז דיין סוף געקומען אַרויסצוגיין. גיי, נישט פאַרזוים!״

ענטפערט זי אים: „ריבונו של עולם, ווייסן ווייס איך, אַז דו ביסט דער גאָט פון אַלע גייסטער און דער הער פון אַלע נשמות; דו האָסט מיך באַשאַפן און דו האָסט מיך אין משהס גוף אַריינגעגעבן אויף הונדערט צוואַנציק יאָר. געפינט זיך דען אויף דער וועלט אַ מער ריינער גוף פאַר משהס? ליב האָב איך אים און וועל פון אים נישט אַרויסגיין!״ זאָגט איר גאָט: „גיי אַרויס און איך וועל דיך אין די הויכע הימלען אַרויפנעמען און אונטער מיין כסא־הכבוד זעצן לעבן די כרובים און שרפים״.

און גאָט ברוך־הוא האָט משהן אַ קוש געגעבן און מיטן קוש זיין נשמה גענומען.

(פון „די אידישע אגדות״).



א. ליעסין.

# שבועות

איך האָב אין סיון ברייט די פענצטער אויפגעמאכט,
אין ווייסער, אויפגעוועקטער, אויפגערעגטער נאַכט!

און לאַנג־פאַרשוואונדענעם ווייט יום־טובדיק אַריין,
צעגליט זיך ליב און שטיל מיט לאַנג־פאַרגליטן שיין.

אַ ווייס־פארוויטע וועלט האָט ווידער אויפגעגליט;
זי ציטערט, ווי אַן אָפּשטראַל, צאַרט אין מיין געמיט.

אָט שמעקט מיר וואַרעם־ברוין פון גלחס סאָד דער מאַי,
אָט טרעלט אַ פויגל־ליד אין שול־פענצטער דערביי.

עס טוט דער דופטנדער און טרעלנדער פאַרטאָג
מיט שבועות־שטימונגען, ווי בליטן, ווייט אַ טראָג —

מיט וואַכעניש פאַרחלומט ביי דעם תיקון פרום,
מיט הימלען אויפגעשפאָלטן אין געהיימניש שטום.

און מיט אַקדמות־ניגון און מגילת רות,
און מיט דער מאַמעס קאַווע און דער מאַמעס קוש.

איך זיץ אַ שלאָפלאָזער, באַרוישט, אַנטציקט און שטום,
און שוועב אין זעאונגען אין וואונדערלעכע אום.

איך זע די ווייסע נאַכט אין ווייסן מדבר־טאָל,
עס ציען זיך געצעלטן ווייסע אָן אַ צאָל.

און איבער זיי דערהויבט זיך דער באַרג סיני שטיל —
אַ גרינער, ווי די גרין־גראָז, וואָס באַדעקט דעם דיל.

איך זע געהייליקטע, ששים רבוא שטאַרק,
זיי שטומען אין דערוואַרטונג פאַרן גרינעם באַרג.

אָט קומט אין וואָלקן שוואַרץ דער מאָרגן פון דער הויך,
אָט צינדט זיך אָן דער באַרג און ציטערט אין דעם רויך.

איך הער דעם דונער־קראַך, איך זע דעם באַרג אין בליץ,
מען בלאָזט אין גרויסן שופר אויפן העכסטן שפּיץ.

און פורכטבאַר דורכן פלאַם לאָזט הערן גאָט זיין שטים,
דאָך פיל איך טיפן גליק, איך שרעק זיך ניט פאַר אים.

איך ווייס, עס קומט דער טאָג אין יום־טובדיקער פרייד,
באַלד הילט זיך גאָט אין ליכט, אַזוי ווי אין אַ קלייד.

ווי זינגט אין מיר און טרעלט, ווי לויכט אין מיר און העלט!
ווי ליב איך גאָט דעם גוטן און זיין גוטע וועלט!

דעם גרעסטן פון די מענטשן זע איך קומען באַלד,
ער גייט אַרויס פון וואָלקן און זיין פּנים שטראַלט.

ער קומט פון פינצטערניש, די לוחות אויף די הענט,
און אויפן וואונדער־פּנים שיינט אַ זון און בלענדט.

איך זע זיין פּנים־זון אין חלום אויפן וואָר,
זי שיינט אין הימל־הויך פערטהאלבן טויזנט יאָר.

אָט גייט זי אויף אין יום־טוב, בלענדט אַזוי און גליט,
אָט גייט זי אויף אין האַרצן, מילד אַזוי און גוט.

זי שיינט אין מאַמעס שמייכל און אין טאַטנס בליק,
און אויפן טיש אין מאָלצייט, פול געטאָד און גליק.

דו שרעקסט מיך ניט, אָ, פּנים־זון, אָ, קנעכט פון גאָט!
איך ליב דיך, ליב דיך, משה, דיך און דיין געבאָט.

איך ליב דיין תורה, משה, ליכט און ריינקייט,
דעם טאַטן און די מאַמען, אַלע גוטע לייט.

איך ליב דיין יום־טוב, משה, וואו דיין פּנים העלט —
די ווייסע נאַכט, די רויטע זון, די גאַנצע וועלט.



ש. אַש.

# אַ מאַמע

1.

די טיר האָט זיך געעפנט, און יצחקל איז אַריינגעקומען.

יצחקל איז אַ אינגל פון אַ יאָר פערצן, הויך און דאַר, זיין ווייס פּנים שיינט ברוגזדיק אַרויס פון דעם שוואַרצן קאַפּאָטקעלע און פון דעם שוואַרצן היטל.

— גוטנ'אָוונט! — האָט ער שטיל געזאָגט.

די מוטער האָט אים אָפּגעטראָטן איר אָרט. אין האַרץ האָט זי געפילט, אַז זי דאַרף פאַר איר קינד דרך־ארץ האָבן, ניט ווייסנדיק אַליין פאַרוואָס.

ער האָט זיך אַנידערגעזעצט און אַרויסגענומען פון דעם ספרים־שאַפקעלע אַ ספר און אַריינגעקוקט.

די מוטער האָט אַרויסגעדרייט דאָס קנויטל פון לעמפל, אויסגעווישט מיט דעם פאַרטוך דאָס גלעזל און דאָס לעמפל צו אים נענטער צוגערוקט.

— וועסט טרינקען אַ גלאָז טיי, יצחקל? — פרעגט אים די מוטער אין דער שטיל, וועלנדיק איר קינד מיט עפּעס דינען.

— ניין, איך האָב ערשט געטרונקען.

— אפשר אַן עפּעלע?

ער האָט געשוויגן.

די מוטער האָט ריין געמאַכט אַ טעלערל, אַרויפגעלייגט אַ פּאָר עפּעלעך מיט אַ מעסער און אַנידערגעשטעלט אויף דעם טיש לעבן אים.

ער האָט זיך בנעימותדיק, ווי אַ גרויסער, אָפּגעשיילט אַן עפּעלע, הויך אַ ברכה געמאַכט און געגעסן.

ווען יצחקל האָט געגעסן דאָס עפּעלע, האָט טויבע זיך צו אים מער מאַמעדיק געפילט און זי האָט זיך נענטער צוגערוקט צו אים.

און אָפּשיילנדיק בנעימותדיק דאָס צווייטע עפּעלע, האָט יצחקל נאָך ליבלעכער גערעדט:

— איך האָב היינט מיט דעם דיין געשמועסט וועגן דער נסיעה. דאָ אין היגן בית־המדרש איז נישטאָ וואָס צו טאָן; נישטאָ דאָ ביי וועמען צו לערנען, און וואו צו לערנען. ער האָט מיר אַן עצה געגעבן נאָך מאַקעווע אין דער ישיבה צו פאָרן. ער וועט מיר מיטגעבן אַ בריוו צו רב חיים דעם ראש־הישיבה, ער זאָל מיך מקרב זיין.

טויבע, הערנדיק אַז איר יצחקל וויל זי איבערלאָזן, איז שטאַרק דערשראָקן געוואָרן, נאָר די ווערטער „דיין", „ראש הישיבה", „מקרב זיין" — די הויכע לשון־קודש ווערטער, וואָס זי האָט ניט פאַרשטאַנען, האָבן געוואָרפן אויף איר עפּעס אַן אימה און זי האָט געפילט, אַז זי דאַרף דרך־ארץ האָבן... באַלד האָבן זי די ווערטער באַרואיקט: יצחקל האַלט זיך מיט איר אַן עצה, מיט איר, זיין מאַמע...

— מילא, אַז דער דיין הייסט, — האָט זי אָפּגעענטפערט מיט אַ פרומער מינע.

— יאָ, — זאָגט ווייטער יצחקל — דאָרט לערנט מען „שעור" מיט אַלע מפרשים. רב חיים, דער מחבר פון „אור תורה", איז אַ למדן מופלג, דאָרט קען מען אויסוואַקסן אַ לייט.

די ווערטער האָבן זי אינגאַנצן באַרואיקט, זי האָט זיך געפילט עפּעס גליקלעך, עפּעס דערהויבן. דאָס איז איר קינד — זי איז די מאַמע פון אַזאַ קינד, און ווען ניט זי, וואָלט דאָך יצחקל ניט געווען... נאָר דאָס הארץ האָט איר געריסן, און זי איז טרויעריק געוואָרן...

דערנאָך האָט זיך זיך דערמאָנט אָן איר מאַן און איז אַרויס מיט אַ געוויין:

— וואָלט ער כאָטש געלעבט, וואָלט ער כאָטש דעם נחת דערלעבט, — האָט זי געזיפצט.

יצחקל האָט אין ספר אַריינגעקוקט.

דאָס וואָס יצחקל קלייבט זיך אָוועקפאָרן האָט זי ביינאַכט ניט געלאָזט שלאָפן, דאָס הארץ האָט איר געריסן.

און ביינאַכט, ליגנדיק אויף איר געלעגער, האָט זיך איר געחלומט, ווי עפּעס גרויסע רבנים מיט טיפע שטריימלעך און לאַנגע פאות קומען אָן און נעמען פון איר איר יצחקל אַוועק. איר יצחקל טראָגט אויך אַ שטריימל מיט לאַנגע פאות און האַלט אַ גראָבן ספר אין האַנט און ער גייט ווייט

אוועק מיט די רבנים. זי שטייט און קוקט נאָך און זי ווייסט אַליין ניט, אויב זי זאָל זיך פרייען, אָדער וויינען גאָר...

אינדערפרי האָט זי זיך שפּעט אויפגעכאַפּט, יצחקל איז שוין ניט געוועזן. זי האָט אויף גיך די קינדער אָפּגעפּאַרטיקט און געאיילט זיך אין מאַרק אַריין, און זיצנדיק ביי איר שטעל, האָט זי זיך פאַרקלערט, און עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי זיצט ביי איר זון; ער איז אַ רב אין אַ גרויסער שטאָט. אָט זיצט ער אָנגעטאָן אין שיך און זאָקן, אַ גרויס שטריימל אויף דעם קאָפּ, און האַלט אַ גרויסן ספר אין דער האַנט און קוקט אַריין. זי זיצט ביי זיין רעכטער האַנט און שטריקט אַ זאָק. די טיר עפנט זיך, עס קומט אַריין יענטע מיט אַ טעלערל אין דער האַנט פרעגן איר זון אַ שאלה.

אַ קונה האָט זי אויפגעוועקט פון אירע זיסע געדאַנקען.

גאַנצע נעכט איז טויבע געזעסן ביי דעם טישל און, ביי דעם שיין פון דעם קליינעם פאַררויכערטן לעמפּל, האָט זי צורעכט געמאַכט די העמדער פאַר יצחקלען אין וועג אַריין; ביי יעדן שטאָך האָט זי געקלערט, אַז זי נייט עס פאַר יצחקלען; ער וועט אַוועקפאָרן אין דער ישיבה אַריין, זיצן און לערנען און אַלע פרייטיק אָנטאָן אַ העמד, וואָס די מאַמע האָט פאַר אים צורעכט געמאַכט.

יצחקל איז שטענדיק געזעסן אויף דער צווייטער זייט טיש און האָט אין אַ ספרל אַריינגעקוקט. די מוטער האָט אים געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר זי האָט נישט געוואוסט וואָס...

---

טויבע מיט יצחקלען זיינען פאַרטאָג אויפגעשטאַנען.

יצחקל האָט געקושט די ברידערלעך אין שלאָף. די פאַרשלאָפענע שוועסטערלעך האָט ער געזאָגט בלויז: „בלייבט געזונט!“. איין שוועסטערל, גאָלדע, האָט זיך אויפגעכאַפּט און אָנגעהויבן צו וויינען, אַז זי וויל אויך מיטגיין באַגלייטן דעם ברודער. די מוטער האָט זי אין דער שטיל איינגענומען, זי האָט גענומען יצחקלס קעסטל, און זיי זיינען ביידע פון דער שטוב אַרויס.

די גאַס איז נאָך געשלאָפן, די לאָדן זיינען נאָך געוועזן פאַרמאַכט. פון אונטער דעם שפּיץ פון דער קירכע האָט דער מאָרגנשטערן אַפּירגעשיינט און קאַלט באַגילדעט די קאַלטע פרימאָרגנדיקע ראָסע, וואָס איז געלעגן איבער די דעכער; און איבער דעם שטעטל און גאַס האָט גערוט

א שטילקייט. — נאָר אין מיטן מאַרק איז אַ פֿויערשע פֿור געשטאַנען מיט אויבס, אַרום דער פֿור — ווייבער, און פֿון דער ווייטנס האָט זיך דער־הערט יענטעס קול:

— פֿינף גילדן מיט צען גראָשן, דאָס גאַנצע אויבס נעם איך. — און טויבע, נאָכטראַגנדיק יצחקלען דאָס קעסטל, איז דורכגעגאַנגען דעם מאַרק, און דערזעענדיק יענטען, האָט זי אויף איר געקוקט מיט שטאָלץ...

זיי זיינען אַרוים הינטער דעם שטעטל, אויף דעם וועג, און אָפּגעוואַרט אַ געלעגנהייט נאָך לענטשיץ, פֿון דאָרט זאָל יצחקל ווייטער פֿאָרן נאָך קוטנע.

דער הימל איז געווען גרוי און קאַלט. דאָרט ווייט האָט ער זיך אויס־געמישט מיט דעם רויכערדיקן טוי־וואָלקן, וואָס האָט פֿון די פֿעלדער אויפֿן הימל אויפֿגעשטייגט, אָדער פֿון הימל אויף די פֿעלדער אַראָפּגעני־דערט, און האָבן זיך איינאיינעם צוזאַמענגעגאָסן. און דער וועג האָט שטיל שווייגנד ווייט זיך אַוועקגעצויגן.

זיי האָבן זיך ביידע ביים שלאָבן אַנידערגעשטעלט און געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט.

די מוטער האָט אַרויסגעקראַצט אַ פּאָר פּערציקערס פֿון דער קעשענע און אים איינגעבונדן אין העמד, אויפֿן האַרצן.

באַלד איז אַ פֿור דורכגעפֿאָרן פֿול מיט פֿאַרשוינען. זי האָט פֿאַר יצחקלען אויסגעדונגען אַן אָרט פֿאַר פֿערציק גראָשן און האָט דאָס קעסטל אויף דעם וואָגן אַרויפֿגעלייגט.

— פֿאָר געזונטערהייט! פֿאַרגעס ניט אָן דער מאַמען! — האָט זי וויינענדיק אויסגערעדט.

יצחקל האָט געשוויגן.

זי האָט געוואָלט איר קינד קושן, נאָר זי האָט געוואוסט, אַז דאָס פּאַסט נישט פֿאַר אַ דערוואַקסן אינגל און האָט זיך איינגעהאַלטן.

יצחקל איז אַרויף אויף דער פֿור. די פּאַסאַזשירן האָבן פֿאַר אים צווישן זיך אַן אָרט געמאַכט.

— בלייב געזונט, מאַמע! — האָט ער געזאָגט, ווען די פֿור האָט זיך פֿון אָרט גערירט.

— פֿאָר געזונטערהייט, מיין קינד, און לערן דאָרט און פֿאַרגעס ניט אָן דער מאַמען! — האָט טויבע דער פֿור נאָכגעשריען.

די פֿור האָט זיך וואָס אַמאָל אַלץ מער דערווייטערט אַרויף אויף דעם באַרג, וואָס האָט זיך געזען פֿון דער ווייטנס.

טויבע איז נאָך אַליין געשטאַנען און נאָכגעקוקט דער פור. ווען די פור איז פון דער ווייטן אין קאַרזש פאַרלוירן געוואָרן, האָט זיך טויבע אומגעדרייט און צוריק אין דער שטאָט אַריין.

זי האָט אָנגעלייגט דעם וועג, כדי עס זאָל איר אויסקומען פאַרבייגיין דעם בית־עולם. ניט קיין הויכער פּאַרקאַן פון ברעטער האָט דעם בית־עולם אַרומגערינגלט, און די מצבות האָבן זיך אַרויסגעוויזן און געקוקט אין הימל אַריין.

זי איז צוגעגאַנגען און אַרויפגעקלעטערט אַביסל אויף דעם פּאַרקאַן און האָט אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ אין „פעלד" אַריין, און זי האָט צווישן די מצבות עפּעס מיט די אויגן געזוכט, און אַז זי האָט דערזען אַ באַקאַנטע קליינע מצבה, האָט זי מיט דעם קאָפּ אַהין געשאָקלט:

— ברוך, ברוך! דיין זון יצחקל איז אין דער ישיבה געפאָרן תורה לערנען.

באַלד אָבער האָט זי זיך דערמאָנט אָן דעם מאַרק: יענטע האָט אוודאי דאָס גאַנצע אויבס אָפּגעקויפט! פאַר איר וועט גאָרניט איבער־בלייבן, — און זי האָט זיך אין שטאָט געאיילט.

זי איז גיכער געגאַנגען און איז זייער צופרידן מיט זיך געווען. עפּעס האָט זי געפילט, אַז זי האָט אַ גרויסע זאַך געטאָן, און טראַכטנדיק דאָס, האָט זי פאַרגעסן אָן דעם עגמת־נפש פון דעם, וואָס יענטע האָט דאָס גאַנצע אויבס אָפּגעקויפט.

---

אין צוויי וואָכן אַרום האָט זי פון יצחקלען אַ בריוועלע דערהאַלטן. אַליין לעזן קען זי ניט, איז זי אַוועקגעגאַנגען מיט דעם בריוול צו רב יוחנן מלמד, ער זאָל עס איר איבערלייענען.

ר' יוחנן האָט די ברילן אָנגעטאָן, גוט אָפּגעהוסט און האָט אָנגעהויבן פון בריוול אַרויסצולעזן:

„לאמי אהובתי הצנועה..."

— וואָס איז דער טייטש? — האָט טויבע געפרעגט.

— אַ טיטל איז דאָס צו דער מוטער, — זאָגט רב יוחנן און לייענט ווייטער.

טויבעס געזיכט איז ליכטיקער געוואָרן. זי האָט גענומען איר פאַרטוך צו די אויגן און אָנגעהויבן וויינען.

ר' יוחנן האָט דאָס באַמערקט און געלייענט ווייטער לשון־קודש ווערטער.

— וואָס איז דער טייטש? דער טייטש? — פרעגט אַלץ די אידענע.

— גאָרנישט, ניט פאַר אייך, איר וועט עס ניט פאַרשטיין, עס איז א פשטל.

זי האָט געשוויגן, די לשון־קודשדיקע ווערטער האָבן אויף איר א שרעק געוואָרפן, און זי האָט מיט דרך־ארץ אויסגעהערט.

„איך גריס אמי אהובתי, מיט אחותי, און שרהן און גאָלדען און יעקב, לאָז ער זיך גוט לערנען, איך האָב אַלע טעג... און שלאָף ביי רב חיימען" — האָט פּלוצלונג רב יוחנן געלייענט.



ישיבה הירשנבערג

טויבע האָט זיך געלאָזט באַגניגענען מיט די פּאָר ווערטער. זי האָט צוגענומען דעם בריוו, אים געלייגט אין קעשענע אריין און געגאַנגען מיט גרויס פרייד אין מאַרק אריין.

„אויף דער נאַכט, — האָט זי זיך געטראַכט — וועל איך ארונטער צום דיין, לאָז ער לעזן דאָס בריוול."

אויף דער נאַכט, ווען זי איז אַהיים געקומען, האָט זי אויף גיך מיטאָג אָפּגעקאָכט, געגעבן די קינדער עסן און געלאָפן צום דיין מיטן בריוול.

זי איז אין שטוב אריין. לאַנגע פּאָליצעס מיט ספרים באַדעקן די ווענט, און אַ איד מיט אַ ווייסער באָרד זיצט אויבן אָן, און קוקט אין א ספר אריין.

— וואָס, אַ שאלה? — פרעגט דער דיין פון דער ווייטן.

— ניין.

— וואָס דען?

— אַ בריוול פון מיין יצחקלען.

דער דיין האָט זיך אויפגעהויבן, צוגעגאַנגען, זי אָנגעקוקט, האָט צוגענומען פון איר דאָס בריוול, האָט אָנגעהויבן לייענען, אין דער שטיל, פאַר זיך.

— וואויל, אויסגעצייכנט, גוט... דער קליינער פאַרשטייט... — רעדט דער דיין צו זיך.

טויבען גיסן זיך טרערן פון די אויגן.

— וואָלט ער כאָטש געלעבט! וואָלט ער כאָטש געלעבט!

— שחיטת חוץ... רמב"ם... תוספות איז גערעכט... — רעדט דער דיין ווייטער צו זיך.

„איר יצחקל, — טויבע דער מאַרק-אידענעס אַ אינגל", — טראַכט זי מיט שטאָלץ.

— נאַט אייך דאָס בריוול, — זאָגט דער דיין צום סוף — איך האָב עס שוין דורכגעלעזן.

— נו, וואָס? — פרעגט די אידענע.

— וואָס ווילט איר דען?

— וואָס שטייט אין בריוול? — פרעגט די אידענע אין דער שטיל.

— עס איז ניט פאַר אייך, איר וועט עס ניט פאַרשטיין, — זאָגט דער דיין מיט אַ שמייכל.

---

יצחקל שרייבט אַהיים בריוועלעך. וואָס אַמאָל ווערן די אידישע ווערטער ווייניקער; די לשון-קודש ווערטער מער, אַמאָל נאָך אַ גרוס צו דער מאַמען — און זי קומט צו ר' יוחנן; ר' יוחנן לייענט איר דורך די אידישע ווערטער און זי לאָזט זיך דערמיט באַגניגענען. „לשון-קודש ווערטער זיינען פאַר דעם דיין", — טראַכט זי זיך.

אַמאָל קריגט זי אַ בריוול פון יצחקלען.

זי גייט אריין צו ר' יוחנן, ער זאָל עם דורכלייענען.

ר' יוחנן לייענט עם דורך.

— גאָר נישטאָ צו אייך, — זאָגט ער.

— ווי הייסט?

— גאָרנישט, — ענטפערט ער אָפּ קורץ.

— לייענט־זשע מיר כאָטש דאָס, וואָס איז דאָ.

— עס איז דאָך לשון־קודש, תורה, איר וועט דאָך ניט פאַרשטיין.

— וועל איך ניט פאַרשטיין.

— גייט אייך געזונטערהייט און פאַרדרייט מיר ניט דעם קאָפּ.

טויבע איז אַרויס מיט דעם געדאַנק אויף דער נאַכט צו גיין צום דיין.

— רבי, זייט מוחל, פאַרטייטשט מיר דעם בריוו אויף אידיש, — זאָגט זי צום דיין, אים דעם בריוו איבערגעבנדיק.

דער דיין נעמט דעם בריוו און לייענט אים איבער.

— גאָר נישטאָ פאַר אייך! — זאָגט ער איר.

— רבי, — זאָגט טויבע פאַרשעמט — פאַרטייטשט מיר, זייט מוחל, דאָס לשון־קודשדיקע. — שמייכלט דער דיין.

— נו, וועל איך ניט פאַרשטיין, — זאָגט די אידענע — עס איז דאָך מיין קינדס תורה, מיין קינדס.

דער דיין האָט עפּעס געקלערט און אָנגעהויבן לייענען הויך.

„שחיטת חוץ שנתערבה בקודש... רמב"ם בהלכות... מ"א..."

באַלד אָבער קוקט ער אויף דער אידענע און דערמאָנט זיך אָן עפּעס: ער זאָגט גאָר תורה פאַר אַן אידענע.

— נאָט אייך דעם בריוו, עס איז גאָר נישטאָ פאַר אייך, — האָט ער געזאָגט רחמנותדיק און צוריק זיך געזעצט אויף זיין אָרט.

— עס איז דאָך מיין קינדס תורה, מיין יצחקלס בריוו, פאַרוואָס זאָל איך ניט הערן? לאָמיך ניט פאַרשטיין, עס איז דאָך מיין קינד.

---

דערנאָך ווען טויבע איז אַהיים געקומען, האָט זי זיך ביים טישל אַנידערגעזעצט, אַראָפּגענומען דאָס לעמפּל פון צוואָק, און ביי דעם שיין פון דעם פאַררויכערטן לעמפּל, האָט זי שטום אויף דעם בריוול געקוקט.

זי האָט דעם בריוו געקושט, נאָר באַלד האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי איז מטמא דעם בריוו מיט אירע ליפּן: זי איז אַ זינדיקע אידענע...

זי האָט זיך אויפגעהויבן, אַרויסגענומען פון ספרים־שאַפּקעלע דעם מאַנס סידור און צווישן די בלעטער אַריינגעלייגט דעם בריוו.

מיט ציטערדיקע ליפּן האָט זי געקושט די טאָוולען פון דעם סידור און עם צוריק אַריינגעלייגט אין דעם ספרים־שאַפּקעלע.

א. רייזען.

# דער גמרא ניגון

וואָס־זשע קלאָגסטו ביי דער גמרא,
קלויזניק בלאַסער, קלויזניק ליבער,
און דיין וויינענדיקער ניגון
אין מיין האַרצן גייט אַריבער;

און מיין אויג איז פייכט געוואָרן,
מיט אַ טרער איז עס פאַרלאָפן.
קלויזניק בלאַסער, קלויזניק ליבער,
זאָג, וואָס האָט מיט דיר געטראָפן?

צי דו בענקסט אַהיים נאָך דיינע
טאַטע־מאַמע, שוועסטער, ברידער,
וואָס אָן זיי ביסטו געבליבן,
ווי אַ שיפל אָן אַ רודער?

אָדער אויפן טאָג ביי לייבען
ביסט אַ לאַנגע צייט געזעסן,
ביז מען האָט געזאָגט: „נו, בחור,
נעם די קוואָרט און וואַש זיך עסן?"

אָדער אפשר גלאַט דו שעמסט זיך
עסן ברויט אויף פרעמדע טישן,
און מיט בלוט, מיט הייסע טרערן
שלינגסט אַראָפּ דו יעדן ביסן?

אָדער ס'פעלט דיר אוים אַ „מאַנטיק"
און עס האָט דיר שוין געטראָפן
ניט איינמאָל זיך לייגן הונגעריק
אויף דער האַרטער באַנק און שלאָפן?

און דו האָסט זיך איצט דערמאָנט אַלץ
און דו קענסט עס ניט פאַרטראָגן,
און ביי רבאָן, ביי רב פפאָן
ווילסטו איצט דיין וויי אויסקלאָגן!

הויב־זשע העכער אויף דעם ניגון!
שטאַרקער, העכער דריי די טרעלן:
וועסט דיין בענקעניש פאַרגעסן,
און דער הונגער וועט ניט קוועלן...



אַליין אין בית־המדרש        י. בודקאָ



י. שטיינבערג.

# אין יענע צייטן

(דערציילט פון א קאַנטאָניסט)

1.

א סך פון אונז האָט מען צעשיקט אין פארשיידענע ערטער; א סך זיינען קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן אין וועג; א סך זיינען איינגעטיילט געוואָרן אין די דערפער צווישן די פויערים, וואָס זאָלן זיי אויסהאָדעווען ביז זיי וועלן טויגן צום „דינסט“. איך בין געווען פון די לעצטע. נאָך א סך וואָגלענישן און גילגולים פון שטאָט צו שטאָט, פון דאָרף צו דאָרף, — איך וויים אַליין נישט, וויפל חדשים און אפשר יאָרן זיי האָבן זיך געצויגן, — בין איך איבערגעגעבן געוואָרן אינ׳ם דאָרף ג. צו פּיאָטר סעמיאָנאָוויץ כלאָפּאָוו און זיין ווייב אננאַ פּעטראָוונאַ.

דער דאָזיקער פּיאָטר איז געווען א גוי נישט קיין אַלטער און נישט קיין יונגער, נישט קיין פּראָסטער פּויער און נישט קיין חשובער פּריץ. ער איז געווען א שרייבער אין קאַנצעלאַריע פון דאָרף. אין יענע צייטן איז דאָס געווען א ריינע און לייכטע מלאָכה, וואָס האָט געגעבן חיונה בכבוד.

קיין זין האָט ער נישט געהאַט, נאָר איין איינציקע טאָכטער — מאַריוסאַ האָט זי געהייסן, א מיידל פון א יאָר דרייצן, אָדער פערצן, א שיינע, א פריילעכע און א ווילדע.

מיר, די קאַנטאָניסטן פון די דערפער, האָבן יעדן טאָג געדאַרפט זיך צוזאַמענקלייבן פאַר דער שטוב פון אונזער אָפיציר, וואָס האָט געוואוינט אין דעם דאָרף, און אונז געגרייט צו דער „סלוזשבע“. נאָר איך בין פּטור געווען דערפון צוליב דער בקשה פון מיין באַשיצער, כלאָפּאָוו, וועלכער האָט געהאַפּט צו געפינען אין מיר א העלפער ביי דער אַרבעט אין פעלד און אין שטוב. פונדעסטוועגן האָב איך געמוזט קומען אויפן פּלאַץ צוזאַמען מיט אַלע כאָטש איינמאָל אין וואָך.

זכות אָבות איז מיר בייגעשטאַנען, וואָס איך בין אַריינגעפאַלן צו די כלאָפּאָווס. פּיאָטר פלעגט זיין אינדערהיים גאַנץ ווייניק. דעם גרעסטן טייל טאָג פלעגט ער זיצן ביי זיין אַרבעט אין קאַנצעלאַריע, און די איבעריקע צייט — אין שענק פון דעם איינציקן איד, וואָס האָט געוואוינט אין דאָרף, פון „אונזער מאָשקע“, — אַזוי פלעגן אים די כלאָפּאָווס רופן. די עטלעכע שעה, וואָס ער פלעגט זיין אין שטוב, פלעגט

ער מיט מיר פֿאַרברענגען, און בכלל האָט ער אַרויסגעוויזן צו מיר אַ סך פֿריינטלעכקייט. באַזונדערס פֿלעגט ער עס טאָן דעמאָלט, ווען ער פֿלעגט קומען פֿון שענק אַ ביסל מבושמדיק; אפֿשר איז עס געווען דערפֿאַר, וואָס ער האָט קיין זכרים נישט געהאַט, און ער האָט געטראַכט צו מאַכן מיך פֿאַר אַ זון. ער פֿלעגט מיר ליב מאַכן די „סלוזשבע"; „אַז דו וועסט אויסוואַקסן, — פֿלעגט ער מיר זאָגן — וועסטו ווערן אַן אָפֿיציר; און אפֿשר נאָך גרעסער ווי אַן אָפֿיציר. אַ שוועלד וועסטו טראָגן; סאָל־דאַטן וועלן פֿאַר דיר שטיין גלייך, וועלן דיר „טשעסט" אָפּגעבן. דו וועסט ווייזן מלחמה־גבורות און זוכה זיין צו שטיין פֿאַרן קיסר".

און מעשיות האָט ער מיר דערציילט, מעשיות פֿון מלחמות, דער־ציילט אויף רוסיש, וואָס איך האָב שוין אָנגעהויבן אַ ביסל צו פֿאַר־שטיין. די דאָזיקע מעשיות האָבן מיר אויסגעזען שיין, אויף וויפֿל איך האָב זיי פֿאַרשטאַנען, און נאָך מער — אויף וויפֿל איך האָב זיי נישט פֿאַרשטאַנען.

בקיצור: ער איז געווען צו מיר זייער פֿריינטלעך.

זיין ווייב אַננאַ איז געווען גאָר אַן אַנדערע; געווען אַ שווייגערן און אַ פּרוי אַ מרשעת. זי איז שטענדיק אין שטוב געזעסן, קיינמאָל נישט אַריינגעגאַנגען צו אירע שכנות, און די שכנות פֿלעגן צו איר אויך גאַנץ זעלטן אַריינקומען. אין דאָרף האָט מען געמורמלט אויף איר, אַז זי האַלט זיך גרויס און איז אַ צבועיאַטשקע. ניכטערהייט האָט פּיאָטר געציטערט פֿאַר איר, ווי פֿאַר אַ קליפּה. די גאַנצע קראַפֿט איז איר געלעגן אין די אויגן: פֿלעגט זי אַ וואָרף טאָן אַ בליק אויף אָט דעם העלד, וואָס האָט אָן אַ גבול געהערשט איבער דעם גאַנצן דאָרף, — אַזוי פֿלעגט ער גלייך ווערן אַ שוואַך, שטיל טייבעלע. ס'האָט זיך געדאַכט: אָט נאָך אַ רגע — און פֿון די אויגן וועט אַרויסשפּרינגען עפּעס אַ רוח און וועט מאַכן אַן איבערקערעניש אין שטוב. ס'זיינען פֿאַראַן אַזעלכע אויגן, וואָס אַז דו קוקסט אויף זיי, זיינען זיי גאָרנישט: נאָר אַז דו דערצערנסט זיי, שפּריצט פֿון זיי אַרויס אַ העליש פֿייער.

און אָט די אַננאַ האָט געוואָרפֿן אויף מיר אַ שלעכט אויג; קיינמאָל האָט זי מיך נישט גערופֿן מיטן נאָמען. "זשידיאָנאָק" — האָט זי מיך כסדר גערופֿן, און דער נאָמען „זשידיאָנאָק" פֿלעגט זיך אַראָפּקייקלען פֿון אירע ליפּן עפּעס גאָר אויף אַ באַזונדערן אופֿן, — מיט אַן אָפֿענעם שמייכל און אַ באַהאַלטענער שנאה.

צווישן די געבאָטן, וואָס מיר האָבן געהאַט צו היטן, האָבן זיך גע־פֿונען אויך די דאָזיקע: „נישט רעדן קיין אידיש, נישט זאָגן קיין אידישע תּפֿילות, בעטן אַלע טאָג פֿאַרן בילד פֿון דער הייליקער מוטער און פֿאַרן צלם און זיך נישט היטן פֿון עסן טרפֿות".

די ערשטע געבאָטן האָט אננאַ אבטונג געגעבן, איך זאָל זיי פּינקט־לעך מקיים זיין; נאָר בנוגע צום לעצטן האָט זי זיך נישט־וויסנדיק גע־מאַכט. זי האָט מיך געשפּייזט אין קיך מיט ברויט און קערנער, פּשוט פאַר קאַרגשאַפט. אמאָל האָט געטראָפן, אז זי האָט מיר געגעבן א שטיקל פלייש, און איך האָב נישט געוואָלט עסן, האָט זי אויסגעגאָסן אויף מיר איר גאַנצן כעס און געוואָלט גיין זיך קלאָגן אויף מיר פאַרן אָפיציר, נאָר פּיאָטר האָט זי אָפּגעהאַלטן פון דער אכזריות, האָט אויף מיר א מאַך געטאָן מיט דער האַנט און געזאָגט: „ער וועט אונטערוואַקסן, וועט ער קליגער ווערן".

פון דאַמאָלסט אָן האָט זי אָנגעהויבן כסדר מיר צו דערלאַנגען פליישיקע מאכלים — און אזוי ווי איך האָב זיך געהאַלטן ביי מיינס און נישט געגעסן, האָט זי מיך ווידער געוואָלט פאַרמסרן פאַר דער אַדמיני־סטראַציע. גראָד איז צו יענער צייט געכאַפּט געוואָרן ביי דעם חטא אָן אַנדער קאַנטאָניסט פון דעם דאָרף, וואָס איך האָב אים ביז אהער נישט געקענט — יעקב האָט ער געהייסן. זיין באַשיצער האָט זיך געקלאָגט אויף אים, אז ער דאַוונט אויף אידיש און וויל קיין פלייש נישט עסן. איז אַרויס אויף אים דער גזר צו קריגן צוואַנציק שמיץ, און אויף אַלע קאַנטאָניסטן האָט מען גוזר געווען, זיי זאָלן שטיין ביי דער עקזעקוציע פון דעם דאָזיקן פאַרברעכער.

שפּעטער זיינען מיר שוין צוגעוואוינט געווען צו אזעלכע מעשיות; דאָס ערשטע מאָל אָבער האָט דאָס אונז אויסגעזען שרעקלעך. שטעל דיך פאָר: א אינגל פון פופצן יאָר, מ'טוט אים אויס נאַקעט, מ'לייגט אים אוועק מיטן פּנים אַראָפּ, איינער זעצט זיך אים אויף די פיס, איינער אויפן קאַרק, צוויי שטייען איבער אים, איינער אַנטקעגן אַנדערן, און האַלטן אין די הענט ריטער. צען מאָל דאַרפן זיי אויפהויבן און אַראָפּ־לאָזן אויף אים די ריטער, כדי עס זאָל צוזאַמען זיין צוואַנציק.

איך האָב געקוקט אויפן פּנים פון'ם ליגנדן און געזען, אז ער איז וויים, ווי קאַלך. מיט די ליפּן האָט ער געשעפּטשעט עפּעס א לחש; אפשר האָט ער געזאָגט „והוא רחום".

ס'זיינען אויפגעהויבן געוואָרן די ריטער... א שרעקלעך געשריי... בלוט... שטיקלעך הויט... געשרייען, מ'ציילט: איינס, צוויי, דריי... א געשריי... א פלוצלונגדיקע שטילקייט... ווידער א געשריי, שטיל... פיר, פינף... שטיי!

דער אויפזעער האָט צעטיילט די שטראָף אויף צוויי מאָל, ווייל דער געשמיסענער האָט געחלשט, מ'האָט אוועקגעטראָגן יעקבן פון פּלאַץ אין שפּיטאָל. ס'איז פאַרשריבן געוואָרן, אז ער דאַרף קריגן נאָך צען שמיץ, נאָכדעם ווי ער וועט געזונט ווערן.

ווען אננא וואָלט מיר געווען געבן אין יענעם אָוונט חזיר־פלייש צו עסן, ווייס איך נישט, וואָס איך וואָלט געטאָן. ביינאַכט האָב איך געזען דעם אַלטן רב אין חלום. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער שטייט פאַר מיר מיט אַן איינגעבויגענעם קאָפּ און טרערן גיסן זיך אים פון די אויגן.

2.

איך געדענק שוין נישט, ווי מאַריוסעס האָט זיך די ערשטע צייט באַצויגן צו מיר. איך געדענק נאָר דעם בליק, וואָס זי האָט געוואָרפן אויף מיר ביי מיין ערשטן אַריינקומען צו זיי אין שטוב. דאָס איז געווען אַ פריילעכער, ווילדער און רעדעוודיקער בליק; אַ בליק, וואָס מ'קאָן אים מיט קיין ווערטער נישט איבערגעבן. ס'האָט אויסגעזען, ווי זי האָט געוואָלט מיר זאָגן: „ברוך הבא! גוט האָסטו געטאָן, וואָס דו ביסט געקומען! איך דאַרף דיך טאַקע האָבן, איך האָב נישט מיט וועמען צו פאַרברענגען די פרייע צייט.”

זי האָט טאַקע געדאַרפט האָבן אַזאַ קינד ווי איך, ווייל מיט די קינדער פון דאָרף האָט זי זיך נישט געחברט. דאָס דאָזיקע שיינע, פריילעכע מיידל פלעגט אָפט אַריינפאַלן אין אַ מרה־שחורה, אַז ס'האָט געריסן ביים האַרצן קוקנדיק אויף איר. בשום אופן האָט די מאַמע אירע נישט געקאָנט דאַמאָלסט אַרויסרייסן פון איר מויל אפילו איין וואָרט. איך האָב מיך דאַן גוט איינגעקוקט אין איר פנים, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זי איז גאָר אינגאַנצן אַן אַנדערע. צופיל איז איר פנים דאַמאָלסט ענלעך געווען צום פנים פון איר מאַמען; אויף איר געזיכט האָט זיך דאַמאָלסט אויסגעגאָסן עפּעס אַזאַ זאַך, וואָס האָט זי אַנדערש געמאַכט פון אַלע מענטשן, און דעריבער אפשר אויך מיך דערנענטערט צו איר.

איך האָב געדאַרפט אין אַזעלכע מינוטן נאָר אויפשטיין און אַרויסגיין — און איך בין שוין זיכער געווען, אַז זי וועט אויך אַרויסקומען און פאַרברענגען מיט מיר עטלעכע שעה אין קינדערשע שמועסן. אַזוי בין איך ביסלעכווייז איינגעוואוינט געוואָרן מיט איר, און עס האָט מיך אָנגעהויבן ציען צו איר אין די שווערע מינוטן פון בענקשאַפט און איינזאַמקייט.

צומאָרגנס, נאָכדעם ווי איך האָב צוגעזען די עקזעקוציע איבער יעקבן, איז אויף מיר אָנגעפאַלן עפּעס אַ רוח שגעון; איך האָב מיר קיין אָרט נישט געפונען; איך האָב געמיינט, אַז דאָס האַרץ וועט מיר צעפּלאַצן. שאלות זיינען מיר געבוירן געוואָרן אין קאָפּ: „וואָס טו איך דאָ? צו וואָס בין איך אַהער געקומען? וואָס זיינען פאַר מיר אָט די אַלע באַשעפעניש?” — פונקט, ווי איך וואָלט ערשט נעכטן אַהער געקומען און מיטן איינענעם ווילן! ...

מאריוסע האָט מיך אָנגעקוקט. איך ווייס נישט: אפשר האָט זי דערקענט דעם טרויער ביי מיר אויפן פּנים. מיר האָט זיך פאַרוואָלט אויסגיסן פאַר איר דאָס האַרץ, און איך בין אַרויסגעגאַנגען אין גאָרטן הינטער דער שטוב. גלייך איז זי מיר נאָכגעקומען. איך האָב פאַר איר געעפנט מיין האַרץ און האָב איר דערציילט, וואָס איך האָב נעכטן צוגעזען. זי האָט געהערט און איז אַ פאַרציטערטע געוואָרן.

— פאַרוואָס האָט מען אים געשמיסן? — האָט זי געפרעגט מיט אַ ציטערדיק קול.

— ווייל ער האָט געדאַוונט אויף אידיש און נישט געוואָלט עסן קיין פלייש.

— און פאַרוואָס האָט ער נישט געוואָלט עסן?

— מ'טאָר נישט.

— מ'טאָר נישט? פאַרוואָס?

איך האָב געשוויגן.

זי האָט אויך געשוויגן. דערנאָך האָט זי אַרויפגעלייגט אויף מיר די האַנט און מיט איר געוויינלעכער פרייל עכקייט געזאָגט:

— דיך וועט מען נישט שמייסן.

— פון וואַנען ווייסטו?

— דער אָפיציר איז אונזער אַ גוטער באַקאַנטער.

— און אויב דיין מאַמע וועט מיך פאַרמסרן?

— אויב מ'וועט דיך פאַרמשפּטן צום שמייסן, וועל איך גיין אויף דיין אָרט.

און ביי די ווערטער האָט זי זיך הילכיק פאַנאַנדערגעלאַכט. דאָס געלעכטער האָט געווירקט אויף מיר אויך. מיר האָבן ביידע געלאַכט, נישט ווייסנדיק פון וואָס.

איך בין אַריין אין שטוב אַן אַנדערער מענטש. פון דאַמאָלסט אָן האָב איך מיך געפילט זייער נאָענט צו דעם מיידל.

איינמאָל — איך געדענק נישט אין וועלכער צייט: דער חשבון פון צייט אין יענע טעג איז אינגאַנצן אויסגעמעקט געוואָרן פון מיין זכרון, נאָר דאָס געדענק איך, אַז איך האָב שוין געקאָנט דאַמאָלסט אויף אַזוי פיל רעדן רוסיש, אַז מען זאָל מיך פאַרשטיין, אַז איך בין שוין פעאיק געווען צו אַ סך אַרבעטן אין שטוב און אין פעלד, און האָב שוין געקאָנט מיין באַשיצער צופרידנשטעלן. אין יענעם טאָג האָב איך זיך באַמיט צו טאָן אַלץ נאָך זיין פאַרלאַנג.

אננאַ איז אַריינגעגאַנגען און אַרויסגעגאַנגען פונקט ווי זי וואָלט מיך גאָרנישט ניט באַמערקט. איך בין געזעסן אויף דער שוועל עלנט, און מיין

הונט ליגט ביי מיינע פיס, קוקט אויף מיר מיט אויגן—דאַכט מיר, אַז טרערן האָבן זיך פון זיי געגאָסן. דער גורל פון מיין הונט איז געווען גאָר אַן אַנדערער. אין אָנהייב, גלייך ווי ער איז אַריינגעקומען אין פּיאָטרס הויף, זיינען אויף אים אָנגעפאַלן די היימישע הינט און אים געוואָלט צערייסן אויף שטיקער. איז ער אַריינגעלאָפן זיך באַהאַלטן אין קיך, האָט מען אים פון דאָרטן מיט שטעקנס פאַרטריבן: „פון וואַנען האָט ער זיך דאָ גע־נומען?” — האָט מען זיך געוואונדערט. האָט מיין בילער געזען, אַז ער האָט נישט דערוויל אויף וועמען צו האַפּן, האָט ער, פאַרלאָזנדיק זיך אויף זיינע ציין, גענומען מלחמה האַלטן מיט די הינט פון הויף און זיי צעבלוטיקט. דאַן האָבן מיינע בעלי־בתים דערזען זיינע הינטישע פּעאַי־קייטן און פאַרשטאַנען, אַז ער קאָן זיי צונוץ קומען, האָבן זיי אים מקרב געווען און געגעבן עסן.

אָבער מיט זיין באַזונדערן חוש האָט דער הונט געפילט, אַז איך, זיין גלות־חבר, בין עלנט מער פון אַלע אינגלעך, און דעריבער האָט ער נישט געגלויבט זייער שטאַרק אויך אין זיינע רואיקע טעג. שטענדיק, ווען איך בין געזעסן עלנט און פאַרזונקען אין אומעט, פלעגט ער זיך אויסציען פאַר מיר און אַריינקוקן מיר אין די אויגן מיט אַ פאַרוואונדערטן בליק. דאַכט מיר, אַז ער האָט מיך געוואָלט פרעגן:

— פאַרוואָס ווערסטו דאָ אויך נישט אַזאַ תושב ווי איך?

אַננאַ איז ווידער אַרויסגעגאַנגען און אַ וואָרף געטאָן אויף מיר אַ בליק:

— פוילער זשידעק! זיצט זיך ליידיק, און דו — גיי אַרבעט, גרייט אים אָן צום פרעסן, און ער וועט קומען צום גרייטן.

איך בין אויפגעשטאַנען פון אָרט און האָב אָנגעהויבן זיך אַרומ־קוקן אין אַלע זייטן, כדי צו געפינען זיך עפּעס אַן אַרבעט.

— גיי כאַפּ דאָס קליינע חזירל און ברענג עס אַהער, — האָט זי מיר באַפוילן.

די אַרבעט האָט מיר גאָרנישט ניט געשמעקט: איך האָב נאָך נעכטן געהערט אַננאַן רעדן וועגן דעם, אַז מ׳דאַרף קוילען דאָס קליינע חזירל, און איך האָב אויף דעם רחמנות געהאַט; אמת טאַקע אַ חזיר, אָבער ס׳איז דאָך פאָרט אויפגעהאָדעוועט געוואָרן פאַר מיינע אויגן.

מיר איז שווער געווען צו ווערן אַ שותף צו דער דאָזיקער אַרבעט; ס׳איז אָבער גענוג געווען איין געשריי פון אַננאַס מויל — און מיין האַנט איז שוין געלעגן אויף דער קליינער באַשעפעניש, וואָס איז געווען צוגע־וואוינט צו מיר און האָט געהאַט צו מיר צוטרוי. אַננאַ האָט מיר געגעבן אַ שטריק אים צו בינדן, און איך האָב זי געפאָלגט. די קליינע באַשע־

פעניש האָט שרעקלעך געשריען, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער שרייט: „זשידעק! מיר טוסטו עס אַזוי ?!"

אננאַ האָט מיר געגעבן אַ מעסער אין האַנט, האָט מיר אָנגעוויזן דאָס אָרט, וואו צו שניידן... דאָס הזירל האָט זיך באַגאָסן מיט בלוט און אָנגעהויבן כאָרכלען מיטן האַלז.

אננאַ האָט געהייסן ברענגען האָלץ, אָנלייגן אַ פייער און אַרויפלייגן אויף דעם דאָס חזירל. איך האָב אַלץ געפאָלגט.

מיין הונט זעט, קוקט אויף מיר און וואונדערט זיך. און דאָס חזירל כאָרכלט מיטן האַלז... און דאָס פייער פלאַמט אויף און סמאַליעט עס אַרום — דער הונט פאַרדרייסט דעם קאָפּ און בילט.

ביינאַכט האָט זיך מיר געדאַכט אין חלום, אַז איך און מיין ברודער, דער שוחט, שטייען אויפן הימל פאַרן מידת־הדין, און פאַרשיידענע באַשעפענישן שטייען און קלאָגן זיך אויף אונז; נאָר אויף אים קלאָגן זיך גענז, טויבן און נאָך כשרע עופות, און אויף מיר כאָרכלט אַ חזיר מיט אַזעלכע כריקערייען און געשרייען.

אויף צומאָרגנס איז אננאַ אויפגעשטאַנען פרי, האָט מיך אוועקגעשטעלט פאַר דער „הייליקער מוטער" און פאַרגעזאָגט מיר „איר ברכה"; און צו מיטאָג האָט זי מיר דערלאַנגט אַ געבראָטן שטיקל חזיר און פון דעם די אויגן נישט אַראָפּגענומען.

איך גלויב, אַז די אַלע הכנות האָט זי געמאַכט נאָר כדי מיך צו ברענגען דערצו. איך האָב געזען, אַז זי וויל אָנרייצן אויף מיר דעם מבושמדיקן פּיאָטרן, האָב איך זיך דערשראָקן פאַר דעם און אָנגעהויבן עסן. איך קיי, און הער דאָס כריקען פון אַ חזיר... פון זיך אַרויס הער איך דעם קול... און וואונדער זיך אויף די דערבייאיקע מענטשן, וועלכע הערן נישט דאָס כריקען, און קייען רואיק... עפּעס אַ שטיק האָט זיך מיר אַוועקגעשטעלט אין האַלז... עס שטיקט... עס עקלט... צום ברעכן... און דאָ האָט מיט מיר געטראָפן אַ מיאוסע מעשה: איך האָב פאַרשמוצט דעם גאַנצן טיש... אַלע האָבן זיך אַ רוק געטאָן אויף הינטן מיט כעס און עקל. איך האָט באַגעגנט מאַריוסעס אויגן און זיך געשעמט צו קוקן אין זיי. אננאַ איז אויפגעשפּרונגען פון טיש אַ צעקאָכטע פון כעס, האָט מיך אָנגענומען פאַר די אויערן און אַרויסגעשלעפּט אין דרויסן.

— וואָן אַרויס, זשיד פאַרשמוצטער! זאָלסט נישט וואַגן מער אין שטוב אַריינצוקומען!

זי האָט מיך אַרויסגעטריבן. פּיאָטר און מאַריוסע האָבן געשוויגן.

אַ באַליידיקטער האָב איך זיך אַוועקגעזעצט אויפן שוועל הינטערן שטוב, מיין הונט ליגט אויסגעצויגן פאַר מיר און קוקט מיך אָן. איך האָב

אָנגעהויבן צו טענהן צו מיין עלנטן חבר: „דו זעסט, הונט! מ׳טרייבט אונז אַרויס! פּונקט ווי מיר זיינען דאָ אַליין געקומען מיטן אייגענעם ווילן: מ׳האָט דאָך אונז געבראַכט אַהער איבער גוואַלד — טאָ וואָס טרייבט מען אונז איצט?"

מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דער הונט פאַרשטייט מיינע טענות, לאָזט אַרויס פון האַלז אַ פאַרשטיקטן ברום און שלינגט אים איין.

און אַ געדאַנק איז מיר אַריין אין קאָפּ ווי מיט גוואַלד: „אפשר איז אין דער אמתן פאַר מיר געקומען די צייט צו אַנטלויפן? אויב מ׳וועט מיך נאָכיאָגן און כאַפּן, וועל איך זיך פאַרענטפערן און זאָגן, אַז מיין באַשיצער האָט מיך אַרויסגעטריבן פון שטוב. דער דאָזיקער געדאַנק האָט זיך צו מיר צוגעטשעפּעט, ווי אַ קליפּה: „אַהיים! צו די עלטערן!" עס האָט מיך געלעכערט אין האַרצן: „אויב מ׳האָט דיך אַרויסגעטריבן, ביסטו דאָך פריי!" אָבער גרויס איז די קראַפט פון רוט: איך האָב באַשטימט געוואוסט, אַז ביז וואַנען מיין באַשיצער וועט זיך דערוויסן, ביז ער וועט געבן צו וויסן דעם אָפיציר, און ביז יענער וועט שיקן יאָגן נאָך מיר, וועל איך שוין זיין ווייט פון דאָרף. מיינע חושים זיינען שוין געווען אַזוי פאַרהאַרטעוועט, אַז איך האָב שוין נישט מורא געהאַט זיך צו באַהאַלטן אין וועלדער; פאַר קליפּות און שדים האָב איך שוין אויך קיין מורא נישט געהאַט, פונדעסטוועגן, ווען איך האָב מיך דערמאָנט אָן דער רוט, וואָס הויבט זיך אויף און לאָזט זיך אַראָפּ אויפן נאַקעטן לייב; אָן די בלוט־שפּריצן; אָן די שטיקער הויט, און די געשרייען, וואָס העלפן נישט — איז אויף מיר אָנגעפאַלן אַ פחד. ניין! דאָס איז נישט געווען קיין פחד. דאָס איז געווען אַ מין הכנעה, אַ מין אונטערטעניקייט. ווען אַ רוט וואָלט ליגן לעבן מיר אין דער מינוט, וואָלט איך זי געקושט פון מורא. מיר איז שווער דאָס אייך איבערצוגעבן: איר, יונגוואַרג, קאָנט עס נישט פאַרשטיין.

בין איך אַזוי געזעסן פאַרזונקען אין טרויער און כעס, און האָב גאָר נישט געפילט, ווי די זון איז דערווייל אונטערגעגאַנגען, און ווי ס׳איז נאַכט געוואָרן. די פינצטערניש איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז איך האָב נישט געקענט זען דעם הונט, וואָס איז געלעגן פאַר מיר. ערשט פּלוצלונג דערפיל איך עפּעס אַ גלעט און אַ ריר איבער די האָר... ווי אַ שאָרך פון אַ נאַכט־פויגל... איך האָב אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווענדיק עס אָפּטרייבן פון זיך. עס איז אָבער אָפּגעשפּרונגען און זיך מיר אַוועקגעשטעלט אויפן האַלז. איך האָב אויסגעצויגן די האַנט אָנצוכאַפּן דעם פויגל, וואָס קיצלט מיר אין האַלז, און מיך האָט אָנגעכאַפּט אַ ווייך וואַרעם הענטל. אַ פאַרציטערטער בין איך אָפּגעשפּרונגען אויף הינטן: פאַר מיר איז געשטאַנען מאַריוסע מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ. איך

האָב געוואָלט אויפשטיין, זי אָבער האָט מיך צוגעהאַלטן מיט דער האַנט. זי האָט זיך געזעצט לעבן מיר און געדריקט מיין האַנט אין אירעביידע.

— פאַרוואָס זיצסטו דאָ?

— דיין מאַמע האָט דאָך מיך אַרויסגעטריבן!

— ס'איז גאָרנישט! דו קענסט זי דען נישט? זי איז שוין אַזוי!

— שטענדיק פאַרשעמט זי מיך: זי רופט מיך „זשידיאָנאָק".

— איז וואָס? דו ביסט דען נישט קיין איד? וואָלט איך דען אין כעס געוואָרן אויף דיר, ווען דו וואָלסט מיך גערופן קריסטין?

איך האָב איר ניט געהאַט וואָס צו ענטפערן. אין יענער מינוט האָב איך געטראַכט: איך פאַרמיאוס זיך דאָך אַליין, אויב איך געפין זיך באַליידיקט מיטן נאָמען „זשידיאָנאָק".

— און וואָס קלערסטו איצט צו טאָן?

— איך וויל אַנטלויפן.

— אָן מיין וויסן?

זי האָט אויף מיר אויסגעשטעלט אירע ביידע אויגן. איך האָב מיך געפילט דעמאָלט, ווי זי וואָלט אַרויפלאָזן אויף מיר צוויי שטראָמען וואַרעמקייט. מיינע אויגן, וועלכע זיינען ביסלעכווייז צוגעוואוינט געוואָרן צו דער פינצטערניש, האָבן געכאַפּט יעדע באַוועגונג פון איר קערפּער. דאָס ליכטע שמייכעלע פון אירע ליפּן האָט פאַרטריבן פון מיר דעם אומעט. איך האָב פּלוצלונג דערשפּירט, אַז איך האָב אין דעם הויז אַ פריינט, אַ גוטן חבר, אַ גוטע, שיינע חברטע.

איך בין גערירט געוואָרן און אָנגעהויבן וויינען, און זי האָט מיר געגלעט דעם קאָפּ, דעם האַלז און דאָס פּנים. גוט האָט זי געטאָן, וואָס זי האָט מיך געלאָזט וויינען. נאָכן וויינען איז מיר לייכטער געוואָרן. זי האָט געוואָלט אַרויסנעמען אירע הענט, איך האָב זיי אָבער נישט אָפּגעלאָזן!

— און דו וועסט אַנטלויפן אָן מיין וויסן?

— ניין, — האָב איך געענטפערט העשענדיק.

— און, אַז איך וועל דיך רופן „זשידיאָנאָק", וועסטו אין כעס ווערן אויף מיר?

— ניין.

— און אַז איך וועל דיר געבן חזיר צו עסן?

— סיי ווי סיי האָב איך מיר שוין פאַרמיאוסט דאָס מויל מיט דעם פלייש.

— בין איך דען פאַרמיאוסט דערמיט, וואָס איך עס חזיר?

— ניין, — האָב איך געענטפערט אַ באַזיגטער.

— אויב אַזוי ביסטו אַ וואויל אינגל, האָב איך דיך ליב.

זי איז נעלם געוואָרן און גלייך צוריקגעקומען מיט אַ זעקעלע אין האַנט.

— דער טאַטע האָט געהייסן, דו זאָלסט אַרויסגיין די נאַכט מיט די פערד אויפן „פּאַשע". דאָ אין דעם זעקעלע איז פאַראַן ברויט מיט פליייש. זיץ זשע נישט און גיי.

זי האָט גערעדט געשווינד און מיט דעם געוויינלעכן טאָן, ווי דאָס אַלץ, וואָס איז פריער פאָרגעקומען, וואָלט זיין נישט מער ווי אַ חלום.

3.

דאָס גיין ביינאַכט מיט די פערד איז געווען אַ באַזונדער מין גיין. אַ גאַנצן טאָג אַרבעט די בהמה אין פעלד, און די בעלי־בתים מוזן איר דעריבער געבן עסן; ביינאַכט אָבער טוט זי דאָך גאָרנישט, פאַרוואָס זאָלן זיי איר געבן עסן? גייט מען מיט איר אין אַ פרעמד פעלד. דער דאָזיקער פרעמדער האָט אויך בהמות; ביי אים זיינען אויך פאַראַן פערד, וואָס טוען גאָרנישט ביינאַכט און האָבן נישט פאַרוואָס צו באַקומען עסן. וואָס טוט ער? שיקט ער בגנבה זיינע פערד אין דעם פעלד פון זיין שכן. קומט אויס, אַז דעמס בהמות פּאַשען זיך אינ׳ם שכנס פעלד; און דעם שכנס בהמות — אין דעמס פעלד, אוןביידע פרייען זיך. כאַפּט מען דעם גנב ביי דער גנבה, קריגט ער „שמיץ". פונדעסטוועגן הייסט עס אָבער פאָרט נישט קיין גנבה. עס פירט זיך שוין אַזוי פון קדמונים אָן. מסתמא האָבן די בעלי־בתים באַלד פאָרויס אויסגערעדט: אויב דו וועסט כאַפּן מיין גנב, בין איך דיר מוחל פאַר די קלעפּ, וואָס דו וועסט אים געבן, בתנאי אַז דו זאָלסט מיר מוחל זיין פאַר די קלעפּ, וואָס איך וועל געבן דיין גנב".

און נאָך אַלעמען האָב איך גאַנץ ליב געהאַט צו גיין אויף דער „פּאַשע". איך האָב ליב געהאַט די נעכט אין פעלד, ווען די לבנה לייכט שוואַך; אויסער דיינע ד׳ אמות קאָנסטו גאָרנישט ניט אונטערשיידן, און זעסט נישט קיין זאַך, וואָס זאָל דיר דערמאָנען דאָס אָרט, אין וועלכן דו געפינסט דיך. דו האָסט נאָר דעם הימל איבער זיך, דיין טאַטע און דיין מאַמע געפינען זיך אויך אונטער אים; און דו קאָנסט דיר איינרעדן, אַז דיין טאַטע שטייט פאַר דער טיר און איז גראָד איצט מחדש די לבנה; און די מאַמע קוקט אויף יענעם בלישטשענדיקן שטערן, וואָס דו קוקסט אויף אים — ביידע קוקט איר אויף דעם זעלביקן פונקט. און הויבסט אָן צו וויינען, און שטעלסט דיר פאָר, אַז די מאַמע וויינט אויך איצט; און עס הערט די נאַכט, און עס הערן די שטערן... די היישעריקן סווישטשען. ווילסטו, קאָנסטו גלויבן, אַז זיי וויינען מיט מיט

דיר, אַז זיי זיפצן פאַר דיר. און אַ שטיל ווינטל טראָגט זיך דורך פאַרביי דיר, דרינגט אַריין אין דיר, פרישט דיך אָפּ; און דו הויבסט אָן גלויבן, אַז נישט אייביק וועסטו געפאַנגען זיין, אַז ס׳וועט קומען אַ טאָג, און דו וועסט באַפרייט ווערן; און דעמאָלט, אין אַזעלכע מינוטן, לייג זיך מיטן פּנים צום הימל און שלאָף איין. און אויב עס וועט דיך נישט אויפוועקן די רויט פּוני׳ם בעל־הבית פון פעלד, וועסטו זען אַזעלכע שיינע חלומות, וואָס קיין מויל קען זיי גאָרנישט ניט אויסדערציילן.

איך האָב גענומען דאָס זעקעלע און בין אַרויסגעגאַנגען מיט די פערד אינ׳ם ברייטן, פרייען פעלד, וואָס ציט זיך אַוועק און ליגט פאַר־זונקען אין דער פינצטערניש. איך ווייס נישט, צי אויף צו־להכעיס מיין בעל־הבית, צי גלאַט אַזוי האָב איך עס געטאָן, נאָר דאָס מאָל בין איך נישט געגאַנגען פּאַשען די פערד אין פרעמדע פעלדער; איך האָב מיך אַראָפּגעלאָזט טיף אין טאָל אין יענעם שטיקל פעלד, וואָס פּיאָטר האָט איבערגעלאָזט אויף צו שניידן היי, און האָב מיך אויסגעצויגן אויף דער גוטער ערד און אויף איר ווייכן גראָז.

מיר האָט זיך פאַרוואָלט אַרויפברענגען אין זכרון דעם טאַטן מיט דער מאַמען און שמועסן מיט זיי. דאָס מאָל אָבער האָט זיך עס מיר נישט איינגעגעבן. דאָס בילד פון דעם אַלטן רב שוועבט מיר פאַר די אויגן. דאַכט זיך, אַז ער קוקט אויף מיר אַ ברוגזער. ער דערציילט מיר אַ מעשה מיט יוסף הצדיק, וועלכער איז געזעסן ביי פּוטיפרען אין שטוב און האָט געלעבט מיט טרוקענע קערנער.

זייער זינדיק האָב איך מיך געפילט, און האָב אַפילו וויינען נישט געקאָנט. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דער הימל איז היינט שוואַרצער ווי נעכטן, און די שטערן בלישטשען היינט גאָרנישט, — און אַ פאַר־זונקענער אין טרויעריקע, טריבע מחשבות בין איך אַנטשלאָפן געוואָרן.

עפּעס אַ שטימע האָט מיך אויפגעוועקט פון שלאָף... עפּעס ענלעך צו אַ געוויין... נישט ווייט פון דאַנען... עס טראָגט זיך די שטימע און שוועבט אין טאָל... איך בין אַ דערציטערטער געוואָרן. און די שטימע גייט און גיסט זיך... קלינגט און ציט דאָס האַרץ, און גייט אַהער, ווי גלייך צו מיר.

אַ צעשראָקענער בין איך אויפגעשטאַנען און האָב מיך געלאָזט גיין נענטער צו דעם אָרט, פון וואַנען די שטימע האָט זיך געטראָגן. און אַרום, אויבן, אונטן איז פינצטער, שטאָק־פינצטער: די לבנה איז שוין פאַרגאַנגען. איך בין אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט — און איך דערזע שוין ניט מיינע פערד. באַלד האָב איך אָנגעהויבן כאַפּן ווער־טער אין דער שטימע; ווערטער, וואָס פרעסן דאָס האַרץ, ווי מיט צוואַנגען... ווערטער פון תהילים:

„כי יודע ה׳ דרך צדיקים ודרך רשעים תאבד״.

איך האָב מיך אויפגעהערט צו שרעקן, און אָנגעהויבן צו שטוינען:
„פון וואַנען קומען די ווערטער דאָ, אין גלות?״

איך האָב אָנגעהויבן צו צווייפלען: איז עס נישט אינגאַנצן אַ חלום?
„למה רגשו גויים . . . ולאומים יהגו ריק! . . .״

דאָס קול האָט מיך אַ צי געטאָן. זאָל דאָרט זיין ווער עס וויל זיך, איך וויל זיך צו דעם באַהעפטן.

דאַן האָב איך אויך אָנגעהויבן אויפן קול:
„יתיצבו מלכי ארץ . . .״

די שטימע איז איבערגעריסן געוואָרן, און איך האָב דערהערט טריט.

— ווער איז דאָרט? — פרעגט אַ קול אויף אידיש.

— איך! און ווער איז דאָרט?

— מיר! — ענטפערן אַ סך שטימען פאַר אַמאָל.

— קאַנטאָניסטן?

— אַ קאַנטאָניסט?

און אין מיטן די שאלות האָבן מיר זיך באַגעגנט.

דאָס זיינען געווען דריי קאַנטאָניסטן, וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין דאָרף ווייט פון פּיאָטרס הויז, און איך האָב זיי נישט געקענט. זיי זיינען אויך ארויס ביינאַכט אויף דער „פּאַשע״ מיט די בהמות פון זייערע בעלי־בתים, און מיר האָבן זיך באַגעגנט אין טאָל.

מיר איז אָנגענעם זיי אָנצורופן מיט די נעמען: דער עלטסטער פון זיי איז געווען „יעקב״, דער, וועגן וועלכן איך האָב שוין דערציילט, און די אַנדערע צוויי — סימאָן און רובין; נאָר דאָרט אין טאָל האָבן זיי זיך אָנגערופן מיט זייערע אידישע נעמען, ווי מ׳האָט זיי גערופן אין דער היים: יענקל, שמוליק און ראוביק.

ווי איך בין דערנאָך געוואויר געוואָרן, האָט זיי דער טאָל געדינט פאַר אַ פּלאַץ, וואו זיי זיינען זיך אַלע מאָל צוזאַמענגעקומען. דאָס איז געווען אַ באַזונדער סאָרט קלויז, וואָס מ׳האָט זי געקענט רופן „ר׳ יענקלס קלויז״.

ער, יענקל, איז געווען אַ אינגל פון פופצן יאָר, וואָס מ׳האָט אים צוגענומען פון דער היים, ווען ער איז שוין געווען „אָנגעשטאָפּט״ מיט תורה. מיר אַלע האָבן שוין געהאַט פאַרגעסן דעם חשבון פון די טעג; ער אָבער האָט זיך באַרימט, אַז ער געדענקט די טעג לויט זייער אויסזען און לויט זייער ריח און באַזונדערס — די פריילעכע יום־טובדיקע טעג. זיינע חברים האָבן אויף אים עדות געזאָגט, אַז ער נאַרט נישט אָפּ; און באַרימט האָט ער זיך, אַז ער האָט אויפן רעכענונג אַלע טעג פון יאָר, אַזוי אַז ער האָט נאָך נישט דורכגעלאָזט קיין איין יום־טוב.

אין די יום־טובדיקע נעכט קומען זיי זיך צוזאַמען דאָ, אין דעם טאָל.

לויט יענקלס חשבון איז אין יענער נאַכט אויסגעפאַלן „תשעה באָב", און זיי זיינען זיך אַהער צוזאַמענגעקומען, ווי זייער שטייגער איז געווען.

— אויב אַזוי, — האָב איך זיך געווענדעט צו זיי מיט אַ שאלה — טאָ וואָס זאָגט איר עפּעס תהילים? זאָגט בעסער קינות!

— קינות קענען מיר נישט אויסנווייניק, — האָט מיר יענקל ער־קלערט, ווי אַן עלטערער איד, וואָס מ'רופט אים ר' יענקל — אויף אויסנ־ווייניק קענען מיר נאָר עטלעכע קאַפּיטלעך תהילים, און זיי זאָגן מיר אַלע יום־טוב; און אין תוך אַריין רעדנדיק, זיינען דען די ווערטער דער עיקר? דער עיקר איז די כוונה; אַזוי האָט מיך געלערנט דער טאַטע, עליו השלום: אַלץ גייט נאָך דער כוונה פון האַרצן!

דאָס אידישע לשון, וואָס איך האָב שוין לאַנג ניט געהאַט זיך באַ־נוצט מיט דעם, האָט אויף מיר געמאַכט גאָר אַ באַזונדערן רושם! אַט בין איך אין אַ אידישן קיבוץ, אידן, אַזעלכע, ווי דער טאַטע און די מאַמע. איך האָב געפילט אַ שטאַרקן ביטול פאַר דעם „למדן מופלג", יענקלען, וואָס ווייס אַלץ, ווי אַ „תנא". איך האָב געזען אין אים אַ מין קליינעם „רב" איבער דער דאָזיקער קהילה.

די באַגעגעניש מיט זיי האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט מיין טרויער. איך האָב אויסגעזען ביי זיך אין די אויגן, ווי דער שטאָט־רשע, וואָס עסט חזיר און טוט אַ סך האַרבע עבירות; איך טאָר זיך גאָר נישט מצרף זיין צו די דאָזיקע פרומע אידן.

דערווייל האָט דער קליינער ראובעלע אַ טאַפּ געטאָן מיין זעקל און געפונען דאָרט אַ מציאה.

— קינדער! עסן! — האָט דער קליינער אויסגעשריען מיט התפּעלות.

חברה, דערהערט עסן, איז לעבעדיק געוואָרן. אַזוי זיינען שוין די קאָנטאָניסטן געוואוינט געווען, זיך דערפרייען מיט יעדן עסן, אפילו זאַטערהייט. נישט שטענדיק אפילו האָבן מיר זיך געקאָנט קלאָגן אויף אונזערע בעלי־בתים ווען אָנשטאָפּן דעם מאָגן; אַממערסטנטייל פלעגן זיי אונז געבן עסן צו דער זאַט. אַזוי אָבער ווי זיי פלעגן אונז נישט געבן צו עסן דעמאָלט, ווען עס האָט אונז געהונגערט, נאָר ווען ס'איז אויסגעקומען לויט זייער רעכענונג, האָבן מיר זיך צוגעוואוינט צו עסן אפילו דאַן, ווען מיר זיינען געווען גאָר זאַט. „עס, ווען דו האָסט, וועסטו נישט דאַרפן הונגערן, ווען דו וועסט נישט האָבן!" — דאָס איז געווען אַ באַקאַנט שפּריכוואָרט צווישן אונזעריקע.

זיי האָבן אָנגעהויבן זוכן אין מיין זעקל, און איך בין אַן אָנגעצונדענער געוואָרן פון חרפּה, וויסנדיק, אַז באַלד וועלן די דאָזיקע ערלעכע אידן געפינען ביי מיר אין זעקל חזיר־פּליישׁ.

איך האָב אָנגעהויבן וויינען און זיך מתוודה זיין אויף מיינע זינד.

— כ׳בין געשטרויכלט געוואָרן, — רעד איך העשנדיק — חזיר־פּלייש... איך האָב נישט געקאָנטביישטיין דעם נסיון.

מיר האָט זיך געדאַכט, אַז יענקל איז מיין „בית־דין״, און די צוויי קליינע — מיינע עדות, וואָס האָבן מיך געכאַפּט ביי דער עבירה. יענקל האָט אויסגעהערט די אָפּגעריסענע ווערטער פון מיין ווידוי. די עדות האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ צו דער ערד, ווי זיי וואָלטן זיין די באַשולדיקטע; און איך — איך וויין און זיפץ.

— הער נאָר, קליינער, — האָט יענקל זיך אַ קער געטאָן צו מיר — איך וויים נישט צי דו ביסט דורכגעגאַנגען די אַלע מדורי־גיהנום, וועלכע מיר זיינען דורכגעגאַנגען. האָט מען דיך אויסגעשמירט מיט סמאָלע און ארויפגעפירט אויף דער אויבערשטער באַנק אין באָד, וואו די היץ ברענט און שטיקט? האָט מען דיך געשמיסן מיט ריטער דערפאַר, וואָס מען האָט דיך געטראָפן מורמלענדיק „מודה אני״? האָט מען דיך אַוועקגעשטעלט אויף די קני צווישן שפּיציקע שאַרפע שטיינער, דערפאַר, וואָס דו האָסט נישט געוואָלט קושן דעם צלם? האָט מען דיך געטראָפן אַמאָל קושנדיק בגנבה די ציצית פון „אַרבע־כנפות״ און אָפּגעמשפּט אַזוי פיל ריטער, וויפל פעדים ס׳זיינען פאַראַן אין די ציצית? אויב דו האָסט עס אַלץ נישט איבערגעטראָגן — טו אַ קוק אויף אונזער לייב און צייל איבער די שראַמען, וואָס זיינען דאָרט איבערגעבליבן. און דערצו קאָנסטו נאָך צורעכענען אויך די שמיץ, וואָס איך דאַרף נאָך קריגן, ווייל מיין קליינער גוף האָט נישט געקאָנט אַריבערטראָגן די גאַנצע צאָל שמיץ מיט אַמאָל. — און נאָך דעם אַלעמען, איז נאָך נישט אַריבערגעגאַנגען קיין איין טאָג, מיר זאָלן נישט זאָגן קיין „מודה אני״; און פון חזיר־פּלייש האָבן מיר זיך אַזוי לאַנג אָפּגעהיט, ביז זיי האָבן אינגאַנצן אויפגעהערט אונז דערפאַר צו שלאָגן, נאָר, פּשוט, נישט געגעבן אונז קיין אַנדער זאַך צום עסן, אויסער חזיר־פּלייש. צוויי גאַנצע מעת־לעת האָבן מיר געפאַסט: נישט קיין ברויט און נישט קיין וואַסער איז אין אונזער מויל נישט געקומען. דו זעסט אָט דעם קליינעם שמואלן? די גראָזן פון דער ערד האָט ער דעמאָלט געפּרואווט עסן. און אין דער דריטער נאַכט פון אונזער תענית האָב איך געזען דעם טאַטן אין חלום. ער איז געווען אָנגעטאָן אין זיינע יום־טובדיקע מלבושים און אין דער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ חומש. ער האָט אָנגעהויבן צו לערנען מיט

מיר און מיר איינצוחזרן דעם פסוק „ונשמרתם לנפשותיכם”. און פלוצ־לונג האט זיך די ערד געעפנט; ס'איז ארוים דער מלאך־הדומה... אין דער רעכטער האנט האט ער געהאלטן ריטער און אין דער לינקער — חזיר־פלייש, און ער האט עם דערלאנגט מיר צום מויל. איך קוק אויפן טאטן מיט א ציטערניש... און ער לאכט. דאס גאנצע ארט האט געלויכטן פון זיין געלעכטער, און ער האט געזאגט: „דו עסט דען מיטן גוטן ווילן?” דער טאטע האט אנגעהויבן ארויפצושוועבן אין דער הויך, און פון דערווייטנס האט ער צו מיר געשריען: „זאג דיינע „געכאפטע” ברידער, אז זייער שכר איז זייער גרוים! יעדער איינציקער פון זייערע זיפצן ווערט גערעכנט פאר א תפילה; יעדע גוטע מחשבה ווערט פאררעכנט פאר א מעשה, און אויב איר וועט אויסגיין פון הונגער, וועט איר זיין אין גיהנום”. איך האב מיך אויפגעכאפט. און פון דעמאלט אן האבן מיר אנגעהויבן עסן חזיר־פלייש און טרפה עסנס. דער עיקר איז, מיר זאלן בלייבן אידן; איך בין זיכער, אז גאט וועט אונז דערפאר נישט שטראפן.

א שטיין האט זיך מיר אראפגעקייקלט פון הארצן; איך האב אנ־געהויבן וויינען פון שמחה.

דערווייל האט שמועלע ארויסגענומען פון מיין זעקל ברויט און פלייש.

— פרעסער! — האט יענקל אויף אים בייז א געשריי געטאן — דו האסט פארגעסן? היינט איז דאך „תשעה באב”!

א פארשעממטער האט שמועלע אלץ צוריק אריינגעלייגט און האט זיך אפגערוקט אן א זייט.

מיר האבן ווידער אנגעהויבן צו זאגן די ערשטע קאפיטלעך פון תהילים, אנשטאט קינות. צום סוף האב איך פארגעלייגט, מיר זאלן זאגן „על נהרות בבל”, וואס איך האב געקאנט אויף אויסנווייניק.

מען האט מיך געפאלגט.

אן עדה פון פיר קליינע אידעלעך איז געשטאנען אויף פיאטר בלאַ־פאווס לאנקע, פארבויגן צווישן ארומיקע בערג און איינגעהילט אין די שאטנס פון דער נאכט, און האבן ארויסגעשריען פון טיפן הארצן:

„על נהרות בבל שם ישבנו, גם בכינו, בזכרנו את ציון”.

האבן מיר געזאגט, געזעסן און געוויינט, זיך דערמאנענדיק, וואו מיר געפינען זיך. — — —

(פון „אין יענע צייטן”).



## מענדעלע־מוכר־ספרים.

# דעם אָרעמאַנס שבת

משהלעס טאַטע, שמואליק, איז אַ טאַנדעטניק. אַ גאַנצן טאָג, פון פרי ביז אין דער נאַכט, לויפט ער אַרום מיט אַלטע זאַכן, שלאָגט אָפּ די טירן צו קויפן און צו פאַרקויפן זיין סחורה. ער איז געקרומט, געבויגן, מיט אַ בלייך פּנים, געקנייטשט, געעלטערט פאַר זאָרג און צרות. אַנלויפנדיק זיך ווי אַ הונט, קומט ער מיד, צעבראָכן אין זיין וויסט שטיבל — אַ קאַנורע, מיט עטלעכע גראָשן פאַרדינסט, און אַמאָל גאָר מיט אַ ליידיקער קעשענע, כאַפּט אָפּ עפּעס, וואַרעמס מיט וועטשערע אינאיינעם, און טוט זיך אַ וואָרף שלאָפן. ער ליגט, נעבעך, ווי אַ דערהרגעטער, פילט אין זיך נישט קיין גאַנצן אבר. גאַנץ פרי שטייט דער טויטער אויף, מ׳שטיינס געזאָגט, תחית המתים און ווייטער לויפן, ווייטער אַרומיאָגן זיך. אַזוי פאַרברענגט ער זיין הינטיש לעבן די גאַנצע וואָך.

פרייטיק־צו־נאַכטס באַקומט די קאַנורע עפּעס גאָר אַן אַנדער פּנים — אויסגעשמירט, אויסגעוואַשן ריין אין איטלעכס ווינקעלע. דער טיש געדעקט מיט אַ ווייסן טישטוך, אויף אים דריי מעשענע, אויסגעשייערטע לייכטער מיט די בענטש־ליכט, און צווי שיינע קוילעטשן, אָפּגעשמירט מיט אַ געלכן פון אַן איי, שיינען פון דער ווייט, פאַרנעמען די אויגן.

אין שטוב הערשט עפּעס אַ זיסע רואיקייט, עס שמעקט אַ ריח פון צוגעדעמפּפטע שפייזן, וואָס שטייען אויפן פריפּעטשיק, איבערגעדעקט מיט אַ קישן. די מאַמע, אַ גאַנצע וואָך פאַרשמירט, פאַרפינצטערט, לויכט אין דעם שבתדיקן שלייער, עס רוט אויף איר די שכינה. די באָרוועסע מיידעלעך, פאַרקעמט, אויסגעצוואָגן, האַלטן זיך אינאיינעם אין אַ ווינקעלע, און מען זעט אָן אין זייער פּנים, ווי זיי וואַרטן, קוקן אויף עפּעס אַרוים מיט אַ פרייד לעך האַרץ. — שאַ, עס הערן זיך טריט... מען גייט... די טיר עפנט זיך אויף.

— גוט שבת! — זאָגט שמואליק, קומענדיק פון דער שול און קוקט פריינטלעך מיט אַ שיינענדיק פּנים אויפן ווייב, אויף די קינדער.

— גוט שבת! — זאָגט משהלע הויך אויף אַ קול, אַריינלויפנדיק געשווינד, ווי מיט אַ גוטער בשורה.

און דער טאַטע מיט דעם זון הייבן אָן ביידע, אַרומגייענדיק איבער דעם שטוב, צו זאָגן אויף אַ ניגון „שלום עליכם!" דאָס נעמט מען אַזוי אויף די הייליקע מלאָכים, געשיקט פון דעם אויבערשטן, פונ'ם מלך איבער אַלע מלכים, הקדוש ברוך הוא, וואָס האָבן זיי באַגלייט פון דער שול אַהיים: דער טאַנדעטניק איז שוין נישט מער קיין הונט, ער איז אַ פּרינץ, עפּעס האָט ער באַקומען אַ נייע נשמה, אַ נייע הויט. ער מאַכט קידוש, וואַשט זיך, זעצט זיך צום טיש, — דאָס ווייב, די פּרינצעסן, און די קינדער אַרום אים. מען שטופּט דעם גאָפּל, דעם לעפל און מען כאַפּט אַ שטיקל פיש, אַ לאָקש, אַ ביינדל, אַ ביסל צימעס — אַזעלכע מאכלים, וואָס מען האָט זיי אַ גאַנצע וואָך אין די אויגן נישט געזען. איטלעכס פון די קינדער עסט עס, שטאַרק היטנדיק זיך, קיין ברעקל זאָל, חלילה, נישט אַראָפּפאַלן, עפּעס מיט אַ גוט ערנסט פּנימל, וואָס וועקט אויף אין האַרצן געפילן פון רחמנות — עפּעס גאָר ווי אַ וועוועריקל, וואָס זיצט זיך אויף אַ בוימל און קנאַקט עפּעס אַזוי שיין, אַזוי ערנסט אַ ניסל...

שמואליק שטעלט די „כלי" צו די זמירות און שפּילט אָפּ טשאַקנדיק אַ „מה ידידות":

„ווי ליב די רו איז דיינע,
פּרינצעסן שבת פיינע!
מיר לויפן דיר אַקעגן אַלע,
מיר בעטן: קום, געקרוינטע כלה!...
פון אַלע מלאָכות איז אַן עק,
די אַרבעט לייגט מען איצט אַוועק,
זיך תענוג אָנצוטאָן ביים טיש,
מיט הינער, חלה, פלייש און פיש."

סמבטיון דער טייך, וואָס לויפט, רוט נישט די גאַנצע וואָך, בלייבט שבת פּלוצים שטיין. „עס הערן אויף די קולות, גוואַלדן, ווען הויך דער איד זינגט די זמירות זיינע. דער שרעקלעכער טייך שטערט אים נישט אין דעם שטייגער זינגען, עס שווייגן די בייזע כוואַליעס, אויס רעש — שאַ, ס'איז רו!"...

אַזוי פרייט זיך אַ מעת־לעת דאָס האַרץ, „אַ פרייד, אַ שמחה אויף די אַלע אידן, זיי זיינען פריי פון זאָרג און שטאַרק צופרידן."

אויפן אַנדערן טאָג פאַרנאַכט, נאָך שלש־סעודות, זיצט אונזער שמואליק אַראָפּגעלאָזט די נאָז אין שול. ס'איז טונקל. אידן ברומען, זאָגן אויף אַ קרעכצנדיק קול דאָס קאַפּיטל תהילים „אשרי תמימי דרך", וואָס דערמאָנט אין דעם, אַז די פּרינצעסן שבת קלייבט זיך אין וועג אַריין. עס הערשט

עפּעס אַן אומעטיקייט, און עס שמעקט מיט ראָסל פון אוגערקעס. די זון איז שוין פאַרגאַנגען, פייער־רויטע וואָלקנס שרפענען ביים עק הימל, און עס שטעלט זיך אידן פאַר דער ברענענדיקער גיהנום. עס קלינגט זיי אין די אויערן דער שרעקלעכער באַפעל: „ישובו רשעים לשאולה!" — די רשעים אויף יענער וועלט, וועלכע מען האָט געלאָזט שבת צורו, זיך קייקלען דאָרט פריי אויף בערג פון שניי, טרייבט מען עס אַצינד ווידער אין חדר אריין: גייט זיך פרעגלען אהין אין גיהנום! מלאכי־חבלה דרייען זיך עפּעס פאַר די אויגן. אַך, דער גיהנום! דער איד, נעבעך, זעט פאַר זיך דעם גיהנום.

אין דער היים ביי זיך זיצט אויף דער מילכיקער באַנק דאָס ווייב, פאַרלייגט די הענט און די פיס אונטער זיך. ס'איז פינצטער. אַ ליכטיקער פאַס פון דער לבנה שיינט אריין דורך אַ פענצטערל, אָפּשלאָגנדיק זיך אַקעגן אויף דער וואַנט, אויף דער סטעליע, און שאָטנס פון משונהדיקע געשטאַלטן טאַנצן, שפרינגען, מאַכן אַן עפּעס אַ מורא אויף די אַלע קינדער, וואָס שטיקן זיך צונויף אינאיינעם, ווי די דערשראָקענע שעפעלעך, מיט אַראָפּ־געלאָזטע קעפּ, איינס מיט דעם אַנדערן נישט צו רעדן קיין וואָרט. שאַ, שטיל! נאָר אַ פּאָר גרילן גרילצן זיך איינע מיט דער אַנדערער איבער אין די שפּעלטעלעך ערגעץ אין אַ ווינקל. דאָס ווייב זיצט פאַרטראַכט, שאָקלט מיט דעם קאָפּ און נעמט זיך דערנאָך זאָגן מיט אַ געניץ: „גאָט פון אברהם... אַז דער ליבער שבת קודש גייט אהין"... אויף אַ טרויעריק, זינגענדיק קול — אַן עק, הייסט עס, אַ סוף. מען רייבט, רייבט מיט קונצן עפּעס אַ מין שוועבעלע, אַ צווייטס, אַ דריטס, ביז עס ווייזט זיך מיט אַ בייזער אין אַ רויך, אַ געשטאַנק, אַ בלוי־רויטלעך פייערל, ביי וועלכן מען צינדט, נאָך פיל מי, אָן אַ חלבדיק גראָשן ליכטל.

— גוטע וואָך! — זאָגט איטלעכער און פילט, ווי עס רייסט זיך אים עפּעס אָפּ אינווייניק אין הארצן.

— אַ גוטע וואָך! — זאָגט שמואליק, אויף אַ פאַרדומפּן קול ביים אריינקומען אין שטוב ווי אַ קעצעלע. ער דרייט זיך אַרום ווי אַ נעכטיקער, די אויגן זיינע וואַרפן זיך עפּעס, דאָס פּנימל בלייך, אויסגעצויגן, און מען זעט, ווי אין אים גייט פאָר עפּעס אַ פאַרענדערונג.

דאָס הויבט זיך אין אים אָן די איבערקערעניש פון פּרינץ ווידער אין אַ הונט. עס שטעלט זיך פאַר שמואליקן די וואָך מיט דעם הינטישן לעבן: מיט דעם אַרומלויפעניש, מיט דעם קאָפּדרייעניש, מיט די חרפּות, בזיונות און דעם זוכעניש דאָס דאַרע שטיקל ברויט — און עס באַשלאָגן אים אַנגסטן. נאָר דער פּרינץ וויל זיך אָבער אַזוי גיך נישט אונטערגעבן, ער ראַנגלט זיך, לאָזט זיך נישט נעמען אין גיהנום אריין, פּלוצים אין אַ

הונט פאַרוואָרפן צו ווערן! ער צאַפּלט, ער זוכט אין וואָס זיך אָנצוהאַלטן — טאָמער איז נאָך פאַרט דאָ עפּעס א האָפנונג, גאָט קען נאָך רחמנות האָבן — און די האָפנונג גיט אים אַ שיין אין דער ברענענדיקער הבדלה. פרום מיט פאַרגלאָצטע אויגן נעמט ער זיך מאַכן הבדלה: „הנה אל ישועתי" — אָט איז ער, דער גאָט פון מיין הילף, „אבטח ולא אפחד" — איך בין פאַרזיכערט און שרעק מיך נישט!... ער שמעקט און מונטערט זיך מיט בשמים, ער טרינקט פון כוס און שמירט דערפון די קעשענעס — אַ סגולה צו אַ גוטער, מזלדיקער וואָך. און די האָפנונג שיינט אים אויך אין די שבת־צונאַכטיקע זמירות. ער הויבט אָן אויף אַ זיס־טרויעריקן ניגון אונטערצוזינגען „המבדיל"...

און די האָפנונג שיינט אים נאָך מער אין דעם „איש חסיד". עס צעפלאַקערן זיך אים די אויגן. עס פאַרפאַרבט אים זיך אביסל רויטלעך דאָס פּנים, ער קוקט אויפן ווייב און אויף די קינדער, און מיט בטחון אויף גאָט ברומקעט ער באַהאַרצט דאָס וואונדער־שיינע מעשהלע מיט דעם חסיד.

— אַך, גאָטעניו! — לאָזט שמואליק אויס דעם „איש חסיד" מיט פאַרגלאָצטע אויגן און פאַרגייט זיך, ברומקענדיק אונטער זיך אַ וויינענדיק אידיש שטייגערל אויף דער דינער סטרונע — אַך, טו עפּעס אַ נס און העלף, גאָטעניו, העלף, העלף, ווי איז מיר!...

(פון „דאָס ווינטשפינגערל".)



ה. רויזנבלאַט.

# בדיקת חמץ

אָוונט. פּסחדיקע שטיבער.
גרויסע אידן. בערד און הענט
וואַרפן טונקל־גרויע שאָטנס
אויף די אויסגעווייסטע ווענט.

אויסגעשפּרייט די ברעקלעך חמץ
אין די ווינקעלעך אַרום.
ערשט צעלייגט... און שוין פאַרגעסן,
און מען זוכט זיי אומעטום...

אין דער לינקער האַנט אַ לעפל,
אין דער רעכטער האַנט אַ ליכט: —
אָט איז נאָך אַ ברעקל חמץ!
אָפּגעזוכט זיך אומגעריכט!

אין דעם הילצערנעם פּאַלאָניק
פאַלט דאָס לעצטע שטיקל ברויט;
טריפט דער לעצטער טראָפּן דלות
פון דער וואָכעדיקער נויט...

שלאָפט דער לעצטער לעפל חמץ
אין אַ ווינקעלע פון הויז...
אַלעס דרימלט — חוץ דער זייגער
און די הונגעריקע מויז...

ציילט דער זייגער שטיל די רגעס
צווישן וואָך און יום־טוב־פרייד —
און די מויז אין ווינקל גריזשעט
ס׳רעשטל דלות שטילערהייט.



יהואָש.

# ליל שימורים

שוין פאַרזוכט פון אַלע כוסות
האָט דער נביא אליהו,
שטילע רו־מלאכים פליען
פון די הימלען פון די בלויע.

טראָגן זיך פון הויז צו הייזל,
שוועבן אום אויף אַלע דעכער,
גנבענען זיך אַריין אין פענצטער,
קריכן דורך די שליסל־לעכער...

בענטשן איטלעכעם געלעגער,
קושן יעטווידן באַזונדער,
שושקען יעדן אין זיין שלומער
זיסע טרוימען, הימל־וואונדער...

הייליק איז דאָס קליינע געסל,
ס'טאָר קיין בייז אים ניט פּאַסירן,
שניי־געפלינלטע מלאכים
שטייען וועכטער ביי די טירן...

א. ש. זאַקס.

# דער סיום פון דער קינדערשער חברה

(זכרונות)

די אינגלשע חברות פּרחי שושנים זיינען געווען פאַרשפּרייט אין כמעט אַלע שטעטלעך פון זאַמוט, קורלאַנד און ליטע.

שוין דער שיינער פּאָעטישער נאָמען „פּרחי שושנים" באַווייזט, אַז די חברה איז שטאַרק פאַרצויגן און געצערטלט געוואָרן ביים ברייטן עולם. אַזאַ באַציאונג צו זיך האָט די אינגלשע חברה כשר ויושר פאַרדינט.

די חברה פּרחי שושנים האָט געלעבט מיט דעם צוועק אַריינ־צוגעבן ספרים אין בית־המדרש.

דער גרעסטער טייל ש"סן און פּוסקים און אַנדערע ספרים זיינען אין די בתי־מדרשים אַריינגעגעבן געוואָרן דורך דער אינגל־שער חברה.

ווען איר וואָלט אַריינגעגאַנגען אין אַ זאַמוטער בית־המדרש, וואָלטן אייך זיך גלייך געוואָרפן אין אויג גרויסע גמראס און אַנדערע ספרים, איינגעבונדן אין לעדער. אויפן מיטלפּונקט פון רעכטן טאָוול איז אָפּגעדרוקט אַ פּירעקיק קיכל, וואו עס איז אוים־געקריצט מיט גאָלדענע אותיות „נדבת חברה פּרחי שושנים שנת... לפ"ק".

די גאַנצע חברה פּרחי שושנים איז באַשטאַנען פון לויטער יונג־וואַרג. זי איז געווען אַן אמתע קינדערשע מלוכה. די מיטגלידער, די חברהלייט גופא, די גבאים, די דעה־זאָגער, די פינאַנציעלע סעק־רעטאַרן, די בוכהאַלטערס און אַלע אַנדערע בעלי התמנות זיינען געווען פּוזאקעס ניט עלטער פון דרייצן־פערצן יאָר. קיין מינימום גרענעץ האָט ניט עקזיסטירט. אַ נפש פון אַ טאָג אַלט האָט שוין געקאָנט ווערן אַ חברהמאַן.

די גבאים זיינען געוויינלעך געווען די בר־מצוה בחורים, אינ'ם עלטער פון צוועלף ביז פערצן יאָר. די הויפּט אַרבעט פון די גבאים איז געווען צו קלייבן די וואָכערס, וואָס איז געווען אַזוי גרויס ווי אַ קאָפּיקע אַ וואָך.

די וואָכערס פלעגן יעדן פרייטיק אַריינברענגען צווישן צוויי און דריי רובל. אַ גאַנץ יאָר פלעגט זיך צוזאַמענקלייבן אַן ערך ק"ן קערבלעך — אַ באַדייטנדע סומע — צו קויפן ספרים.

די חברה פרחי שושנים האָט פאַרנומען אַ בכבודיקן פּלאַץ צווישן אַלע אַנדערע גרויסע חברות אין שטאָט. זי האָט זיך באַנוצט מיט אַלע פּריווילעגיעס און זכותים, ווי די וויכטיקסטע חברות.

יעדע חברה פלעגט קריגן איין שבת פון יאָר אונטער איר פולן קאָנטראָל פאַר אירע חברהשע צוועקן. חברה קדישא, צום ביי־שפּיל, פלעגט האָבן שבת בראשית; חברה תהלים — שבת ויקרא; חברה בקור חולים — אַן אַנדער שבת, א. א. וו.

יעדע חברה פלעגט מאַכן געלט פון איר שבת. זי פלעגט טיילן די עליות, און די נדבות פון די מי־שברכס פלעגן גיין אין קאַסע פון דער חברה.

די חברה פרחי שושנים האָט אויך געהאַט איר שבת. ביי אונז אין שטעטל האָט איר געהערט דער שבת, ווען עס פלעגט גיין די דאָפּלטע סדרה ויקהל־פקודי.

דערביי איז געווען אַ כוונה. ויקהל־פקודי, אויסער וואָס זיי זיינען צוויי באַזונדערע סדרות, האָבן נאָך דערצו לאַנגע פּרשיות, וועלכע מען האָט געקענט שפּאַלטן. פאַר אַ חברה איז דאָס אַ גרויסע מעלה: מען קען איינפאַך לייזן מער געלט.

מיט אַ פּאָר וואָכן נאָך דער פּרשה ויקהל־פקודי פלעגט פאַר־קומען דער סיום פון דער חברה פרחי שושנים — דער טאָג, ווען די ספרים ווערן אַריינגעגעבן אין בית־המדרש.

די וואָך פון סיום פלעגט ביי דעם קליינוואַרג פון שטעטל ווערן לעבעדיק. שוין מיט אַ וואָך פריער האָט זיך אין דער לופט פון שטעטל געפילט די יום־טובדיקע שטימונג פון דעם אַריינגעבן די ספרים. די מוטערס פון די גבאים און סתם פרומע גוטע אידענעס פלעגן אַרומלויפן ביי אַלע לעקעך־בעקערס אויספרעגן די פּרייזן. עס פלעגן פאַרקומען גאַנץ אָפט גרויסע פּאַראיבלס צווישן די מוטערס פון די גבאים איבער דעם כבוד אויפצופאַסן ווי אַזוי, וואו און אין וועמענס אויוון דער לעקעך זאָל געבאַקן ווערן. צו אַזאַ כבוד און מצווה האָט יעדע פרוי געוואָלט זוכה זיין. סוף־כל־סוף פלעגן זיך די מוטערס ווי עס איז איינִיקן און זיך צעטיילן מיט דעם כבוד. איינע פלעגט איינקויפן דאָס מעל, די צווייטע פלעגט ברענגען פון אירע הינער די אייער, אַ דריטע האָט באַזאָרגט דעם האָניק, אַ פערטע האָט געגעבן איר אויוון, איר הויז, א. אַ. וו. דער לעקעך איז אויף דעם אופן געווען אַ פּראָדוקט פון אַ קאָלעק־טיווער אַרבעט: יעדע מאַמע האָט זוכה געווען צו אַ שטיקל מצווה.

דעם לעצטן פרייטיק פאַרן סיום זיינען די גבאים שוין געווען אויסגעפּוצט אין די שבתדיקע מלבושים. דעם טאָג האָבן זיי, ביים

איינמאָנען די וואָכערס, אויסגעטיילט לעקעך ביי יעדן „חברהמאַן" אין הויז.

אַ מנהג איז געווען, אַז ביים קריגן דעם חלק לעקעך, האָט די מוטער אָדער דער פאָטער פון די חברהלייט געגעבן אַ ספּעציעלע נדבה, חוץ לחשבון פון די וואָכערס.

די גבאים פלעגן אויף די נדבות אויסקוקן. עס איז געווען אַן אַלטער כלל, אַז די נדבות פון דעם לעקעך וועלן אַריינברענגען אַזוי פיל, וויפל מען וועט דאַרפן באַצאָלן די איינבינדערס.

דער אמתער יום-טוב פלעגט זיין אין דעם טאָג פון סיום.

הגם אַלע האָבן שוין פון פריער אויף זיכער געוואוסט, ווען און וואו דער סיום וועט פאָרקומען, איז אָבער געווען אַ מנהג, אַז שבת נאָך דער קריאה האָבן די שמשים פון די שולן געמוזט מודיע זיין וועגן דעם דורך אַ כרוז, דורך אַ מודעה רבה.

— רבותי! — האָט דער שמש אויסגעשריען אויף דער העכסטער אָקטאַווע — להוי ידוע, זייט וויסן, אַז דינסטיק, יום השלישי משבוע הבע"ל, פון קומענדיקער וואָך, וועט אם ירצה השם זיין דער סיום פון דער חברה פרחי שושנים בבית רבי מנחם-מענדל, אין הויז פון מענדל דעם שענקער, אויפן מאַרק. הוי מוכנים, זייט גרייט צו דעם!!!

און דינסטיק איז טאַקע געווען אַן אמתער גרויסער קינדערשער יום-טוב.

ערב דעם סיום זיינען שוין די מאַמעס און די באָבעס געווען פאַרטאָן מיטן וואַשן און פלעטן פאַר די חברהלייט. דינסטיק אינדערפרי האָט מען די גאַנצע חברה קליינוואַרג איבערגעטאָן אין בגדי יום-טוב. אפילו די ווינדעלעך פון די זויגלינגע זיינען איבערגעביטן געוואָרן. מיט אַ באַזונדערער התמדה האָט מען אַרומגעוואַשן, אויסגעצוואָגן און אויסגעקעמט די קעפּלעך און אָפּגעווישט די נעזלעך פון די פינף-זעקס יעריקע אלף-בית אינגלעך. אַלעם האָט געלויכטן, אַלעם האָט געבלישטשעט.

דער עכטער יום-טוב פלעגט זיך אָנפאַנגען אַרום צען אַזייגער אינדערפרי, ווען דניאל דער קוימענקערער און משה מנשה דער גלעזער פלעגן אָנקומען אין בית-המדרש, וואו די גבאים זיינען שוין פון פריער געווען פאַרזאַמלט.

דניאל דער קוימענקערער און משה מנשה דער גלעזער זיינען ניט געווען קיין חשובע בעלי-בתים ביי אונז אין שטעטל. זיי האָבן געהערט צום המון. זיי האָבן ניט נאָר ניט געקענט לערנען

אַ בלאַט גמרא און אַ פּרק משניות, נאָר בייזע צונגען פלעגן זאָגן, אַז זיי זיינען אפילו קנאַפּע בעלי עברי.

זיי זיינען אָבער בטבע געווען ברילִיאַנטענע מענטשן מיט פּאָעטישע נשמות און טייערע הערצער. זייער ליבע צו קינדער האָט קיין שום גרענעץ ניט געהאַט. דניאל דער קוימענקערער האָט באַזעסן אַן אמתן פּאַלקס הומאָר. פלעגט מען אים ווען עס איז איינלאַדן אויף אַ חתונה, פלעגט ער פריילעך מאַכן דעם עולם, בעסער ווי דער פּראָפעסיאָנעלער מאַרשאַליק. ווען ער פלעגט מאַכן זיינע קאָמישע העוויות און זאָגן גראַמען, פלעגט דער גאַנצער עולם זיך קאַטשען פון געלעכטער.

משה מנשה, פּאַרקערט, האָט געהאַט אויסערלעך אַ בייזן אויסזען, ער פלעגט זעלטן ווען אַ שמייכל געבן. אַ שטענדיקע מרה־שחורה איז געלעגן אויף זיין מיט קנייטשן באַדעקטן פּנים. דער איינציקער טאָג אין יאָר, אַ חוץ אפשר שמחת־תורה, ווען משה מנשה פלעגט פון זיך אָרונטערוואַרפן די דאגות חיונה און ווערן לוסטיק, לעבעדיק איז געווען דער טאָג פון סיום ביי דער קינדערשער חברה.

משה מנשהס פּנים פלעגט דעמאָלט לייכטן און שטראַלן פון נחת. זאָגן פלעגט מען, אַז משה מנשה האָט געכאַפּט אַן איבעריקן לחיים און געוואָרן אָנגעסנאָשקעט. אין אמתן אָבער איז ער דעמאָלט געווען שכור ניט פון בראַנפן, נאָר פון התלהבות און ליבע צו די קינדער און זייער הייליקער זאַך.

און אָט די צוויי בעסטע און איבערגעבנסטע קינדער־פריינד פלעגן מיט זייער אַריינקומען אין בית־המדרש געבן דעם סיגנאַל, אַז דער סיום פאַנגט זיך אָן.

די ערשטע אַרבעט פון די גבאים און זייערע פריינט, דניאל דער קוימענקערער און משה מנשה דער גלעזער, איז געווען צונויפזאַמלען אַלע חדר־קינדער פון דעם גאַנצן שטעטל. פאַר דעם צוועק פלעגט מען זיך אַוועקלאָזן צו די חדרים פון די גמרא ביז צו די דרדקי מלמדים. די גבאים פלעגן בלייבן שטיין אין מיטן גאַס און משה מנשה מיט דניאלן פלעגן אָנקלאַפּן אין לאַדן פון חדר. דער קלאַפּ האָט באַדייט: חברה, עס איז שוין צייט! דאָס קליינוואַרג האָט אויף משה מנשהס באַקאַנטמאַכונג געוואַרט ווי אַ פרומער איד אויף משיחן.

אין איין הרף־עין האָבן זיך אַלע קינדער פון חדר אַ לאָז געטאָן אויפן גאַס און זיך פאַראייניקט מיט דעם מאַרשרוט פון די גבאים. די מחנה פון דער קליינער חברה איז מיט יעדן חדר געוואָרן אַלץ גרעסער און געדיכטער. אין פאַרלויף פון אַ שעה צייט זיינען אַלע

חדרים געווען פוסט, און דער גאַנצער יונגער דור האָט זיך געפונען אויפן גאַס אונטער דער פירערשאַפט פון די גבאים און דניאל דעם קוימענקערער און משה מנשה דעם גלעזער.

פון לעצטן חדר האָט זיך די גאַנצע חברה אַוועקגעלאָזן צו די אײנבינדערס, וואו די נייע ספרים האָבן שוין געוואַרט און געבעטן זיך מען זאָל זיי אָפּנעמען פון דאָרטן.

ביי די אײנבינדערס אין הויז האָבן די גבאים, מיט דער הילף פון דניאלן און משה מנשהן, צעטיילט די ספרים צווישן די חברה-לייט. די גמרא-אינגלעך פלעגן קריגן גמראס, די חומש-אינגלעך — קלענערע, לייכטע ספרים, אפילו די אַלף-בית אינגלעך זיינען אויך ניט געקריוודעט געוואָרן.

די יעניקע, וועלכע האָבן שוין געהאַט זייערע ספרים, פלעגן תיכף אַרויס פון אײנבינדערס שטוב און אָפּוואַרטן אינדרויסן אויף דעם איבעריקן עולם.

אַרום צוויי-דריי אַזייגער זיינען שוין אַלע געווען באַוואָפנט מיט ספרים אונטער די אָרעמס. און ווען משה מנשה האָט געגעבן די קאָמאַנדע: „חברה, מיר גייען!", האָט זיך די גאַנצע מחנה אַ ריר געטאָן פון אָרט. מיט שטאָלצע, פריילעכע פנימלעך האָט זיך דאָס קליינוואַרג פון דעם גאַנצן שטעטל באַוועגט איבער אַלע גאַסן. די קראָמען און די געוועלבן זיינען אומעטום גלייך צוגעמאַכט געוואָרן ביים אָנקומען פון די יונגע חברהלייט.

די מחנה איז מיט יעדער מינוט געוואָרן גרעסער. מוטערס מיט זייערע עופעלעך און אַזוי טשיקאַווע מענטשן האָבן זיך וואָס ווייטער אַלץ מער אָנגעשלאָסן אָן דעם גאַנג פון דער יוגנט.

— דרך-ארץ פאַר די פרחי שושנים! פנו דרך פאַר אונזערע הייליקע ספרים! — פלעגט משה מנשה יעדע פאָר מינוטן מיט גרויס התלהבות אויסשרייען. די חברה פלעגט די אויסגעשרייען אונטערהאַלטן מיט אַ פריילעכן הוראַ, וואָס האָט פאַרהילכט די לופט.

מנחה-צייט איז אונזער חברה אָנגעקומען צו מענדל דעם שענ-קערס הויז, וואו דער סיום איז פאָרגעקומען. מענדלס הויז איז געווען זייער גרויס און האָט זיך געפונען אין צענטער פון שטעטל. דעריבער איז דער סיום געפּראַוועט געוואָרן ביי אים.

דאָרטן האָבן אויף די קליינע העלדן פון טאָג געוואַרט לאַנגע, געגרייטע טישן, אויף וועלכע עס איז געשטאַנען משקה, לעקעך, טייגלעך און אַנדערע זיסע מאכלים. אַרום די טישן איז שוין געזעסן דער רב, די יועצים און פילע אַנדערע פון די נכבדי העיר. די שטאָטישע קאַפּעליע, אונטער דער לייטונג פון חיים דעם קלעז-

מער, איז געזעסן ביי אַ באַזונדערן טיש. אַלע מיטגלידער פון דער קאַפּעליע זיינען געווען דערביי. אפילו שלמה דער צימבלער, אַ זקן פון אַ יאָר אַכציק, וועלכער האָט שוין לאַנג אויפגעהערט צו גיין אויף חתונות, איז אויך געקומען זיך צושלעפּן מיט זיין צימבל אנטייל צו נעמען אין דעם גרויסן יום-טוב.

קוים האָט זיך דער אַוואַנגאַרד פון דעם יונגן חיל, וואָס איז באַשטאַנען פון דניאל דעם קוימענקערער און משה מנשה דעם גלעזער מיט אַלע גבאים, באַוויזן אויפן פאָרנט פון הויז, האָט די קאַפּעליע אָנגעהויבן צו שפּילן אַ זיסן און פריילעכן ברוך-הבא, און די נכבדי העיר האָבן זיך אויפגעהויבן מקבל פנים צו זיין די הויפּט מחותנים פון דער שמחה.

ווען די קלעזמער האָבן געענדיקט שפּילן, האָט דער חזן מיט די משוררים אויפגעזונגען אַ שמחת-תורהדיקן ניגון און דער גאַנצער עולם — דער אַלטער און דער נייער דור — איז אַריינגעקומען אין אַ גרויסער, הייליקער, אומבאַשרייבלעכער התלהבות. דניאל מיט משה מנשהן האָבן געכאַפּט אַ טענצל און דער איבעריקער עולם האָט דאָס טענצל באַגלייט מיט אַ שיינעם זמר.

נאָכן מעריב דאַווענען האָט דער עולם זיך אַ נעם געטאָן צום אָנגעשטעלטן טיש, וואָס איז אין אַ קורצער ווײַלע אָפּגערייניקט געוואָרן. די פלעשלעך מיט משקה זיינען אויסגעליידיקט געוואָרן און פון דעם לעקעך און דעם איינגעמאַכץ איז אפילו קיין זכר נישט געבליבן. יעדער איינער האָט געגעסן און געטרונקען ווי אויף אַ גרויסער אייגענער פאַמיליען-שמחה.

דערקוויקט דאָס הארץ, האָט זיך אָנגעפאַנגען די פּראָצעסיע, דער הילוך צום בית-המדרש, וואו די ספרים זיינען אַריינגעגעבן געוואָרן.

אַלע הייזער, וואו די פּראָצעסיע האָט זיך באַוועגט, זיינען געווען אילומינירט מיט ליכט אין די פענצטער; די יונגעלייט פון שטעטל האָבן באַזונדער געטראָגן אָנגעצונדענע סטעאַרין ליכט, אָבער די אַלע ליכט זיינען פאַרטונקלט געוואָרן קעגן די ליכטיקע פּנימלעך פון דעם קליינוואַרג.

די קאַפּעליע איז געגאַנגען פאָרויס און געשפּילט, דער חזן מיט די משוררים האָבן געזונגען, דער עולם האָט געטאַנצט און אונטערגעבאַמקעט, די יונגע אידישע טעכטער זיינען אַרויס אין גאַס קוקן אויף די שטאַלצע, פרישע און מונטערע פּנימער פון די חתן-בחורים, די טאַטעס האָבן געקליבן נחת, די מאַמעס האָבן געוויינט פאַר פרייד, די באָבעס האָבן פאַרקאַטשעט די טערקישע

טיכער און געפּליעסקעט מיט די הענט און די זיידעס האָבן אונ־
טערגעקנאַקט מיט די פינגער. אויף אַלעמענס געזיכטער איז געווען
אויסגעגאָסן אַ באַזונדערער חן, עפּעס ווי די שכינה וואָלט גערוט.
אין אַלע ווינקעלעך איז געווען ליכטיק, וואַרעם, פריילעך און
לעבעדיק. היינט איז יום־טוב! היינט איז אַ הייליקער טאָג!
אפילו די שטערן פון הימל האָבן ליבלעך אַרונטערגעקוקט אויף
דער שמחה, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט ערגעץ אין אַ קליין פאַר־
וואָרפן אידיש שטעטל לכבוד דעם יונגן דור פון דעם עם־הספר...

(פון בוך „חרובע וועלטן”)



דער לערנער — ליליען

ש. אַש.

# שמחת תורה אין דער קצבישער חברה

דער עולם האָט זיך נאָכמיטאָג שמיני־עצרת אין דער קצבישער חברה צוזאַמענגעקליבן. מיט מנחה האָט מען ר׳ ברוך פישער מכבד געווען; און ר׳ ברוך, דעם טלית אויף איין אַקסל פאַרלייגט, און אויפן קאָפּ אַ קאַפּעלושל מיט ווייסע שלייפערלעך און ווייסע פעדימלעך אַריינגעשטאָכן, שטייט פאַרן עמוד און זינגט די יום־טובדיקע שמונה־עשרה. אונטער זיינע פיס איז אַוועקגעשטעלט אַ באַנק, כדי ר׳ ברוך זאָל אומפאַלן, ווען ער וועט די שמונה־עשרה אויסגיין. מען איז עפּעס דורך דער ימים־נוראים צייט מיט גאָט נאָענטע מחותנים געוואָרן, — „אויף דו״...

ר׳ ברוך האָט שוין שמונה עשרה אָפּגעזאָגט, דער עולם איז אַרום מיט אַ פריילעכן קדיש, אַזוי ווי דאָס מאָל וואָלטן די געשטאָרבענע מוחל געווען, אז מען זאָל פאַר זיי בעטן... און ר׳ ברוך איז שוין אומגעפאַלן, ווי מען האָט געוואָרט. מען האָט אים מיט געזאַנג אויפגעהויבן און מיט גרויס פּאַראַד געפירט צום טיש, אַנידערגעזעצט אים אויבנאָן, ביים „רבין״ און מכבד געווען מיט צוויי שטיקער לעקעך.

דער עולם איז געזעסן אַרום ביי די טישן, און די גבאים האָבן דערלאַנגט.

און לעקעך האָט מען געטיילט אומגעוואויגן, און בראָנפן האָט מען געגאָסן אומגעמאָסטן.

ביי דער טיר זיינען געזעסן זעקס בחורימלעך אויף איין זייט, זעקס בחורימלעך אויף דער צווייטער זייט: באַהעלפער פון חדרים, אתרוג־אַרומטראָגער, הושענה־מאַכערס, לולב־בינדערס. די צוועלף בחורימלעך האָבן געדינט אַלס מוזיק אויפצונעמען יעדן חברהמאַן, וואָס קומט אַריין, מיט אַ פריילעכן „ברוך הבא״ און אָפּצוקנאַלן אַ „גוט יום־טוב״ ביי אַ טרונק בראָנפן.

דער עולם האָט נאָר ביר געטרונקען, דעם לעקעך האָט יעדער פאָטער צוגעטיילט די קינדער, וואָס זיינען מיט אים אין דער חברה געווען, און די עפּל, און די נים האָט מען באַהאַלטן פאַר די ווייבער אין די קעשענעס.

די גבאים, אָנגעטאָן אין ברייטע פאַרטוכער, האָבן דערלאַנגט, דער עולם האָט געטרונקען. דער חברה־חזן מיט די משוררים האָבן אַ פריילעכן

ניגון געזונגען, און דאָס אינגל, דאָס קוויטשערל, האָט אין דעם ניגון אַ טרויעריקן „ונתנה־תוקפדיקן" טאָן אַריינגעכאַפּט. און דער באַס האָט אַ בעמעלע געגעבן: אוי, — אוי, — אוי, — און דער עולם האָט מיטגע־האָלפן: אוי, — אוי, — אוי, — האָט עס אויסגעזען עפּעס ווי אַ פריילעכער יום־כיפּור.

און וואָס אַמאָל האָט זיך דער „אוי־אוי" אַלץ מער פאַרגרעסערט, אַלץ שטאַרקער געהילכט, און האָט אַ איד אַ בליק אין פענצטער געוואָרפן און די פאַרלאָפענע שויבן געזען, האָט ער מיטגעברומט: אוי־אוי, אוי־אוי, דער ווינטער קומט, דער ווינטער קומט!

אַ צווייטער איד האָט מיטגעזונגען: „דער אויוון איז צעבראָכן", און אַ דריטער איד האָט מיטגעזונגען: „און דער פעלץ איז אויסגעקראָכן", און דער איבעריקער עולם האָט אַ ברום געגעבן: „און קיין געלט איז נישטאָ" —

— „אוי־אוי, אוי־אוי".

און אַזוי האָט דער עולם אונטערגעהאָלפן, ביז עס איז טרויעריק־פריילעך געוואָרן. און ר' ברוך פישער האָט דער ערשטער זיך פון אָרט אויפגעהויבן און האָט זיך אַ לאָז געטאָן טאַנצן.

— שישו ושמחו בשמחת תורה!... היידאַ, עולם! היידאַ! היידאַ!

— צוויי גילדן אַ פונט פישלעך — האָט אונטערגעבראָכן זינגענדיק אַנשיל קצב און איז צו צו ר' ברוכן און אים אָנגענומען פאַרן לאַץ.

— פּערציק גראָשן אַ פונט פלייש — האָט ר' ברוך געזונגען, האַלטנדיק ר' אַנשילן פאַר דער האַנט. און דער עולם איז אַרוים מיט אַ הילך:

— גוט יום־טוב! גוט יום־טוב!

באַלד האָט זיך דער עולם איינגעשטילט. דער רבי פון דער חברה האָט דעם גרויסן מדרש אין האַנט גענומען, פון וועלכן ער פלעגט יעדן שבת לערנען, אויפגעעפנט עס און אָנגעהויבן:

— נו, רבותי!

— רבי, אַ שטיקל, אַ פריילעכעס.

— אַ יום־טובדיקעס, רבי, — האָט דער עולם געזאָגט.

— זיי ווילן אַן אַגדתא, רבי, נישט קיין הלכה, — האָט ר' מרדכי קצב זיין בקיאות פאַרן עולם אַרויסגעוויזן.

דער רבי האָט אַ שמעק טאַבאַק גענאָסן און אָנגעהויבן זאָגן:

— מיר וועלן מסיים זיין אין מדרש.

— אַז עס איז געקומען די צייט, ווען משה רבנו זאָל נפטר ווערן, האָט ער ביי גאָט געבעטן: „ריבונו של עולם, פערציק טעג, פערציק נעכט בין

איך ביי דיר געווען, בעט איך דיך, זאָלסט מיך נישט איבערגעבן דעם מלאך המות"...

— רבי, אַ פריילעכעס, — שרייט דער עולם.

— ניין, רבי, טאַקע דאָס, — שרייט ר' ברוך און טרערן באַווייזן זיך אים אין די אויגן — אַט אַזוי ווייטער.

דער רבי זאָגט ווייטער:

— דעמאָלט האָט זיך משה געהייליקט ווי אַ מלאך, און גאָט אַליין האָט אַראָפּגענידערט צו אים צוצונעמען זיין נשמה, און דריי מלאכים זיינען מיט הקדוש ברוך הוא: מיכאל, גבריאל און זגזגיאל.

— אַ רוח זאָל... אַט... — כליפּעט ר' ברוך און קלאַפּט אין טיש אריין, — ביר! גבאים, וואָס שלאָפט איר? אונזער משה רבנו נעבעך, אונזערער.

און טרערן באַווייזן זיך אים אין די אויגן.

— אונזער הייליקער משה רבנו, — און ר' ברוך פישער איז צו צום אָרון, אויפגעעפנט דאָס פּרוכת, און ער האָט דער חברהס ספר־תורה ארויסגענומען, אָנגעקליידט מיט דעם נייעם וויים־אַטלאַסן מאַנטעלע, און פון זילבער אַ מגן־דוד אויסגענייט, און ר' ברוך האָט מיט דעם ספר־תורה אַ טענצל אַרום „שולחן" געמאַכט.

— שישו ושמחו בשמחת תורה, אונזער הייליקער משה רבנו..

און ער האָט געוואַרט ביז דער עולם וועט אים אונטערהעלפן...

און דער עולם איז אַרוים פון טיש.

— גוט יום־טוב; גוט יום־טוב!

— אין שול אַריין, אין שול אַריין! — און דער עולם האָט זיך געלאָזט אין שול.

צוערשט זיינען געגאַנגען די בחורים מיט אַ פריילעכן ניגון, דערנאָך די קינדער מיט די ברענענדיקע פאָנעס, און ר' ברוך פישער אין הויזן מיט אַ שפּענצער, מיט דעם קאַפּעליושל מיט די ווייסע פעדערן אויפן קאָפּ. ער האַלט אין האַנט דאָס ספר־תורה און טאַנצט דערמיט אין גאַס און זינגט הויך אויפן קול:

— שישו ושמחו בשמחת תורה, אונזער הייליקער משה רבנו!...

און דער עולם מיטן „רבין" גייען נאָך ר' ברוכן, און דערנאָך גייען די ווייבער פון די חברה־לייט, יום־טובדיק געקליידט; פון פאָרנט שפּרינצע, ר' ברוך פישערס ווייב, פירט דעם פּאַראַד.

עס האָט שוין אָנגעהויבן צו טונקלען, און פאַר יעדן פענצטער האָבן ליכטלעך געפינקלט. און ווייבער און מיידלעך זיינען מיט לייכטער און לאָמפּן פאַר דער טיר אַרוים צו מאַכן אַן אילומינאַציע פאַר דער הייליקער תורה.

און ווייבער מיט ברענענדיקע ליכט זיינען דער הייליקער תורה נאָכ־געגאנגען.

און טונקל ווערט. די הערבסט נאַכט פאַלט שווער איבער דעם שטעטל צו, און אידן גייען דאָרט... ווייט... עס פינקלען נאָך די ליכטלעך, און עס הערט זיך נאָך פון דער ווייטנס ר' ברוך פישערס קול:

— שישו ושמחו בשמחת תורה, אונזער הייליקער משה רבנו... אונ־זער משה רבנו...



## א. ליעסין.

# רבי יהודה בן בבא

דעם בית־המקדש האָט דער צורר לאַנג פאַרברענט שוין
און נאָכדעם אויך דעם בית־המדרש וויסט געמאַכט;
די בליטן פון דער כהונה האָט ער לאַנג פאַרלענדט שויך,
און ניט געשטילט נאָך — די חכמים אויסגעשלאַכט.
פון טויזנט וואונדן בלוטעט גוססדיק די אומה,
און טויט צו שטיקן איז זיין האַנט נאָך אויסגעשטרעקט,
ניט האָבן זאָל די אומה אויך אין גייסט קיין תקומה,
זי זאָל פון אונטערן הימל ווערן אָפּגעמעקט.
און ס'גייט אַרויס די גזרה: צאָלן מיטן לעבן
זאָל דער, וואָס דרשנט תורה, לערנט זי, פאַרשפּרייט!
צעשטערט זאָל זיין די שטאָט, וואו סמיכה ווערט געגעבן!
פאַר סמיכה געבן — טויט! פאַר סמיכה נעמען — טויט!

לאַכט ביטער רבי יהודה: טויט פאַר סמיכה געבן!
די סמיכה־געבער זיינען אַלע שוין אין גרוב;
פון אַלע רבים ביזטו נאָר געבליבן לעבן —
א זקן שוואַך, וואָס קען קוים איבערגיין די שטוב.
טאָ שטאַרק זיך, שוואַכער זקן, שטעל זיך ווי אַ טורעם!

עס קומט שוין אויך דיין שעה, מאַך פאַרטיק זיך צום טויט,
צום אויסדערוויילטן טויט, געלייטערט אין יסורים,
וואָס ווערט פון גאָט פאַר זיינע ליבסטע אָנגעגרייט —
ווי רב' ישמעאל, לעבעדיק די הויט געשונדן!
ווי רב' עקיבא, שטיקערווייז צעפליקט פון קאָם!
ווי רב' חנינא, נאָס אין וואָל דאָס האַרץ פאַרבונדן,
פאַרהילט אין ספר־תורה, לאַנגזאַם ברענט אין פלאַם.

און צווישן צוויי שטעט, אין העלפט וועג, מיט אַמאָל
באַווייזט זיך דער תנא, דער זקן;
און צווישן צוויי בערג אין דער טיף פון אַ טאָל,
דאָרט רופט ער דעם רוף אומדערשראָקן.

און ס'גייען צו אים זעקס תלמידים אַוועק,
פון צייטן פון גרויסע די גרעסטע;
זיי גייען אַנטקעגן דעם פינצטערן שרעק,
אַזוי ווי די בערג־פעלזן, פעסטע.

ער לייגט אויף די ליכטיקע קעפ זיי די הענט,
ער גיט זיי די סמיכה — אָן מורא
צו פלעכטן אַלץ ווייטער און ווייטער אָן ענד
די שטראַליקע קייט פון דער תורה.

מען זינגט זיי קיין לויב ניט מיט פאַקל־טאַנץ פראַכט,
ווי זיין פלעגט דער מנהג פאַרצייטן,
ווען ס'קומען די יונגע תנאים אין מאַכט
דעם שטרייט פון דער תורה צו שטרייטן.

עס רעדט נאָר דער זקן; ער היילקט זיי, ריין
צו האַלטן די גרויסע ירושה,
און צווישן די ענגענדע מאַסן פון שטיין
צעטראָגן זיך פלאַמען פון קדושה —

די פלאַמען, אויף וועלכע עס זיינען געשמידט
די שטאָלענע פורעמס געוואָרן,
וואָס האָבן די אומה באַשיצט און באַהיט
דורך טויזנטער נע־ונד יאָרן.

נאָר פּלוצלונג בלאַנקט אַדורך וואו, ווי אַ פייל פון בויגן,
אַנטקעגן אויפן באַרג אַ מענטשלעכע פיגור;
דעם זקנס פנים ווערט מיט פינצטערניש פאַרצויגן:
„לויפט, קינדער, לויפט! דער צורר איז אויף אונזער שפור!"
און ווילן זיי ניט לויפן אָן דעם אַלטן רבין,
באַפעלט ער זיי און יאָגט צו פליען פון געפאַר:
„צו שוואַך שוין זיינען מיר די פיס, צו אַלט מיין לעבן,
איך בלייב דאָ פאַרן שפיז, פון הימל איז דער גזר.

לויפט שנעלער, קינדער מיינע! לויפט איר יונגע לערער!
ישראלס האָפענונג קען אויפגיין נאָר פון אייך!
און איך, אָט ווי אַ שטיין, וואָס האָט ניט איבערקערער,
וועל ליגן פאַרן רשע." — און ער לייגט זיך גלייך.

און באַלד שוין האָט זיך אויפן באַרג דער פיינט באַוויזן,
דריי הונדערט ווילדע רייטער יאָגן זיך גאַלאָפּ,
עס בליצן געגן זון דריי הונדערט לאַנגע שפּיזן,
אָט לאָזן זיי זיך גרויזאַם פון דעם באַרג אַראָפּ.
און שטיל אין וועג זיי ליגט דער זקן אויסגעצויגן,
אין הייליקן עקסטאַז, און בליקט פאַר זיך און זעט,

ווי די תלמידים שווינדן ענדלעך פון די אויגן,
און זיינע ליפּן פליסטערן אַ דאַנק־געבעט:
אַנטרונען ווערן זיי, די יונגע תורה־רייזן,
און וויטער שטראַלט די קייט אין אייביקייט אַרויס...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

באַלד שטעכט מען דורך זיין קערפּער מיט דריי הונדערט שפּיזן,
און ווי אַ זיפץ, צעלעכערט גייט דער צדיק אויס.

ש. אַש.

# אַ שול

## א. פאַר אַ שול.

בראַנזע קאַניץ־פּאָלסקי איז אַראָפּגעקומען קיין זלאָטשאָוו אויף געיעג און ער האָט אין זיין יעגער־שלאָס געגעבן אַ באַל פאַר זיינע געסט. דער פאַרוואַלטער פון זלאָטשאָוו האָט מענדלען געשיקט קיין נעמעראָוו, אַז ער זאָל אַראָפּברענגען אַ אידישע קאַפּעליע און באַזאָרגן די געסט מיט האַנטשו, וועלכע מענדל וועט פאַרקויפן די „וויעלמאָזשנעס" צום טאַנץ מיט די פּאַניעס.

דער יעגער־שלאָס איז געווען געבויט מיט הויכע טורעמס אין שוועדישן סטיל, און די זאַלן זיינען געווען באַלויכטן מיט פיל ליכט אין די אייזערנע לייכטער. און די פּאַנעס, אין פּוילישע קאַנטושן מיט סאַבלנע ברייטע קראַגנס, אַראָפּהענגענדיק איבער זייערע אַקסלען, און אין די הוזאַרן־היט, וואָס זיינען געווען מיט גרויסע פּאַוויע־פּושן אין די הענט, האָבן געפירט די אין וויים־אַטלעס געקליידעטע דאַמען, באַפּוצטע אין קעניגלעכן גאַרנאָסטאַי — צו דער מאַזורקע. די אידישע פּידל האָט געגרימפּלט, געשניטן אַ ניגון און לאַנג געצויגן, און די אידישע צימבאַלקעס פון דער נעמעראָווער קאַפּעליע האָבן וויים און זים צוגעקלונגען צום טאַקט. די „יאַסנע וויעלמאָזשנעס" האָבן צוגעקלאַפּט צום טאַקט פון דער מוזיק מיט די בראָנזענע שפּיציקע שפּאָרן אויף די אָפּצאַסן. און די פּאַניעס האָבן אויך מיט זייערע גאָלדענע אָפּצאַסלעך, מיט וועלכע זייערע פּוטערנע שטיוועלעך זיינען געווען באַפּוצט, צוגעקלאַפּט צו דער מוזיק, און מענדל איז אַרומגעלאָפן מיט נייע אויסגעפּרעסטע האַנטשו פון איין וויעלמאָזשנע צום אַנדערן און געבעטן זיך:

— אַ פּאָר האַנטשו צום טאַנץ מיט די שיינע, ליכטיקע פּאַניעס.

נאָך יעדן טאַנץ האָבן די וויעלמאָזשנעס אַראָפּגעוואָרפן די האַנטשו פון די הענט און געכאַפּט פון מענדלען אַ פּאָר נייע האַנטשו. עס איז ניט שיין געווען צו טאַנצן מיט צוויי פּאַניעס אין דער זעלבער פּאָר האַנטשו. שלמהלע, מענדלס אינגל, מיט די ציטערנדע פּאַותלעך, האָט זיך אַרומגעבלאָנקעט צווישן די פים פון די וויעלמאָזשנעס און צונויפגעקליבן די אויסגעטאָנענע האַנטשו און געבראַכט זיי צום טאַטן. דער טאַטע האָט זיי אַריינגעלייגט אין דער הילצערנער פּרעס, אויסגעפּרעסט זיי, גלייך געמאַכט, און איז ווידער אַרומגעלאָפן מיט זיי צו די וויעלמאָזשנעס:

— טוישט איבער די האנטשו, וויעלמאַזשנעס, טוט ערע די דאַמען און וועקסלט איבער די האנטשו. ניט שיין צו טאַנצן מיט ליכטיקע פּאַניעס אין גענוצטע האנטשו, וויעלמאַזשנעס!

מענדל האָט אַ מינוט ניט גערוט, האָט ער ניט פאַרקויפט די האַנטשו, האָט ער זיי געפּרעסט, צוזינגענדיק פּסוקים תהילים, וואָס ער האָט געקענט אויף אויסווייניק, און האָט אַריינגעוואָרפן קרעכצן אין מיטן פון די פּסוקים:

— אוי, פרייען זיך די גויים, — מיין ברעכעניש אויף זיי, מיין ווייבס צער פון טראָגן און מיין קינדס צאַנווייטיק, מאָזלען און שאַרלעך — טאַטע אין הימל. עולם־הזהניקעס, פרעסן און זויפן און דינען צו אַ גאָט אַ האָלץ, און אַ שול, אַ הייליקע שול, לאָזן זיי ניט בויען. אפשר וואָלט שוין צייט געווען, אַז דו זאָלסט דאָס הייליקע בית־המקדש אויפבויען! אי, מן־הסתם איז נאָך ניט צייט, — טאָ זאָל זיין אַזוי ווי דיר איז באַליבט, טאַטע אין הימל!

— איי, זשידזשי, וואָס מורמלסטו דאָרט דיין טייפלשע תפילה? דו וועסט אויף אונז נאָך דעם טייוול אַרויסלאָזן! האַנטשו צו דער מאַזורקע מיט די ווייסע טויב־קעפּיקע פּאַניענקעס פון זלאָטשאָוו, די ליכטיקע פריילין זאָפיע, אָבער ניט קיין אויסגעפּרעסטע, וואָס דיין ממזורק קלייבט אויף צווישן די פּיס פון די שליאַכטשיצעס.

— וואָס רעדט דער יאַסנע וויעלמאָזשנע? ווער בין איך, וואָס איך וועל מיך אונטערשטעלן צו וואַגן אָפּצונאַרן אַזאַ יאַסנע וויעלמאָזשנע שליאַכטשיץ, ווי דו ביסט? איך האָב דאָך נאָך דיין טאַטן געקענט — דעם אַלטן שליאַכטשיץ — אוי, איז דאָס געווען אַ גוטער שליאַכטשיץ — כן יאבדו כל הרשעים...

— וואָס האָסטו געזאָגט פאַר אַ פאַרשאָלטענעם שפּרוך, זשידיק, אויף דיין טייוולשער שפּראַך? איך וועל פון דיר די הויט שינדן לעבע־דיקערהייט, ווען דו וועסט מיין טאַטן שעלטן אין קבר.

— איך האָב געבענטשט דיין טאַטן, געבענטשט אים אין אונזער הייליקער שפּראַך צו אונזער גאָט, אַז ער זאָל אין אונזער ליכטיקן גן־עדן זיין.

— דו בענטש ניט און שעלט נישט, זשידיק. היט דיין לייב, ווען איך וועל אויף דיר מיינע הינט אָנרייצן. פלינקער, זשידיק, פלינקער, אײַל זיך צו, זשידיק. די פּיס קענען עס שוין ניט אויסהאַלטן — עס גלוסט זיך צום טאַנץ.

— נאָך איין מינוט, וויעלמאָזשנע, זאָלן זיי נאָך ליגן אין דער פּרעס. וואָס לענגער האַנטשו ליגן אין דער פּרעס, אַלץ ריינער און שטייפער ווערן

זיי. פונקט אַזוי ווי אַ מענטש, וויעלמאַזשנע; פונקט אזוי ווי מיר, איידעלער וויעלמאַזשנע.

נאָר אין דעם איז צוגעקומען דער פּריץ פון זלאַטשאָוו, דער כראַנזע קאַניץ־פּאָלסקי, אַ הויכער און אַ שטאַרקער, ווי אַ שטאַרקער דעמב, מיט ברייטע פּלייצעס. זיין לאַנגע אַטלעסנע שוואַרצע קאַפּאָטע, וועלכע האָט דערגרייכט ביז צו זיינע טריט, האָט נאָך שטאַרקער געמאַכט זיין קערפּער, און ער האָט אויסגעזען, ווי אַ געשניטענער פון האָלץ, איין שטיק קערפּער, נאָר אויף די ברייטע פּלייצעס האָט ארויסגעשטייגט, ווי אַ טורעם פון אַ געביידע, זיין שפּיציק־הויכער קאָפּ, געגאָלט ביז אין דער העלפט — פּאות און גזשיבע געגאָלט, נאָר די שטאַרקע גרויסע וואָנצעס, ווי ביי אַ שטאַרקן פיש, האָבן זיך געצויגן פון אויער צו אויער.

— זשידקו, וועסט היינט מיינע געסט פאַרוויילן מיט אַ געזאַנג, וואָס איר זינגט. אז דו וועסט זינגען גוט, וועסטו קענען פון מיר עפּעס דערפאַר ארויסקריגן. געהערט?

— געהערט, יאַסנע וויעלמאַזשנע!

דער איד איז אַראָפּגעשפּרונגען הינטערווילעכטס פון פּריץ, צוגערופן זיין שלמהקעלען, וועלכער האָט געהאַלטן אַלץ אין איין קלייבן די אַראָפּ־געוואָרפענע האַנטשו פון צווישן די פיס פון די פּריצים. דער טאַטע האָט אים גלייך געמאַכט די פּאות, דאָס אינגל אַוועקגעשטעלט לעבן זיך. אַרום דעם איד מיט דעם אינגל האָבן זיך אָנגעהויבן צו קלייבן פּריצים און פּריצטעס. אין זאַל איז געוואָרן שטיל, די קלעזמער האָבן אויפגעהערט צו שפּילן — נאָר די ליכט, וואָס האָבן געברענט, קנאַקענדיק פון צייט צו צייט, און דער פאַרשטיקטער פּריילעכער געריידער און געלעכטער פון די ווינקלען און פון די אַרומיקע צימערן האָט זיך געדרייט פון די שטראַלנדע העל־בלאַנדע פּאַניעס און פאַרליבטע יאַסנע וויעלמאַזשנעס.

אַ לאַנגע ווייַלע האָט געדויערט דאָס פאַרבאַרייטן זיך. פּלוצלונג האָט דער איד זיך אינגאַנצן געענדערט. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און זיין געזיכט איז רויט געוואָרן, אָנגעלאָפן. מען האָט געזען, ווי ער מאַטערט זיך אַוועקצוגיין פון דאַנען און ערגעץ אַנדערשוואו צו קומען. און מיט אַמאָל איז עס אים געלונגען. דער איד האָט געגעבן אַ שטעק אַראָפּ אַ פינגער אַרונטער זיין קין און האָט פּלוצים אָנגעהויבן צו זינגען — צוערשט פּאַמעלעך, אין דער שטיל, ווי ער וואָלט זיך פאַר זיך צוגעברומט, נאָר באַלד איז עס העכער געוואָרן; זיין שטימע האָט מיט אַמאָל געקראַגן חוצפּה. דער איד האָט פאַרגעסן וואו ער געפינט זיך. נאָך האָבן די פּריצים געלאַכט, נאָר באַלד זיינען זיי פאַרשטומט געוואָרן. עס האָט זיך געדאַכט, אז דער איד איז דער איינציקער בעל־הבית פון די גרויסע זאַלן. ער האָט נישט געזען די פּריצים מיט די פּאַניעס, מיט דעם גאַנצן גלאַנץ פון אַטלעס

און פּוטער, וואָס איז אַרום אים — קיינער איז דאָ נישט געווען, נאָר ער אַליין — ער מיט זיין באַשערטער. און נישט קיין מענטשלעכע פּרוי איז עס געווען, פאַר וועלכער ער האָט איצט אַזאַ גרויסן לויב אָפּגעגעבן — נאָר אַ העכערעס, גייסטיקעס וועזן, צו זיין שבת, צו זיין מוטער, האָט ער געזונגען, צו זיינע האָפנונגען און זיינע צרות:

„אשת חיל מי ימצא".

נישט קיין סערענאַדע צו אַן ערדישער געליבטער האָט ער געזונגען, נאָר אַ סערענאַדע צו זיין געטלעכער געליבטער, צו דעם גרויסן אומגע־זעענעם און אומדערגרונטעוועטן גליק, וואָס זי גיט, ווען מען דענקט וועגן איר; וועגן דער גרויסער הייליקייט און ריינקייט, וואָס פליסט אַרויס פון איר וועזן און באַשענקט די אַלע, וואָס דענקען און זיינען פאַרליבט אין איר. פון זיין כלה, דעם שבת, פון דער איינציקער טויזנטיעריקער כלה האָט ער געזונגען און פאַר דער גרויסער אייביקער ליבע, וואָס זיינע אָבות אבותינו ביז צו זיין לעצטן דור וועלן פילן צו דער אייביקער כלה. די צרות און חרפּות, וואָס ער שטייט אויס צוליב איר, זיינען פאַרטראָגן געוואָרן צו גרויסע כיבודים און ערלעכקייטן; דאָס הינטישע לעבן — צו אַ פּרינצן־לעבן — אַלץ פאַרוואַנדלט זי אין אַ גרויס הימלישעס גליק — דורך דער ליבע צו איר. — און וואָס זיינען אים אָנגעגאַנגען די שכנים מיט די פּאַנעס, מיט זייער גראָשנדיק פּאַרמעגן, מיט זייער באַגרענעצטן מיט די פּאַנעס, מיט זייער גראָשנדיק פּאַרמעגן, מיט זייער באגרענעצטן שטיקל גליק פון ערדישן אָפּפאַל, מיט זייער מענטשלעכער היינטיקער איינגערעדטער קראַפט און הערשאַפט קעגן דער אייביקייט פון זיין ליבע צו זיין גרויסער כלה.

פאַרשטומט זיינען געווען די פּריצים און פאַרשעמט זיך פאַר דעם גרויסן גביר, וואָס שטייט אין מיטן זיי און זינגט אַ ליד פון אייביקער ליבע.

— גוט געדינט מיך! גוט געזונגען, מיינע געסט זיינען צופרידן, זשידיק. זאָג, וואָס דו ווילסט, היים דיר געבן אַ סך, נאָר קלער נישט פיל. איך האָב מער מורא פאַר דיין כיטרעקייט איידער פאַר דיין אַפּעטיט, — לאַכט דער פּאַן.

— יאַסנע וויעלמאָזשנע, — וואַרפט זיך דער איד צום פּריצעס פיס — אַ שול און אַ בית־הקברות! אַ שול צום דאַווענען און אַ בית־הקברות אונזערע טויטע צו באַגראָבן. גיט די ערלויבניש אין זלאָטשאָוו — אַ שול און אַ בית־הקברות.

דער פּריץ האָט זיך פאַרטראַכט אַ מינוט. ער האָט זיך דערמאָנט אָן די אידישע פּערל, וואָס זכריה פון טשירין האָט אים אַנטקעגנגעטראָגן, ווען ער איז קיין טשירין געקומען. זלאָטשאָוו וואָלט געוואָרן אַ ישוב,

צינזען געצאָלט. נאָר וואָס וועט גאָט זאָגן און דער פּאַטער קאָזלאָווסקי? באַלד איז אים עפּעס איינגעפאַלן, וואָס אַז די צינזען וועלן זיין גוט, אַז גאָט וועט צופרידן זיין.

— אַז דו וועסט פאַר אונזער פּאַן יעזוס קריסטוס דעם קאָפּ בויגן און זאָגן פּאַטשאַרזש פאַר דער הייליקער מאַריע דריי מאָל, וועל איך דיר די דערלויבניש געבן און אַ שיינעם פּלאַץ אויף אַ צוועגטאַרזש געבן.

דער איד איז שטיל געוואָרן, פאַרשטיינערט און געשוויגן.

— נו, מאַכן מיר דאָס געשעפט, זשידיק? גוט, זאָג נאָר בלויז: מאַריאַ, מאַטקע באָסקאַ שווענטאָכאָווסקאַ, ניעך בענדזשע פּאָכוואַלאָנאַ נאַ וויעקי וויעקי, אָמען!

דער איד האָט געשוויגן.

— נו, קני דיך בלויז פאַר איר אַנידער, זשידיק.

דער איד האָט געשוויגן פאַרשטיינערט.

— וועסטו מוזן דעם בער שפּילן.

דער איד איז בלייך געוואָרן, דערשראָקן און האָט אָנגעהויבן צו שטאַמלען.

— יאַסנע וויעלמאָזשנע, איך בין נאָר אַן אָרעמער איד, האָב רחמנות אויף מיין ווייב, אויף מיינע קליינע קינדער. בעט, שלמהלע, מיין בחור־ניק, בעט דעם שליאַכטשיץ. האָב רחמנות, יאַסנע וויעלמאָזשנע! איך וועל דיר שטענדיק געטריי דינען.

און דער טאַטע מיטן קינד האָבן זיך ארומגעקלאַמערט אַרום דעם פּריצעס פיס און געקושט די שטיוול, די פּאָדלאָגע און געשלאָגן מיט די שטערנס אָן דער ערד.

— האָב רחמנות אויף די קליינע יתומים, יאַסנע וויעלמאָזשנע.

— אָדער דעם פּאַטשאַרזש זאָגן, אָדער דעם בער שפּילן.

דאָס אידל האָט אַ מינוט געקלערט. ער איז בלייך געווען און דער־שראָקן, און געהאַלטן אין חזרן פּסוקים פון תהילים און דאַוונען און דערביי דעם פּריץ די קאַפּאָטע געקושט, די שטיוול. נאָר פּלוצים איז אים אין די אויגן ליכטיק געוואָרן. ער האָט נאָך געציטערט מיט די הענט און פיס, נאָר דאָס פּנים איז געווען באַגאָסן מיט רואיקייט און שטילקייט.

— פאַר אַ שול, יאַסנע וויעלמאָזשנע! האָב רחמנות... גאָט וועט העלפן! טו ווי דו ווילסט.

דער פּריץ האָט געגעבן אַ וואונק, און צוויי קנעכט האָבן דאָס אידל גענומען און איבערגעצויגן איבער אים אַ בערענע פעל. דער פּריץ האָט געהייסן די קלעזמער שפּילן, און די צוויי קנעכט מיט צוויי לאַנגע בייטשן האָבן אָנגעהויבן דעם בער צו שמייסן. דער בער איז געשפּרונגען פון איין אָרט צום אַנדערן און געשריען בר — — בר — — —

די שררים האָבן געלאַכט און געדרייט זיך, און איינער דעם אַנדערן האָט געשטופּט צום בער, און די קנעכט האָבן געשמיסן און געיאָגט אים פון איין אָרט אויפן אַנדערן. דאָס אידל הינטער דער בערן־פּעל האָט געברומט: „לדוד ה׳ אורי וישעי ממי אירא" בר — — בר — — איז ער געשפּרונגען פון איין אָרט אויפן אַנדערן אויף אַלע פיר — — „ה׳ מעוז חיי, ממי אפחד!"

— גוט געשפּילט, אידל, דעם בער. קריגסט דערפאַר די שול. פאַר דעם בית־עולם וועסטו נאָך מוזן זיך פאַרדינען.

פון פּאַלאַץ אַהיים איז דער איד געלאָפן אָן אַן אָטעם, דער לאַנגער אַרבע־כנפות האָט זיך אים געפּלאָנטערט צווישן די פיס, און דאָס אינגל מיט די ציטערדיקע פּאות איז אים נאָכגעלאָפן, און ביידע האָבן געשריען איבערן וועג אַנזאָגנדיק דער מאַמען די פרייל͏עכע בשורה: אַ שול! אַ שול!

## ב. דער חינוך פון דער שול.

די שול איז פאַרטיק געוואָרן אויף פּסח, נאָר אָפּגעלייגט האָט מען דעם חינוך אויף ל"ג בעומר, וואָס דאָס איז זייער אַ מזלדיקער טאָג. פון אויסווייניק האָט די שול אויסגעזען קליין, כדי זי זאָל זיך ניט וואַרפן די גויים אין די אויגן. אָבער אינווייניק איז זי געווען הויך און ברייט. דער פוס־באָדן איז געווען טיף איינגעגראָבן אין דער ערד, אויף צוועלף שטיגלעך אין דער נידער, און איז געגאַנגען וואָס אַמאָל טיפער, אַזוי אַז דער עמוד, וואו דער חזן איז געשטאַנען, איז געווען דער נידעריקסטער אָרט, צוליב צוויי טעמים: ערשטנס, אַז די שול זאָל זיך ניט וואַרפן די גויים אין די אויגן מיט איר הויך, און צווייטנס, כדי ווען מען וועט דאַווענען פאַר גאָט זאָל זיין ווי אין תהילים שטייט: „ממעמקים קראתיך יה", אָבער פון׳ם עמוד אַרום האָבן שוין געשניצטע טרעפּ אַרויפגעפירט צום אָרון. עס פּאַסט ניט פאַר גאָטס וואָרט, עס זאָל רוען אין דער טיפעניש. איבערגע־צויגן איז היינט געווען דער אָרון מיט דעם נייעם יום־טובדיקן פּרוכת, וואָס איז געווען אויסגעהאָפטן מיט זילבערנע פעדים אויף בלויען פלאָ־רענטינישן בראָקאַד. עס האָט די קרוין פון דער תורה אַראָפּגעשיינט פון פּרוכת מיט אַ צניעותדיקן שבת־גלאַנץ פון די כשרע פּערל, וואָס פלעגן אַזוי באַחנען די ווייס־פרומע העלזער פון די יונגע אידישע פרויען צו שבת־ליכט־בענטשן. טיפע רויטע רובינען־שטיינער, ווי רויטער וויין, האָבן זיך אַרויסגעפינקלט פון די ווייַנטרויבן, וועלכע זיינען געהאַנגען אויף גרינע, פון סאַפּיר־שטיינער אויסגענייטע צווייגן. איינגענייט איז געווען אין פּרוכת מיט די נעמען פון די פרומע פרויען און מיידלעך אויך זייערע

וואונטשן, וואונטשן פון גוטע קינדער האָבן, פון זיסע האָפנונגען, פון שטילע, פרומע פאַרלאַנגען נאָך ליבע. אַזוי האָט דאָס פּרוכתל, באַגאָסן מיט ווייבערישן חן, איינגעטריפט דורך איידעלע פרויען־פינגער, אראָפּ־געזונגען יענעם צניעותדיקן געזאַנג, וואָס זינגט פון אידישע שטובן ארויס אין די שבת־נאַכטן.

אין מיטן דער שול איז געשטאַנען דער בעלעמער, אויסגעשניצט אויס הארטן ניסהאָלץ די נעמען פון די צוועלף שבטים מיט זייערע דגלים. יעדער שבט האָט געהאַט זיין דגל און זיין קאָליר. יהודה, אַלס דער קעניג, האָט זיך געגלאַנצט אין גאָלד מיט דעם לייב צופוסן; שמעון מיט זיין אונטערטעניקער שטאָט שכם, וואו עס האָבן זיך אויפגעהויבן די מויערן און טורעמס פון דער שטאָט, וואָס שמעון האָט איינגענומען פאַר דער שאַנד פון זיין שוועסטער. און געשוואוּמען איז די שיף פון זבולון אין אַ ים פון זילבער. מיט גרינע שטיינער איז געווען אויסגעלייגט דער בליענדער בוים, דער צייכן פון אָשר. און געגאָסן אויס קופּער איז געווען די שלאַנג פון דן. און איבערן בעלעמער איז געהאַנגען אַ חופּה, ווי אַ טיף־בלויע נאַכט, אין וועלכער עס האָבן זיך געפינקלט גאָלדענע שטערן. און די צוועלף מזלות פון די חדשים זיינען ארומגעשוואוּמען אין דער בלויער נאַכט, יעדער מזל איבער יעדן שבט.

אויפן בעלעמער זיינען איצט געשטאַנען די בעלי־בתים מיט די ספרי־תורה אין די הענט, גרייט אָוועקצולייגן זיי אין דעם נייעם הויז, וואָס זיי האָבן געבויט פאַר גאָט. צווישן די בעלי־בתים שטייט ר׳ יעקב כוהן פון דייטשלאַנד, און דאָס ספר־תורה איז דאָס איינציקע, וואָס איז אים איבערגעבליבן פון זיין צאָלרייכער פאַמיליע און פון דער גאַנצער קהילה, וועלכע איז צערונען און אַנטרונען געוואָרן אין אַלע פיר עקן פון דער וועלט. און אָט שטייט ר׳ ישראל מיטן ספר־תורה פון דער שול פון דער שטאָט אַש. פאַרלאָרן געוואָרן זיינען אין דער בהלה דאָס ווייב מיט די קינדער. איז ער געקומען קיין פוילן זוכן זיי. וואָרים געזאָגט האָט מען אים, אַז פיל אידן פון בעמען זיינען קיין פוילן ניצול געוואָרן, האָט ער געוואַנדערט פון יאָר־מאַרק צו יאָר־מאַרק, ביז ער איז מיט זיין קינד קיין זלאָטשאָוו אָנגעקומען און דאָרט זיך באַזעצט.

און צווישן די אַלטע בעלי־בתים, זאַט מיט צרות, אויסגעפּרוּווטע אין פייער פון קידוש־השם, מיט די ספרי־תורה פון די חרוב־געוואָרענע קהילות אין די הענט, איז געשטאַנען דער נייער בעל־הבית, דער פּרנס הקהל ר׳ מענדל, מיט דעם נייעם ספר־תורה, וואָס ער האָט שוין געלאָזט שרייבן פאַר דער שול פון דער נייער אידישער קהילה פון זלאָטשאָוו. קיין מענטשלעכע באַפלעקט מיט בלוט פון קדושים און מיט טרערן פון אַנט־לאָפענע טראָגט דאָס נייע ספר־תורהלע נאָך נישט. נאָך ניי און אומבאַ־

פלעקט איז זיין מענטעלע, און שטארק און רוי זעט נאך אוים זיין שומר — מענדל. עס באזיצט ניט זיין פנים דעם הייליקן גלאנץ פון צער און פיין און מסירת־נפש, קיין שפור נאך ניט פון איידלקייט, וואס קומט פון באריטווילקייט צו אפפער. אבער שטארק, מיט זיינע גראבע, אומגע־לומפערטע הענט נעמט ער ארום דאס נייע ספר־תורה. זיין הארץ שרעקט זיך פאר דעם הייליקן עול, וואס ער האט גענומען אויף זיך, — צו זיין א פרנס הקהל. ער דערפילט דעם גרויסן הייליקן עול, וואס עס טראגן אויף זיך די אלטע פרנסים פון די חרוב־געמאכטע קהילות, און ער איז צווישן זיי. און זיין הארץ קלאפט אים: „וועט אים אויך אמאל אוים־קומען צו שטיין ווי זיי מיט זיין לעבן ביי זיין קהילה, ביי זיין ספר־תורה? וועט ער גרייט זיין אויף קידוש השם, ווי זיי? וועט זיין הארץ ניט שוואך ווערן? איז ער ראוי צו דעם חוב און כבוד, וואס ער האט גענומען אויף זיך?"

מיטאמאל איז דער גאנצער עולם שטיל געווארן. א הייליקע שטיל־קייט האט געהערשט אין גאנצן שולכעל, ווי עפעס ווער, נישט קיין גע־זעענער, וואלט אין שול אריינגעקומען. ר' יעקב האט גענומען זיין ספר־תורה, אויפגעהויבן אין דער הויך, און מיט א קול פול מיט טרערן האט ער אנגעהויבן גומל בענטשן, געדאנקט גאט, וואס ער האט אים מציל געווען פון אלע סכנות און ער האט אים געבראכט מיט זיין ספר־תורה אין א מקום מנוחה. א שטיל שלוכצן האט זיך געהערט פון דער ווייבער־שער שול אראפ. דאס האט א פרוי פון די גרושים זיך דערמאנט אין די איריקע, וועלכע זיינען ערגעץ־וואו איבערגעבליבן. און דאס געוויין האט אנגעשטעקט די עדה; אן אימה האט זיי ארומגענומען פאר די קומענדע טעג: צי וועט זיי אויך אויסקומען ווי ר' יעקבן צו פארלאזן דאס שולכעל, וואס זיי האבן מיט אזוי פיל מי און ליבע געבויט, און נעמען זייערע ספרי־תורה און גיין. ווער קאן זאגן, וואס עס פארבארגן אין זיך די צוקינפטיקע טעג... און איינער נאכן אנדערן האבן די בני־הגולה גומל געבענטשט. און אז דער יונגער חזן, וועמען ר' מענדל האט פון אומאן געבראכט, האט מיט זיין באקלעמדיקן קול אנגעהויבן ארויסזאגן די נעמען פון די, וואס זיינען געפאלן אויף קידוש־השם, האט דאס געוויין אנגע־פילט דאס שולכעל. שטיל זיינען פון יעדנס אויגן טרערן גערונען, און באהאלטן טיף אין הארץ האט יעדער גאט געבעטן אין דער שטיל, אז דאס שולכעל זאל זיין דאס לעצטע מקום מנוחה, וואו זיי וועלן געפינען אן אפרו און מנוחה ביז דער מלך המשיח וועט קומען.

— גאט זאל געבן, אז דאס זאל זיין דער לעצטער גלות, — האט איין איד דעם אנדערן געוואונטשן.

— אז מיר זאָלן שוין אויסגעהיט ווערן פון שלעכטס, — האָבן זיך די פרויען אין טרערן געקוּשט.

נאָר באַלד איז אַוועק דאָס טרויעריקע געמיט, און די געזיכטער פון יונג און אַלט זיינען אויסגעלויטערט געוואָרן, ווי די זון, וואָס שיינט אויף אַ באַרעגנטעם פעלד — אַזוי האָט דאָס געזאַנג פון חזן, באַגלייט מיט יצחק אהרנס זיסן פידל־שפּילן, באַלייכט יעדנס באַטריבט פּנים. דאָס האָט דער חזן אויסגעזונגען דעם „ויהי בנסוע הארון״...

(פון „קידוש השם״.)



ש. אַש.

# גלות זלאָטשאָוו

אויפן יום־טוב־דיקן בעלעמער באַפּוצט מיט גרינס לכבוד יום־טוב, צווישן די זילבער־באַקליידטע ספרי־תורה, שטייען צוויי וואַכעדיקע אידן, פאַרשטויבט פון וועג, וועלכע זיינען אום יום־טוב געקומען צו רייטן.

— כמעלניצקי הרשע האָט די צוויי פּוילישע גענעראַלן פּאָטאָצקי און קאַלינאָווסקי מנצח געווען, — דערציילן די אידן — און ער ציט מיט זיינע חיילות אויף גאַנץ אוקראַינע. דער כאַן פון די טאָטערן גייט מיט אים, די קהילה פון קאָרסון האָט ער חרוב ומחריב געמאַכט. פיל אידן זיינען אומגעקומען. עס זיינען נאָר ניצול געוואָרן די רייטער, וואָס זיינען אום יום־טוב געקומען אַריינצורייטן נאָך זלאָטשאָוו, כדי אָנצוזאָגן אחינו בני ישראל פון זלאָטשאָוו, אַז די סכנה איז זייער גרויס, און זיי זאָלן נישט קוקן אויף דעם יום־טוב נאָר מציל זיין זיך דאָס נפש, וואָרום כמעלניצקי מיט די יוונים און טאָטערן ציען אַהער צו דער שטאָט צו.

איז געוואָרן אַ גרויסע בהלה אין שול. די ווייבער האָבן געכאַפּט די קליינע קינדער אויף די הענט און נישט געוואוסט וואוהין צו לויפן. טייל האָבן געשריען, אַז מען זאָל די פערד שפּאַנען צו די בוידן און אַנטלויפן פון שטאָט אום יום־טוב. אָבער קיינער האָט נישט געוואַגט דאָס צו טאָן. זיי האָבן זיך גאָרנישט ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז זייער לעבן זאָל אונטער־געשניטן ווערן אַזוי אומגעריכט. קיינעם האָט זיך נישט געהויבן די האַנט צו באַוועגן אַ זאַך אין דעם שיינעם יום־טוב, און דערווייל זיינען וואָס אַ מאָל מער פרויען, מענער און קינדער געקומען אין שול צו לויפן, אַזוי ווי זיי וואָלטן געזוכט זיך צו באַהאַלטן אין גאָטס הויז. קיין איינער איז אין שטאָט אין שטוב נישט געבליבן; אַלע האָבן געוואָלט זיין צוזאַמען אין דער שול.



מינקאָווסקי : נאָכן פּאָגראָם

איז דער פּרנס, מענדל, אַרויף אויפֿן בעלעמער אַ בלייכער און גע־קלאַפּט אויפֿן טיש און געזאָגט אַזוי:

— אידן, מיר וועלן נישט גיין פֿון דאַנען. מיר האָבן אַ ישוב גע־בויט, אַ שול, — אויף וועמען וועלן מיר דאָס אַלעס לאָזן? עס קאָן דאָך נישט זיין, אַ וועלט קען דאָך נישט חרוב ווערן. אַ טאָג, צוויי, און הילף וועט קומען. דער שר וווישניוועצקי וועט אָנציען מיט פּוילישן חיל, אויך אַנדערע שררים; מיר וועלן זיך דערווייל אויסבאַהאַלטן, איינשליסן זיך אין שול, און אפשר האָט כמעלניצקי אָפּגעצויגן מיט זיינע חיילות קיין טשירין, ער האָט דאָרט זיין הײם, — וואָס האָט ער צו אונז? מיר האָבן אים קיין שלעכטס נישט געטאָן. נעמען אַ שטאָט און חרוב מאַכן בידים, לאָזן אַלצדינג אויף הפקר? מיר וועלן נישט גיין!

מענדלס רייד האָבן באַרואיקט פילע. די אידן, וואָס זיינען דאָ געוועזן לכתחילה, ווען מען האָט געבויט דעם ישוב, איז זלאַטשאָוו אַזוי טייער געווען, אַז זיי האָבן זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם שטראָל האָפֿנונג, וואָס דער פּרנס האָט זיי געגעבן, אַז כמעלניצקי האָט אָפּגעצויגן קיין טשירין, ווייל דאָרט האָט ער זיין הײם. דאָס אומגליק איז געקומען איבער זיי אַזוי פּלוצלונג, אַזוי אומגעריכטערהייט, אַז זיי האָבן גאָרניט ניט געקענט פֿאַרשטיין די סכנה. און באַלד האָבן זיך אַרום מענדלען געקליבן אַן עולם אידן, בעלי־מלאָכות, פֿערד־סוחרים, וואָס זיינען אַרומגעפֿאָרן אין סעטש און האָבן געהאַנדלט מיט די קאָזאַקן, אָפּטמאָל זיך דאָס לעבן איינגע־שטעלט און זיינען געווען גבורים, אידן מיט אָפּגעברענטע פּנימער פֿון דער סטעפּישער זון, מיט שטאַרקע שוואַרצע בערד און הויכע ברעמען, אידן מיט ברייטע אַקסלען און גרויסע שווערע הענט, — הענט, וואָס האָבן געבויט שטעט, און זיי האָבן מיטגעשטימט מיטן פּרנס:

— ווער עס וויל גיין, זאָל גיין. מיר וועלן מיט אונזער פּרנס בלייבן.

— מיר וועלן מיט אונזער שול בלייבן.

— די שול, אויף וועמען וועט איר פֿאַרלאָזן די שול? די יוונים וועלן זי דאָך פֿאַרברענען!

אין שול איז שטיל געוואָרן. דער רב האָט זיך אויפֿגעהויבן, אַרויף אויפֿן בעלעמער און געקלאַפּט אין בעלעמער:

— אידן טאָרן זיך נישט איינשטעלן דאָס לעבן בחינם. „שמור את נפשך“, שטייט אין דער תורה. און אַ מאבד את עצמו לדעת האָט קיין חלק נישט לעולם־הבא. און פּקוח נפש איז אַפילו דוחה שבת, אַפילו יום־כיפּור. דורך דעם בין איך גוזר בתור רב אויפֿן פּרנס הקהל, אַז ער זאָל דער ערשטער נעמען און שפּאַנען דעם וואָגן און גלייך אַרויס פֿון דער שטאָט. וואָרום עס איז גרויס סכנת נפשות.

דער פּרנס האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. ער איז געבליבן זיצן אויפן בעלעמער.

— ווער עס וויל גיין, זאָל גיין. איך וועל דאָ איבערבלייבן מיט דער שול. גאָט האָט געבויט אַ שול, ווען ער זי באַשיצן, און אויף הפּ... איבערלאָזן אַ שטאָט וועל איך נישט.

דער עולם, דערזעענדיק, אַז דער פּרנס בלייבט, האָט זיך נישט גע־איילט אויסצופירן דעם רבס געבאָט. אַרום מענדלען האָבן זיך צונויפ־געקליבן די אידן קצבים, פּערדס־הענדלער, סוחרים פון סעטש — אָבער קיינער האָט נישט געוואַגט דער ערשטער מחלל צו זיין דעם יום־טוב.

אין שול איז געוואָרן זייער שטיל. אַלע האָבן געקוקט אויפן רב, וואָס דער רב וועט טאָן. נאָר דער רב האָט קיין וואָרט נישט געזאָגט, איז אַרויפגעגאַנגען צום אָרון, אַרויסגענומען צוויי ספרי־תורה אויף ביידע הענט, און האָט גענומען אַרויסטרעטן פון שול.

— אידן, ראַטעוועט די ספרי־תורה — האָט דער רב געזאָגט.

נאָר דער רב האָט עס שוין נישט געדאַרפט זאָגן. געזען אַז דער רב טראָגט אַרויס די ספרי־תורה פון שול, איז געוואָרן אַ גרויסע יללה, ערשט איצט האָבן זיי פאַרשטאַנען דעם אומגליק. זיי האָבן זיך דער־מאָנט, ווען מען האָט די ספרי־תורה אַריינגעשטעלט אין שולכעל, האָבן זיי שרעקלעך אָנגעהויבן צו וויינען. קיינער האָט גאָרנישט ניט געקענט רעדן; קיינער האָט גאָרנישט ניט געקענט דענקען. מען האָט גענומען די ספרי־תורות און דער עולם איז אַרויס פון שול נאָכן רב.

דער אַלטער ר' שמואל האָט שוין נישט געלעבט. אַזוי האָט זיין ספר־תורהלע גענומען אַן אַנדער איד אונטערן אָרעם און האָט עס אַרויס־גענומען פון שול.

און דער רב האָט זיך אָנגערופן:

— אידן, זייט מחלל יום־טוב, איך בין גוזר אויף אייך! שפּאַנט די וועגן און ראַטעוועט דאָס ביסל גוטס. איך וועל עס אויך טאָן.

דער עולם האָט זיך אַרויסגעלאָזט נאָכן רב פון שול. עס איז שוין געוואָרן אַ געלאַף. דאָ און דאָרט האָט מען שוין פערד צו די בוידן געשפּאַנט. מען איז פאַרפאָרן מיט די בוידן, קינדער אויפגעזעצט, גוטס פון הייזער געשלעפּט, ספרים און בעטגעוואַנט. טייל האָבן פון די הייזער אַרויסגעצויגן די קאַסטנס, אין וועלכע זיי האָבן געהאַט זייערע פאַרמעגנס, איינגעשפּאַנט זיך אין די רימענס און געשלעפּט די קופערטס אויף די רעדלעך איבער דער גאַס נאָכן בית־עולם. אַנדערע האָבן געכאַפּט וואָס עס איז זיי צום ערשטן אין האַנט געקומען: אַ כלי, אַ בגד, אַ שטיק מעבל, אַנדערע אין די טליתים אָנגעטאָן פון דאַוונען. און זלאַטשאָוו איז אַרויס נאָך זייער רב פון שטאָט אויפן וועג קיין נעמיראָוו.

און אין שול אויפן בעלעמער איז אַלץ געזעסן דער פרנס הקהל, אַזוי ווי אַ שטיין, האָט געהערט די טריט פון די פערד, דאָס געראַש פון די רעדער; דאָס לויפט זלאַטשאָוו, זלאַטשאָוו רינט אויס — און ער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. אַרום אים זיינען געווען פאַרזאַמלט די בעלי־מלאָכות און די פערדס־סוחרים און האָבן געשוויגן.

שלמהלע איז געשטאַנען לעבן פּאָטער. ער האָט אויך געהאַלטן מיטן רב, אַז פּקוח נפש איז דוחה אַלעס, און געבעטן דעם פּאָטער, ער זאָל פאַרלאָזן די שול און מיטגיין מיט די אידן. נאָר דער פּאָטער איז אַלץ געזעסן ווי אַ שטיין:

— גאָט האָט געבויט אַ שול, וועט ער זי באַשיצן, — האָט דער פּאָטער געברומט אין באָרד אריין.

געזען, אַז דער פּאָטער בלייבט, איז ער אויך געבליבן ביים פּאָטער. און אינאיינעם מיט אים דבורה מיט דער גאַנצער מענדלס משפּחה. און די אַלטע גויע מאַרושאַ איז געשטאַנען ביי דער טיר פון שול און געוויינט.

— פּאַניטשו, אַנטלויפט, די ברידערלעך וועלן קומען פון סטעפּ. זיי וועלן קיינעם נישט שוינען, ראַטעוועט זיך דאָס לעבן.

נאָר קיינער האָט זי נישט באַמערקט, ווייל זי האָט נישט געוואַגט אין שול אריינצוגיין, נאָר געשטאַנען ביי דער טיר און געוויינט פאַר זיך.

די גוואַלדן און דער געלאַף פון דרויסן האָבן זיך שוין אָנגעהויבן איינ־צושטילן. זלאַטשאָוו איז געוואָרן לער און אויסגערונען. דער סטעפּ האָט צוריקגעקראָגן זיין חלק, וואָס מענטשן האָבן געראַבעט פון אים. אין שול איז איצט שטיל געוואָרן. אַ קאַלטקייט האָט געבלאָזן פון די באַהאַלטענע ווינקעלעך. דורך די צוויי רויט־בלויע פענצטערלעך, וואָס זיינען געווען אין באַלקאָן, האָבן אריינגעדרונגען צוויי שטראַלנדע זיילן און האָבן זיך איבערגעוואָרפן איבער דער שול, באַלייכטנדיק דעם אָפענעם אָרון מיט די נאַכט־שטערן, וואָס זיינען געווען אויסגעמאָלן אין אים. פאַרן עמוד האָט זיך געברענט איינזאַם אַ ליכט, וואָס דער שמש האָט געהאַט אָנגע־צונדן צום יום־טובדיקן דאַווענען. אַרום דעם בעלעמער האָבן נאָך געהאַנגען די גרינע קוויטשערס און גרינס, וואָס איז געווען דער מנהג דערמיט צו באַפּוצן די הייזער און די שול לזכר דעם באַרג סיני. אויפן בעלעמער זיינען געזעסן די איינזאַמע וועכטער, דער פרנס מיט די אידן, וואָס זיינען איבערגעבליבן מיט אים צו היטן די שול.

פּלוצים האָט זיך ווער אויפגעהויבן פון אַ ווינקל און איז צוגעקומען צום בעלעמער. עס איז געווען דאָס שניידערל. קיינער האָט ביז איצט נישט באַמערקט, ווי ער איז געזעסן די גאַנצע צייט אין אַ ווינקל און זיך געזאָגט זיינע קאַפּיטלען תהילים. מענדל מיט די אידן האָבן זיך פאַר־

וואונדערט אים צו זען. דאָס שניידערל האָט זיך צוגערוקט צו די אידן און אזוי געזאָגט:

— איר היט די שול? מיט וואָס וועט איר זי באשיצן? מיט גבורה? באדאַרף דען גאָט אייער גבורה? איז דען נישט א שטיין, א שטיק האָלץ שטאַרקער פון אייך? פעלט דען גאָט גבורה?

קיינער האָט אים ניט אָפּגעענטפערט.

האָט זיך פלוצים געזען פון ווינקל, פון וואַנען דאָס שניידערל איז ארויסגעקומען, א בלאַס פייער אויפפלאַמען. דאָס פייער האָט אונטער־געכאַפּט דאָס פּרוכתל, וואָס האָט געהאַנגען פאַרן אָרון, וואָס איז געווען דערביי. און באַלד האָט דער אין אויל דורכגעווייקטער עמוד געפלאַקערט אין פייער.

— פייער, פייער, די שול ברענט!

— ווער האָט עס געטאָן? — האָבן זיך די אידן אויפגעכאַפּט און געוואָלט צולויפן צום פייער.

— שטייט, איך האָב עס געטאָן, — האָט דאָס שניידערל צוריקגע־האַלטן דעם עולם. — אז דער ריבונו של עולם איז געגאַנגען די אידן ארויסטרייבן פון ארץ־ישראל, זאָגט די גמרא, זיינען די אידן חייב מיתה געווען. אזוי האָט גאָט אויסגעגאָסן זיין צאָרן אויף שטיינער און אויף העלצער. ער האָט דאָס בית־המקדש פאַרברענט און אידן מציל געווען. וואָס ווילט איר בעסער זיין פון ריבונו של עולם? וואָס זענט איר גע־גאַנגען באשיצן, שטיינער און העלצער? באהאַלט אייער גבורה, גאָט וועט דאַרפן אייער גבורה פאַר א העכערן ענין, ווען עס וועט קומען די צייט, ווען מיר וועלן זוכה זיין דערצו. זייט מציל די נפשות, זיי באַלאַנגען ניט צו אייך, זיי באַלאַנגען צו גאָט!

די אידן האָבן זיך דערשראָקן פאַר דעם שניידערס רייד. איינציק־ווייז האָבן זיי זיך אָנגעהויבן ארויסרוקן פון דער שול, און עס איז שוין ניט געווען וואָס צו באשיצן אויך. די מיט אויל און ליכט דורכגעזאַפּטע פּרוכתער און האָלץ האָבן זיך געצונדן ווי קינעלעך.

— גלייכער אזוי!!! מיר האָבן זי פאַרברענט אליין איידער די גויים האָבן זי אומריין געמאַכט. קומט, אידן, לאָמיר שפּאַנען די וועגן! — האָט דער פּרנס געשריען און האָט גענומען די אייגענע און איז ארויס פון דער שול.

— שטיי אויף, אַלטע, העלף בינדן די זאַכן, עס ווערט שפּעט.

אין א פּאָר מינוט ארום איז שוין הלל צוגעפּאָרן מיט דער בויד פאַר דער קרעטשמע, און פון שטוב האָט מען אָנגעהויבן צו טראָגן די ספרים אין די קופערטס. עס איז שוין געווען די העכסטע צייט, וואָרום אין

קרעטשמע האָבן זיך אריינגעכאַפּט דער פּאָפּ מיט אַ פּאָר קאָזאַקישע פּויערן און האָבן אָנגעהויבן צו ראַבעווען דעם בראָנפן פון קרעטשמע.

— איך האָב דיר שטענדיק געזאָגט, אַז די ברידערלעך וועלן קומען פון סטעפּ. אויף לייכטע פערדלעך קומען זיי צו פליען, דער אַנזשעל מיכאַאיל באַגלייט זיי, — האָט דער פּאָפּ, אַ שכורער שוין פון בראָנפן, געוואַקלט זיך און געשריען גוטמוטיק צו מענדלען.

— דו הונטס זון, — קלאַפּט די מארושאַ מיט אַ פּאַנטאָפל דעם שכורן פּאָפּ איבערן קאָפּ — אַז דער פּאַן איז ניטאָ, קריכן די חזירים פון דער כרובע אַרויס.

און ווען דעם פּרנסים בויד האָט די לעצטע פּאַרלאָזן זלאָטשאָוו, האָט זיך מענדל אומגעקוקט צום לעצטן מאָל אויף זלאָטשאָוו. ער האָט געזען, ווי די שול ברענט זיך אַן איינזאַמע, און עס האָט אים דערמאָנט אָן אַ ברענענדיק ליכט נאָך אַ טויטן.

(פון „קידוש השם".)


ש. הירשנברג גלות

א. רייזען.

# צי דו ווייסט?...

מיין פריינט, צי דו ווייסט,
וואָס הייסט און באַדייט
אַ ביטערע צייט?...
צי פילסטו וואָס הייסט
אַ פאָלק אין אַ צער,
אַ פאָלק אין געפאַר?...

צי פילסטו, מיין פריינט,
ווי טיף איז דער וויי,
ווען ס'הערט זיך פון פיינט
אַ בראָנפן־געשריי?

אָט זעסטו, — ער קומט
מיט רציחה און וואוט,
אָט הערסטו, — ער ברומט,
און דאָרשט נאָך דיין בלוט.

און האָסט ניט וואוהין
נאָך רעטונג צו גיין,
נאָר סיידן צו אים,
צום שונא אַליין!

צי פילסטו, מיין פריינט,
וואָס איז דאָס אַזוינס,
אַ פאָלקל — אַ קליינס
און גרויס איז דער פיינט?...

אָן וואַפן, אָן מוט...
און האָט ניט קיין שוץ,
און הפקר זיין גוטס,
און הפקר זיין בלוט!

ה. ל. זשיטניצקי.

# די נאַכט פון תשעה־באָב

נאָכדעם ווי דער זיידע האָט אויסגעטרונקען די זיבן שליק וואַסער, כדי צו זיין זיכער פון דורשט דעם גאַנצן לאַנגן, הייסן מאָרגעדיקן תענית, האָט ער זיך אויסגעטאָן דעם כאַלאַט און זיך איבערגעטאָן עפּעס אַן אַנדער יופּעצע. דאָס איז געווען אַ ספּע־ציעלע יופּעצע פאַר תשעה־באָב. זי איז שוין געווען אַזוי אַלט, אַז זי איז נישט מער געהאַנגען אין קליידער־שראַנק, נאָר אין ווינקל הינטערן קיכל, וואו עס איז געווען אָנגעלייגט אויף נעגל אַ גאַנצע קופּע אַלטע לאַכטשעס, אויסגעמישט ווייבערשע און מע־נערשע. קיין קנעפּ האָט די יופּעצע שוין נישט געהאַט, זיי זיינען אַלע אַראָפּגעפאַלן, אַזוי ווי עס פאַלן אַרוים די ציין ביי אַן אַלטן. אָנשטאָט קעשענעס האָט זי געהאַט צוויי אומבאַשטימטע לעכער פון ביידע זייטן. חוץ דעם האָט זי פאַרמאָגט אַ גאַנצע רייע ריסן אין די עלנבויגנס, אין די פאָלעס און אין פאַרשיידענע אַנדערע ערטער. דער קאָליר פון דער דאָזיקער יופּעצע איז אויך געווען אַ תשעה־באָב־קאָליר: עפּעס אַ גרין־געלע פאַרב פון שימל און אַלט־קייט. דער זיידע האָט אַרויסגעזוכט פון קופּערט אַ טאַשנטוך מיט רויטע קראָטן און אַרומגעבונדן דערמיט די יופּעצע.

דערנאָך האָט ער זיך איבערגעטאָן אַן אַנדער היטל, וואָס האָט זיך אַרומגעוואַלגערט אַ גאַנץ יאָר הינטערן קופּערט און וואָס דער זיידע האָט שוין נישט געטראָגן. דאָס דאָזיקע היטל האָט נישט גע־האַט מער זיין אַמאָליקע יונגנטלעכע שווארצקייט, עס איז געווען כמעט אינגאַנצן גרוי. עס האָט נישט געהאַט מער די אַמאָליקע שטייפקייט, עס איז געווען צעקנייטשט דורך און דורך, אַזוי ווי אַ בלאַט, וואָס איז שוין לאַנג אַראָפּגעפאַלן פון בוים. דער דאַשעק האָט זיך געהאַלטן אויף איין פאָדעם, און די געלע טאָוול איז אָפּיר־געקראָכן פון אינווייניק, פון הינטער דעם צעטרייבערטן אונטער־שלאַק.

דערנאָך, אַז דער זיידע האָט נאָך אַראָפּגעצויגן די שטיוול און זיך אָנגעטאָן אַ פּאָר אַלטע לאַטשן, האָט ער אינגאַנצן אויסגעזען, ווי אַן איבערגעאַנדערשטער. ער איז עפּעס געוואָרן קלענער, ער איז נאָר געווען אַ האַלבער, ער איז מיטאַמאָל געוואָרן נאָך אַמאָל אַזוי אַלט. ער האָט נישט בלויז געוועקסלט די מלבושים, נאָר אויך ער אַליין און די נשמה זיינע זיינען עפּעס פאַרוועקסלט געוואָרן. ער האָט אויסגעזען, ווי אַ היימאַטלאָזער וואַנדערער, וועלכער איז געקומען פון ערגעץ ווייט און האָט מיטגעבראַכט מיט זיך די שטויבן און די מאַטערנישן פון די אומענדלעך־לאַנגע, אומפריינט־לעכע וועגן. פון זיינע אויגן האָט אַרויסגעקוקט עפּעס אַ פאַר־טראַכטקייט וועגן דעם, וואָס איז געווען אַמאָל און וואָס איז שוין היינט נישטאָ. און זיין שטים האָט לייכט, לייכט געציטערט, ווען ער האָט געזאָגט צום אייניקל:

— קום, חיימל, מיר וועלן גיין אין שול אַריין צו קינות.

אַז די באָבע איז געבליבן אַליין, איז זי געגאַנגען און זיך קודם כל אַרויסגעזוכט די בריל. די דאָזיקע בריל איז שוין געווען זייער אַלט: די צוויי דראָטלעך, וועלכע מען פאַרלייגט הינטער די אויערן, זיינען געווען פאַרפּעסטיקט צום געשטעל מיט גאָרן, כדי זיי זאָלן זיך האַלטן; די גלעזער האָבן געהאַט קריצן און זיינען עפּעס געוואָרן גרינלעך־גרוי, אַזוי ווי צוויי אַלטע אויגן. דאָס איז געווען אַ הייליקע בריל: זי איז נאָר באַנוצט געוואָרן ביים דאַווענען, ביים זאָגן תחינות און ביים לייענען דעם טייטש־חומש; זי איז שטענדיק געלעגן אין קרבן־מנחה־סידור, אין צאינה־וראינה, אָדער אין קב־הישר. זי האָט נאָך קיינמאָל נישט געקוקט אויף קיין שום וואָכנדיקע זאַך; דאָס איז געווען אַ פרומע בריל, אַזוי ווי די באָבע אַליין און ווי דער גאַנצער דאַמאָלסטדיקער דור.

דערווייל האָבן אָנגעהויבן צוזאַמענקומען זיך ווייבער, שכנטעס פון דעם אייגענעם הייזל און אויך פון אַנדערע הייזלעך. יעדע האָט זיך מיטגעבראַכט אַ נידעריק בענקעלע, און זיי האָבן זיך אויס־געזעצט אַלע אין מיטן שטוב, אין אַ ראָד. מאַנכע פון די דאָזיקע ווייבער זיינען נאָך געווען יונג, שוואַרץ־חנעוודיקע אידישע ווייבער מיט רונדיקע געזיכטער און מיט טונקעלע אויגן, און דאָך

האָבן אַלע אויסגעזען ווי פאַרעלטערטע, ווי איינגעבויגן, ווי אויסגע־לאָשענע. זיצנדיק אויף די נידעריקע בענקלעך, אַרומגעהילט אין אַלטע, צעריסענע טיכער, וואָס זיי האָבן אָנגעטאָן אויף תשעה־באָב, האָבן זיי אויסגעזען, ווי אַנטלאָפענע פון אַ חרוב־געוואָרענער שטאָט, וועלכע שטעלן זיך אָפּ אויף אַ ווײַלע ערגעץ אין אַ מיטן פעלד, כדי איבערצוכאַפּן דעם אָטעם און נאָכאַמאָל אַ טראַכט טאָן וועגן דעם גליק, וואָס זיי האָבן געלאָזט ערגעץ ווייט. די זון, וואָס איז אונטערגעגאַנגען אין מערב־זייט, האָט אויך דערציילט וועגן אַ פאַרלוירן גליק און וועגן אַ הערלעכקייט, וואָס וועט באַלד אויסגע־לאָשן ווערן; זי איז געשטאַנען דאָרט ווייט, אַקעגנאיבער די פענצ־טער פון׳ם זיידנס שטוב, און האָט דאָ אַרײַנגעשיקט די לעצטע אומעטיקע אָפּגלאַנצן פון איר אונטערגייענדער פּראַכט.

ענדלעך האָט שוין די באָבע אַרויסגעזוכט די בריל, דעם ספר „איכה” און דעם ספר „חורבן בית־המקדש” און זיך אויך אַוועקגע־זעצט אויף דר׳ערד, אויף אַ נידעריק בענקעלע. זי האָט געהאַט אָנ־געגרייט א חלבן ליכט, און זי האָט עס איצט אָנגעטריפט אויף דער באַנק, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן שטוב. און אַלע ווייבער האָבן גענומען זאָגן „איכה” אויף טייטש־לייענען. אין זייער שטים האָט געשטעקט עפּעס אַ צעבראָכנקייט און עפּעס אַ גרויסער טרויער; אין דעם ציטעריקן פלעמל פון חלבנעם ליכט איז אויך געווען אַ צע־בראָכנקייט און אַ טרויער; די דאָזיקע שטים און דאָס דאָזיקע פלעמל זיינען געווען איינס — ביידע צוזאַמען האָבן אָנגעפילט די שטוב מיט אומעט און מיט ציטערניש. די זון אין מערב איז שוין געווען אינגאַנצן פאַרלאָשן; אַ בלאַסער, גלייכגילטיקער אָוונט האָט אַרײַנגעקוקט דורך די פענצטער.

אַך, איינזאַם איז געבליבן ירושלים, די פיל־באַפעלקערטע שטאָט, די פירשטן פון די שטעט! זי וויינט און קלאָגט ביינאַכט, טרערן האָט זי אויף די באַקן... און אויך די ווייבער, וועלכע זיינען דאָ געזעסן אויף דר׳ערד, איינגעקאָרטשעטע, צוזאַמענגעבראָכענע, אין די בלויזע זאָקן, מיט די אַלטע טיכער אויף די קעפּ, האָבן ענד־לעך געמוזט לאָזן אַ טרער, ווען די באָבע האָט זיך אָפּגעשטעלט, גענומען שאָקלען מיטן קאָפּ און געזאָגט מיט אַ תשעה־באָב ניגון:

— יאָ, יאָ, די שטאָט ירושלים איז געגליכן צו אַן אלמנה...

אַ ווײַלע האָט זי געשוויגן, דערנאָך האָט זי ווייטער גערעדט:

— אָבער ניין, ניין, די שטאָט ירושלים איז נישט געגליכן צו אַן אלמנה. זי איז געגליכן צו אַן עגונה. וואָרום דאָס פאָלק ישראל איז נישט געשטאָרבן; עס וואַנדערט אַרום אויף וויסטע וועגן און קאָן נישט טרעפן צוריק אַהיים...

דערנאָך, אַז די באָבע האָט געענדיקט „איכה", האָט זי גע־נומען זאָגן „חורבן בית-המקדש". די באָבע האָט כמעט נישט אַרײַנגעקוקט אין ספר, זי האָט געקאָנט דערציילן אַלץ פון אויס־ווייניק. זי האָט דערציילט און דערציילט, און די ווײַבער זײַנען געזעסן און געהאָרכט. חיימל מיטן זיידן זײַנען שוין אַהיימגעקומען פון שול, און די באָבע האָט נאָך אַלץ דערציילט. דאָס חלבנע ליכטל איז שוין געווען גאַנץ נידעריק, און די באָבע האָט נאָך אַלץ דערציילט די מעשיות פון חורבן. אַלע שוואַלבן פון דער גאַנצער וועלט האָבן געבראַכט וואַסער אין די שנעבלעך צו לעשן די פלאַמען פון בית-המקדש... אַך, די דאָזיקע פלאַמען, וועלכע האָבן אַלע עקן פון הימל אַרומגעוויקלט מיט רויך און פאַרצויגן אַן אומגעהויערן וואָלקן פון טרויער איבער דער גאַנצער וועלט! די גרעסטע גבירטעס פון ירושלים האָבן אָפּגעקאָכט זייערע קינדער און אויפגעגעסן, כדי צו שטילן דעם הונגער, וואָס האָט זיי איבערגעדרייט די געדערים. איין יונגע פרוי, אַ רײַכע און אַ שטאָלצע, האָט אַרויפגעטראָטן אויף צדוקס פייג און איז דערפון געשטאָרבן אויפן אָרט. ווי וואונדער־באַר איידל זײַנען געווען די טעכטער פון ציון! און די באָבע האָט דאָ געבראַכט אַ פּסוק פון שיר-השירים, וועלכן זי האָט גע־דענקט פון אויסווייניק:

— שוואַרץ זײַנען מיר, אָבער שיין, זאָגן די טעכטער פון ירושלים... ששזפתני השמש, די הייסע זון פון ארץ-ישראל האָט אָפּגעברענט זייער הויט.

דערנאָך האָט די באָבע גענומען דערציילן חיימלען און די אַנ־דערע אינגלעך, וואָס זײַנען דאָ אַרײַנגעקומען צו זייערע מאַמעס, די מעשה מיט חנהן און אירע זיבן זין. כאָטש זעקס ברידער זיי־

נען שוין געוועזן דערהרגעט, דאָך האָט נאָך דאָס זיבעטע אינגל, נאָך גאָר אַ קינד, אויך נישט געוואָלט בוקן זיך פאַר דעם רינג, וואָס אַנטיוכוס הרשע האָט אים געוואָרפן — ביז צום סוף האָט אים אויך פאַרצוקט די בלוטיקע, אַכזריותדיקע שווערד! דאָן האָט שוין חיימל נישט געקאָנט דאָס מער איבערטראָגן; זיינע אויגן האָבן גענומען גלאַנצן אַקעגן דעם ציטערדיקן שיין פון חלבנעם ליכט; צוויי גרויסע, טונקעלע טרערן האָבן זיך אָוועקגעשטעלט אין דידאָזיקע קליינע אויגן. און ער האָט צום סוף אָנגעהויבן וויי־נען, און אויך די אַנדערע אינגלעך האָבן, צוזאַמען מיט אים, געוויינט מיט ביטערע טרערן.

די מעשה מיט חנהן און אירע זיבן זין איז געווען די טרויעריק־סטע פון אַלע מעשיות, וואָרום מען האָט דערשלאָגן מיט אַ שווערד יונגע קינדערלעך, וועלכע האָבן אַזוי ווייניק געלעבט און האָבן נאָך ווייניק געזינדיקט. און אַז די באָבע האָט נאָך דערנאָך דער־ציילט, ווי חנה האָט זיך אַראָפּגעוואָרפן פון אַ דאַך, און ווי עס איז געקומען אַ בת־קול און אויסגערופן: אם שמחה על בניה! — האָבן אויך עטלעכע יונגע ווייבלעך גענומען שטיל אונטערכליפּן און באַהאַלטן די קעפּ אין די אַלטע צעריסענע טיכער. ביז עס איז צום סוף געוואָרן אַזוי טרויעריק, אַז עס האָט זיך געדאַכט, קיינ־מאָל וועט שוין נישט אַריינדרינגען קיין פרייד דורך די פענצטער פונ׳ם זיידנס הויז און קיינמאָל וועט שוין נישט אויסטריקענען די טרער אין די אויגן פון די ווייבער אויף די נידעריקע בענקלעך.



ה. שטרוך: ירושלים ביינאַכט

מ. י. בערדיטשעווסקי.

# צום הייליקן לאַנד

## א

שטיל און רואיק האָט געפלאָסן דאָס לעבן אין מיין געבורטס-שטעטל טאַלנע,ביים ברעג פון דעם טייך טאַלוש, אין דרום טייל פון דער שיינער אוקראַינע. אַלעם וואָס אַ גוטע און פרומע אידישע קהילה באַדאַרף, האָט זיך געפונען אין די דריי הונדערט און צוואַנציק אידישע הייזער, וואָס זיינען געווען צעשפּרייט אי-בער די צוואַנציק לאַנגע און שמאָלע גאַסן אַרום דעם מאַרק-פּלאַץ. ס'איז דאָרט געווען אַ רב, אַ חזן און שמשים; אַ רופא און אַ שערער, צדקה-גבאים פאַר די לעבעדיקע און אַ חברה-קדישא פאַר די טויטע. ס'זיינען דאָרט געווען צוויי בתי-מדרשים און אַ תלמוד-תורה; אַן ערוב ווי ס'געהער צו זיין, ליים-גריבער אין די זייטיקע

געסלעך, פון וואַנען די באַלעבאָסטעס האָבן געקראָגן ליים אויף אויסצושמירן דעם פוס-באָדן אום ערב שבת. ס׳האָט זיך אפילו גע־פונען אַ האַנט-מילעכל אין פּאַליש פון דער קלויז, אויף וועלכן מען האָט יאָר נאָך יאָר געמאָלן מעל אויף שמירה-מצה. וואָס-זשע נאָך גייט אידן אָפּ?

ביי די בעלי-תורה אין שטעטל ווי אויך אין די ביכער-שראַנקען פון די בתי-מדרשים זיינען טאַקע געווען פאַרשיידענע ספרים, גרויסע און קליינע. אין די ספרים האָט זיך דערציילט וועגן אַזעלכע מיני זאַכן, וואָס קערן זיך לחלוטין ניט אָן מיטן לעבן פון דעם שטעטל טאַלנע. ס׳האָט זיך דאָרט גערעדט פון אַן אַנדער לאַנד, פון אַ אידיש לעבן אין אַן אייגן לאַנד גאָר פאַרצייטן. דאָס איז אָבער קיינעם ניט אָנגעגאַנגען, אַפילו ניט די, וואָס האָבן זיך צומאָל באַ־נוצט מיט די ספרים.

אַז מען לייענט שבת פון ספר-תורה אַרויס: „ווען איר וועט אַריינקומען אין לאַנד אַריין, וואָס איך גיב אייך, און איר וועט דאָס באַזיצן", — איז דאָס זיי געווען גלייך ווי מען לייענט: „רעד צו די בני-ישראל, אַז זיי זאָלן זיך מאַכן ציצית". און אַז דער חזן שרייט אויס אויף אַ קול אין אַ פּראָסטן מיטוואָך: ולירושלים עירך ברחמים תשוב, — וועט קיינעם ניט איינפאַלן פלוצלונג צו פאַר־לאָזן די ליבע אייגענע און היימישע טאַלנע.

אויך איך, דער אינגסטער ביי מיין טאַטן, דעם שטעטלשן רב, וואָס בין געווען פון קליינערהייט אָן אַ פאַנטאַזיאָר און אַ בעל-ספר, האָב נאָר ביים נאָמען געקענט דאָס אוראַלטע לאַנד פון די אידן.

ס׳איז אָבער געקומען די צייט, ווען איך בין געוואָרן גוט באַ־קאַנט — כאָטש פון דער וויַיט — מיט דעם לאַנד, וואוהין ס׳האָט מיין האַרץ געצויגן. צוויי גוטע מלאכים האָבן מיך אַהין באַגלייט: דער ספר יהושע-שופטים און דער ספר שמואל-מלכים.

כ׳האָב אין די ספרים געלייענט, ווי אַזוי יהושע איז מיטן גאַנצן פאָלק אַריבערגעגאַנגען דעם ירדן, ווי ער האָט וויסט געמאַכט יריחו און עי, האָט מיט שווערד און בויגן געוואונען דאָס לאַנד פאַר די בני-ישראל, און אַלע מלכים האָבן זיך אים ניט געקענט אַנטקעגן שטעלן. כ׳האָב געלייענט וועגן דבורה הנביאה און וועגן די שופטים יפתח און שמשון, וואָס זיינען אויפגעשטאַנען צווישן די אידן; וועגן שמואל און עלי, שאול און דוד, שלמה און עמרי. כ׳בין גע־וואָרן נאָענט באַקאַנט מיט מלכות יהודה און מלכות אפרים, מיט די גלבוע-בערג און מיט דעם כרמל...

כ׳וואָלט דעמאָלט די גאַנצע וועלט געווען אַוועקגעגעבן, ס׳זאָל

מיך נאָר עמיצער געווען נעמען און אַוועקפירן פון מיין געבורט-שטעטל צו די בערג פון יהודה.

ווי דערשטוינט בין איך געווען, ווען כ׳האָב שפּעטער אויסגע-פונען פון אַ קליין ספרל מיטן נאָמען „מבשרת ציון", געשריבן אין רש"י כתב, אַז ס׳זיינען נאָך ביז היינט שטיין געבליבן די שטעט ירושלים, עכו, שכם און חברון, — טאַקע דיזעלבע חברון, וואו ס׳געפינען זיך די מערת-המכפלה און די קברים פון די אָבות. ס׳האָט זיך אין ביכעלע דערציילט, אַז ס׳זיינען שוין מער אין דעם אידישן לאַנד ניטאָ די במות און די מזבחות, בלויז קברים געפינען זיך דאָרט... היינט צוטאָג קאָן דער רייזנדער דאָרט געפינען דעם קבר פון נון, יהושועס פאָטער, דעם קבר פון הושע בן באר, וועמען איך האָב געקענט פון דער הפטורה, די קברים פון שמאי און הלל, דעם קבר פון ר׳ יוחנן בן זכאי און די קברים פון די בני ברק.

ס׳האָט זיך אין מיר דערוועקט אַ שטאַרקער פאַרלאַנג צו פאָרן זען מיט מיינע אייגענע אויגן די בערג און די היילן פונ׳ם לאַנד. איך מוז זען דאָס לאַנד כל זמן איך לעב, האָב איך זיך געזאָגט, ווייל ביז ס׳וועט אַמאָל קומען צו גלגול מחילות איז נאָך אַ היבשער מהלך. און ווידער, ווער קאָן וויסן, אפשר וועל איך גאָר, ווען איך וועל אויפוואַקסן, זיין אַ רשע, וועל איך גאָר מוזן בלייבן באַגראָבן אין פרעמדער טמא ערד?...

פּונקט אין דער צייט, ווען איך בין געווען באַהערשט פון אַזעל-כע געפילן און פון אַזאַ שטאַרקער בענקשאַפט, איז אַרויס אַ קלאַנג אין שטעטל, אַז יהושוע-נתן דער שוחט פאָרט קיין ארץ-ישראל.

## ב

ס׳איז טאַקע באַלד באַקאַנט געוואָרן אין טאַלנע, אַז דער שוחט יהושוע-נתן פאָרט קיין ירושלים.

מען האָט וועגן דעם גערעדט איבער דער גאַנצער שטאָט, אין די שולן און, להבדיל, אין די קראָמען. ס׳האָט וועגן דעם גערעדט גרויס און קליין. זינט טאַלנע שטייט האָט זי נאָך קיינמאָל ניט געהאַט אַזאַ וויכטיקן ענין, וועגן וואָס צו שמועסן.

איך האָב וועגן דעם געקלערט און געקלערט, און ס׳איז מיר אויסגעקומען, אַז דער גאָט פון ישראל האָט זיך באַוויזן יהושוע-נתנען אין חלום און האָט אים געזאָגט: לך לך — גיי זיך פון דיין לאַנד טאַלנע און לאָז זיך אַוועק אין הייליקן לאַנד אַריין. כ׳האָב דאָס דערציילט מיינע חברים, איז עס ביי זיי אויך אויסגעקומען ווי

מן השמים. ס׳האָט אונז דערפאַר טאַקע געוואונדערט, ווען מיר האָבן געהערט רעדן, אַז נאָך גאָטס וואָרט האָט דער שוחט זיך ערשט אָנגעפרעגט פריער ביי זיין אַלטיטשקער, און דערנאָך ביי זיינע עלטערן, וואָס ליגן אויפן אַלטן בית-עולם. ער איז וועגן דעם אויך געקומען צו מיין פאָטער, דעם שטעטלשן רב. מיין טאַטע האָט זיך איינגעבויגן פאַרן אַלטן שוחט, וואָס איז געווען מער ווי צוויי מאָל זיינע יאָרן, און האָט פון גאַנצן האַרצן געזאָגט: „לאָזט מיר אייער ברכה, רבי יהושוע!״

יענעם טאָג איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז איינער פון אונז קאָן זיך טאַקע אַמאָל אַוועקלאָזן גיין צו די ערטער, וועגן וועלכע ס׳שרייבט זיך אין מיין פירעקיק ספרל און אין רש״י. כ׳האָב דאָך מיט מיינע אייגענע אויגן געזען, ווי יהושוע-נתן דער שוחט האָט זיך אַרויסגעלאָזט צום לאַנד, וואו ס׳זיינען געווען כלב און עתניאל בן קנז, וואו ס׳האָבן געזיגט אבנר בן נר און יואב בן צרויה, און וואו ס׳ליגן באַהאַלטן די נביאים און די מלכים.

אָט דער איד, ווּעמען כ׳זע יעדן טאָג זיצן ביי זיין טיש, גייט אין לאַנד פון די אָבות! — האָב איך זיך צוגעקוקט צו זיין פּנים צו זען, וואָס כ׳וועל דערפון איצט אַראָפּלייענען.

ס׳האָט מיך ניט געלאָזט רוען דער געדאַנק, אַז דער אַלטער וועט מיט זיינע אייגענע אויגן זען דעם מויער פון ירושלים, און איך וועל גאָר בלייבן אין טאַלנע, אפשר טויזנט מייל ווייט פונ׳ם ירדן. ס׳איז מיר אויסגעקומען, אַז אַ גרויסער אומרעכט ווערט דאָ באַגאַנגען. ביינאַכט אויף מיין געלעגער, אין פינצטערן חדרל, האָב איך געפּרוּווט זיך פאָרשטעלן די בערג פון ישראל און די ערד פון ישראל; די שטאָט שומרון, תקוע און דעם נחל בשור. אין מיין דמיון האָבן אויפגעוואַכט גאַנצע פּסוקים און איינצלנע ווערטער פון דער צייט, ווען די אידן זיינען געזעסן יעדער אונטער זיין וויינשטאָק און אונטער זיין פייגנבוים, — און איך האָב געהאַלטן אין איין זען זיי פאַר די אויגן.

ג׳

ס׳איז געקומען דער טאָג, ווען דער שוחט האָט געזאָלט אָפּפאָרן. אריה-בער דער שמש און דער שטאָט-באַלעבאָס איז אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי און איז אַרומגעגאַנגען קלאַפּן אין די פענצטער, אַזוי ווי אין די סליחות-טעג: שטייט אויף, טאַלנער אידן, און קומט אַרויסבאַ-

גליטן אייער שוחט קיין ארץ ישראל! אין יעדן הויז איז געוואָרן אַן איילעניש, אַ יאָגעניש. מען האָט שנעל אָפּגעכאַפּט דאָס דאַווּנען און זיך צוגעאיילט מיטן עסן. מען האָט די קינדער פריגעלאָזט פון די חדרים. די סוחרים האָבן געלאָזט זייערע עסקים, און אַ סך קרעמער האָבען געטאָן עפּעס גאָר אַן אומגעוויינלעכע זאַך: זיי האָבן אין אַ פּראַסטן, וואָכעדיקן טאָג פאַרמאַכט זייערע קראָמען.

לעבן דעם שוחטס הויז זיינען געשטאַנען אַ סך מענטשן. ס'זיינען געשטאַנען קליין און גרויס, מאַן און פרוי: מיידלעך, דינסטן מיט פּיצלעך קינדער אויף די הענט, און אפילו סתם גויים, אָנגעטאָן אין ווייסע האַריקע פּעלצן, זיינען געשטאַנען און האָבן זיך צוגעקוקט צוזאַמען מיט די אידן. אין מיטן איז געשטאַנען אַ גרויסער פּויערשער וואָגן, צו וועלכן ס'איז געווען איינגעשפּאַנט אַ פּאָר אָקסן. דער וואָגן איז געווען געפּאַקט מיט קישן, איבערבעטן און מיט גראָבע זעק פול מיט פאַרשיידענע כלים: אויך די זיינען געפאָרן אין ווייטן לאַנד אריין.

ס'איז אַרויסגעקומען יהושוע אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן, גלאַנציקן מלבוש. זיינע אויגן זיינען געווען פול. ער האָט צום לעצטן מאָל אַ קוש געטאָן די מזוזה פון זיין גלות-היים. נאָך אים איז נאָכגעגאַנגען די אַלטע שוחטקע אָנגעטאָן אין אַ גרינעם מלבוש, און דאַן זיינען נאָכגעקומען די זין, די איידעמס, די שניר און די אייניקלעך. ס'איז מיט זיי מיטגעגאַנגען מיין טאַטע, דער רב, דער שטאָטחזן און די איבעריקע כלי-קודש: די גבאים און נאָך אַנדערע חשובע בעלי-בתים מיט די שטעקנס אין די הענט. דער ערל האָט אַ פייף געטאָן צו זיינע אָקסן, האָבן זיי זיך אַ ריר געטאָן, האָט זיך דער וואָגן מיטן גאַנצן געפּאַק אַ רוק געטאָן.

די צאָל באַגלייטער וועךט אַלץ גרעסער. ס'גייען די חשוביהעיר, די זקנים, די נגידים און די בעלי-בתים. ס'גייען נאָך די מיסטערם און די בעלי-מלאכות, בעלי-עגלות און קצבים, די טרעגער און די גאַרבער. חדר-אינגלעך און סתם אינגלעך רינגלען אַרום דעם גאַנצן עולם. דער עולם שפּאַנט פּאַמעלעך צו דער מיטלסטער גאַס, ביז מען קומט צו צום טויער פון שטאָט. אומעטום, וואו די ארץ־ישראלדיקע גייען פאַרביי, שטייט דער עולם און קוקט אַראָפּ פון די גאַניקעס און פון די פענצטער.

ס'איז געווען אַ זומערדיקער טאָג, איינער פון די לעצטע טעג פון דעם חודש אָב, דער חודש ווען די אידן איז ניט גאָר פריילעך אויפן

הארצן; זיי דערמאָנען זיך דאָן, אַז דער אויבערשטער איז מיט זיי אומצופרידן געווען און האָט חרוב געמאַכט זיין הויז. באַלד אָבער קומט שבת נחמו, פאַרגעסט מען זיך ווידער אָן אַלצדינג און מ׳בלייבט ווייטער שטעקן אין גלות.

אָבער דעם עולם געדענקט זיך איצט גוט. די בענקשאַפט פון דורות און דורות האָט אַלעמען אַרומגענומען. ס׳האָט זייער הארץ געצויגן צום קליינעם מזרח לאַנד, וואוהין ס׳לאָזט זיך איצט אַוועק איינער פון זיי. יעדער איינער האָט פאַרגעסן זיין האָב און גוטס, זיין היים און זיינע דאגות. אָט ווי זיי זיינען אַלע דאָ געשטאַנען ביים טויער פון שטאָט, מיט די שטעקנס אין די הענט, ווען ס׳דערהערט זיך נאָר די בשורה: „משיח איז געקומען!״ — וואָלטן זיי אַלע דאָ איבערגעלאָזט זייערע הייזער און זייער גאַנץ פאַרמעגן און וואָלטן זיך געלאָזט אַהין, צוזאַמען מיט יהושוען...

דער ערל האָט ווידער אַמאָל אַ פייף געטאָן, זיינען די אַלטע קוים אַרויפגעקראָכן אויפן וואָגן. די אָקסן האָבן זיך צערעוועט. דעם אַרומיקן עולם איז געוואָרן זייער שווער אויפן הארצן. ביי מיר איז דעם גאַנצן טאָג אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער געוואָרן דאָס געפיל, אַז איך מוז מיט די מענטשן מיטפאָרן אין הייליקן לאַנד אַריין, און כ׳האָב שטילערהייט געבעטן ביים שטאַרקן גאָט, אַז ער זאָל מיך גאָר באַלד מאַכן פאַר רבי יהושועס אַן אייניקל, פאַר זיין געליבטסטן אייניקל, ער זאָל זיך פון מיר גאָר ניט קענען שיידן און זאָל מיך טאַקע מיט זיך מוזן מיטנעמען קיין ארץ ישראל. כ׳האָב פאַר גרוים אויפרעגונג שוין קוים געקענט שטיין אויף די פיס. ביז צו דער לעצטער מינוט האָב איך נאָך אַלץ געגלויבט, אַז אַ נס וועט געשען, כ׳וועל אַרויפשפרינגען אויפן וואָגן און וועל מיט זיי צוזאַמען אַוועקפאָרן: ווען כ׳האָב דערזען אַז דער וואָגן מיט די ארץ-ישראל-לייט רירט זיך שוין פון אָרט, און איך שטיי נאָך אַלץ דאָ אויף דער ערד, האָב איך זיך שוין ניט געקענט איינהאַלטן און כ׳האָב אַ געשריי געטאָן: ר׳ יהושוע, נעמט מיך מיט קיין ארץ ישראל, אַז ניט — שטאַרב איך!

אַ שטראָם מיט טרערן האָט זיך געלאָזט פון מיינע אויגן. די אַרום מיר האָבן זיך אויך צעוויינט, דער גאַנצער עולם האָט געוויינט.



א. ליעסין.

# רבי שמעון מיימי

דער רב אין מיטן, רעכטס זיין איידעם, לינקס זיין ווייב,
זיי שטייען ביזן האַלז אין טורעם־וואַנט פאַרמויערט;
עס ברענט אויף זיי ווי פייער דער צעמורשטער לייב,
שוין לאַנגע דריי מעת־לעת ווי זייער גסיסה דויערט.
און אויפן בייך־קרייץ אויבן ווינקט זיי יעזוס מיד,
אין פיין־געשניצטע, פיין־געקינצלטע יסורים:
„אָ, זאָגט אויף מיר, איך בין אַ גאָט און ניט קיין איד,
דאַן ברעכט מען אייך אַרויס מיט גרויס פאַראַד פון טורעם."
דער רב איז אָבער שטום, פאַרעקשנט ביזן סוף,
און שטום ווערט דורכגעפירט די ווילדע שטראָף,
עס גייט אַרויס אין טהרה לאַנגזאַם די נשמה
פון לעצטן רב פון פאָרטוגאַל.

ער שטייט פאַרמויערט שטום, און פאַר זיין גוסס־בליק
שוועבט פלאַמיק אַלץ דאָס בילד: מען שלעפּט זיי ווי די רינדער,
אין קלינגענדיקע קלויסטערס, פאַר די האָר, אויף שטריק,
פיל טויזנטער ביז איינעם — מענער, פרויען, קינדער.
אָט זעט ער זיך שוין דאָרט, אַריינגעכאַפּט אין נעץ,
אָט האָט מען אים אַ קרייץ צום קושן צוגעטראָגן,
און בליץ־שנעל אָן אַלטאַר צעשמעטערט ער דעם געץ:
די רוצחים זאָלן אויפן אָרט אים טויט דערשלאָגן!
די קירכע אָבער דאַרף זיין ביישפּיל, זיין פאַרראַט,
דעם גייסט פון רב פון אַלטן מוז זי זען געבראָכן;
ווי שווער די פּייניגונג! ווי שוואַך ער פילט, ווי מאַט!
אַלץ שטראַלנדיקער לויכט דער הייליקער נצחון
פון לעצטן רב פון פאָרטוגאַל.

עס לעשט זיך, לעשט זיך אוים זיין לעצטער לעבנס־פונק;
דער גלח און דער וועכטער שטייען דאָך און וואַרטן,
צי רעדט ניט וואָס זיין בליק, צי מערקט זיך ניט אַ וואונק,
צי פילט זיך ניט אַ בראָך אין ווילן אין דעם האַרטן?
אומזיסט! אומזיסט! ער שטאַרבט. דער גלח טרעט שוין אָפּ...
עס לויכט באַגייסטערט אויף דאָס פּנים פון דעם וועכטער,
ער שטעלט זיך פאַרן רב געבויגן טיף דעם קאָפּ,
און פליסטערט אין עקסטאַז: „אַ דאַנק דיר, גאָט גערעכטער!
דו האָסט מאַראַנען שוואַכע, זינדיקע באַגליקט
דיין הייליקונג צו זען, געמאכט אונז שטאַרק ווי אייזן,
אין חושך האָסטו אונז א פייער־זייל געשיקט,
פאַר קינדער, קינדס־קינדער דעם ביישפיל אונז צו ווייזן
פון לעצטן רב פון פּאָרטוגאַל."

עס שלייכט אַ לויה שוואַרץ אין טויטקייט פון דער נאַכט,
עס גייט און גנבעט זיך אַ שאָטן־שטומער עולם.
מיט מסירת־נפש ווערן קדושים דריי געבראַכט
געהיים פון תפיסה־גרוב צום אידישן בית־עולם.
עס קרעכצט פאַרשטיקט דער קדיש דאָרט צום לעצטן מאָל,
עס שטראָמען שטיל מאַראַנען־טרערן בלוטיק־הייסע,
און אין דעם ציטערדיקן, יאָמערדיקן קול
הילכט אָפּ אַ שבועה אַלץ, אַ גוואַלטיקע אַ גרויסע.
און דורך אַן אימת־מות, דורות־דורות לאַנג,
דורך דריי יאָרהונדערטער פון פינצטערע יסורים,
ביים אינקוויזיטאָרס פלאַם, אין הייל פון מאַרטערס צוואַנג,
לויכט שטראַליק די געשטאַלט, פאַרמויערט אין דעם טורעם,
פון לעצטן רב פון פּאָרטוגאַל.



## מענדעלע־מוכר־ספרים.

# דער רבי ליפא ראובנס

ליפא ראובנס, א איד אין די מיטעלע יאָרן, איז איינער פון יענע מענטשן, אין וועלכע גאָט האָט אריינגעלייגט אלע גוטע מתנות: גייסט, הארץ און געפילן, נאָר פארגעסן אָבער זיי צוגעבן איין קליניקייט — מזל! ביים ארויסגיין פון גאָטס הענט אהער אויף דער וועלט האָט זיי דער רוח, ווי א קערנדל תבואה, פארטראָגן ערגעץ אין א העק, אין א וויסט אָרט, וואו עס זיינען נישטאָ די אלע מיטלען, ווי געהעריק איז צו וואקסן. דער גייסט אין זיי רייסט זיך, זוכט זיך ערגעץ אן אָרט, וואו צו ווייזן זיך פריי, צעפירן אביסל די הענט — ביי א טייל אָבער ווערט ער, נאָך אלע אומזיסטע מי, נאָך דעם אויסגליטשען זיך אויף שטיינער אין דעם וועג, אלץ שוואכער, און זיי ווערן איינגאנצן אפּהענטיק. זיי ליגן, פוילן, נעמען זיך אמאָל אויך פאר קרענקונג צו דער משקה, טויגן צו גאָרנישט און הייסן ביי דער וועלט: טויגעניכטסן, פארלוירענע מענטשן. ווידער ביי א טייל הערט דער גייסט פאָרט טאקע נישט אויף צו רייסן זיך ארויס, ארויס; עפּעס קאָכט עס, בורטשעט עס אין זיי; ס'איז א שטענדיק קאָכעניש, א ראנגלען זיך, אן אינווייניקסטע נישט־צופרידנקייט. פאר עסעניש גייען זיי פונ'ם לייב אראָפּ, זיינען עפּעס פאראומערט, פארטראכט, דער גייסט לאָזט זיי נישט רוען, זיי כאפּן זיך צו אלצדינג, דאָ צו דער, דאָ צו יענער זאך, נאָר איטלעכע זאך קומט אוים עפּעס משונה, עפּעס ווילד ווי די נאטור אליין, וואָס איז נאָך רוי, נישט באארבעט — דאָס זיינען יענע מיני קינסטלער, וואָס, ווי די וועלט זאָגט, אין דער האנט הונדערט מלאכות און — ווייניק ברכות.

ליפא ראובנס איז געווען א דארער, א קורצזיכטיקער מיט א בלייך פּנים, א שטילער, א גוטער און זייער באליבט ביי איטלעכן אין דעם שטעטל. זיין כאראקטער, זיין וואוינונג, זיין שטייגער לעבן, זיין טאָן און אלץ מיט אנאנדער האָט באשיינפּערלעך געוויזן, אז אין אים איז דאָ דאָס פּינטעלע, דער ברען פון א קינסטלער. ער האָט געהאט א האנט צו שניצן, צו מאָלן, צו שרייבן און צו קריצן אויף קופּער און אויף שטיינער, נישט צו מאכן זיך דארויס א פּרנסה, נאָר גלאט אזוי, ווייל דאָס איז געווען זיין בעסטער פארגעניגן; ווייל עס האָט אים דערצו עפּעס געטריבן, און ער האָט באדארפט, געמוזט מייסטערן. ביי דעם שטעטלדיקן עולם אידן האָט ער געהייסן א בריה צו אלצדינג, א קענער, עפּעס גאָר א שרעק — און זיי האָבן ביי איטלעכער געלעגנהייט מיט זיין בריהש־

קייט זיך באנוצט. מען האט אים מכבד געווען מיט שניצן דעם אָרון־קודש, מאָלן א „מזרח", שלאָגן מצבות, קריצן חתימות. מיידלעך, כלות פלעגן אים מטריח זיין, מיט זיין גוטן ווילן צו מאכן פאר זיי מוסטערן, אויף קייטלשטיכלעך, אויף העפטן, אויסנייען פאר זייערע חתנים תפילין־זעקלעך. און אז ער טויג שוין יאָ צו אלע זאכן און איז דערצו נאך א גוטער מענטש אויך, טוט איטלעכן צוליב, אזוי זיך, אומזיסט, פאר וואָס־זשע זאָלן ווייבער נעבעך אזוי זינדיק זיין, נישט צו באנוצן זיך מיט אים אויך — צו קדחת אשטייגער? מען האט אים געבעטן, האט ער געשריבן עפּעס אזוינס אויף מאנדלען, אָדער אויף טעלער מיט טינט, וואָס צע־פירנדיק עס דערנאָך מיט וואסער, גיט מען עס דעם קראנקען טרינקען — און עס העלפט!... צו די אלע זאכן האט ליפא ראובנס נאך צוגעקנעלט אויך.

פאר א מלמד האט אים געמאכט ר' חיים!

שלמה ר' חיימס, א אינגעלע פון א יאָר זיבן, האט פון דער קינד־הייט זיך געוויזן פאר א וואוילס, א לעבעדיקס, מיט א שארף קעפּל צום לערנען. אין איין יאָר האט ער זיך אויסגעלערנט ביי משה שלייען גוט עברי, געלייענט ווי א וואסער און אָנגעהויבן חומש, ווי דער שטייגער איז, פון ויקרא, וואָס אנדערע קינדער באדארפן דערויף אוועקזיצן אין חדר א צוויי־דריי יאָר. ביים גאנצן הויזגעזינט ר' חיימס, ווי אויך ביי פּרעמדע, אריינגייערס צו אים אין שטוב, איז שלמהלע געווען זייער באַ־ליבט פאר זיין לעבעדיקייט, פאר זיין פאלן אמאָל אויף קלאָץ־קשיות, און נאך מער — פאר זיינע אָנשטעלן. ס'איז אין אים געלעגן בטבע עפּעס אזוינס, אויפצוכאפּן באלד ביים ערשטן בליק יענעמס א מינע, א וואָרט, וואָס עפּעס נישט אזוי, משונה ווי ביי אנדערע. ער פלעגט וואונדערשיין נאָכמאכן אבי וועמען מיט אלע פאָסטעמקעס — ווי יענער רעדט, ווי יענער שטייט און גייט, אזוי אז מען פלעגט זיך האלטן ביי די זייטן פאר געלעכטער, זעענדיק און הערנדיק אים. באזונדערס ליב האט ער געהאט נאָכצומאכן גיטל די זאָגערין, ווי זי קושט די מזוזה ביים אריינקומען אין שטוב, אָנגעטאָן אין דער יופּע אויף איין אָרבל; ווי זי פארציט די ליי־פעלעך, זאָגט: „א גאַט העלף!" מיט חן; ווי זי גיט א בייג דעם רוקן ווי א קעצעלע, אזוי אז איין אקסל קומט אוים נידעריק, דער אנדערער העכער, דאָס קעפּעלע אין דער זייט, אונטערגעהאלטן מיט דער האנט, און א פינגער אויף דער באק; ווי זי קנייטשט דאָס פּנימל, א סמאָרע מיט דעם נעזל, פארגלאָצט די אייגלעך און רעדט מיט תחינה־לשון, אלץ: „געלויבט און געאכפערט דער אלמעכטיקער, ברוך הוא וברוך שמו, וואָס באשירעמט זיין פאָלק ישראל!", אריינוואָרפנדיק אינדערמיט שטיקלעך פונ'ם „נחלת צבי" און רבנו בחיי. — די מאמע פלעגט מיט אנדערע

גליך טאַקע אויך לאַכן, נאָר דערבײַ, מיט אַ פינגער אויף דער נאָז, כלומרשט אין כעס, צו אים מאַכן:

— וואַרט נאָר, וואַרט, שײַן בחורל אײנער! איך וועל נישקשה דערציילן דעם טאַטן, וועסטו שוין וויסן, נישקשה, ווער עלטער איז, ווי אַן עלטערן נאָכצוקרימען זיך. זאָל איך אַזוי וויסן בייז, אויב איך פאַרשטײ, וואָס פאַר אַ מין שלאַק דאָס איז, רבונו של עולם!...

דער טאַטע אָבער איז אויף דעם קינד אַ מבין געווען. ער האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז בײַ אַ געהעריקן סדר לערנען אַלצדינג, וואָס מען באַדאַרף, און בײַ אַ רעכטן מלמד אין די הענט, קען פון אַזאַ קינד, מיט דער צײַט, ווערן אַ לײַט. לערנען אַלצדינג, וואָס מען באַדאַרף, האָט בײַ אידן צו יענער צײַט, און בפרט נאָך אין אַזאַ שטעטל ווי ק..., נישט געהייסן שפּראַכן, חכמה־זאַכן, דאָס וואָס היינט. צו גמרא און פּוסקים זײַן נאָך אַ בעל־תנ״ך אויך, פאַרשטײַן אביסל דיקדוק — איז מען שוין אַ פּאַרטיקער מענטש, אַ ווילדער בריה אײנער אין דער וועלט, מער דערפון איז גאָר נישטאָ, — טאַקע אַן איבעריקע זאַך. נאָר ווער אָבער האָט, חוץ דעם אָנהויב פון איטלעכער סדרה, געלערנט קינדער תנ״ך? מען האָט זיך עפּעס געשייעט, עס האָט עפּעס געשמעקט מיט אפּיקורסות. ר׳ חיימען אָבער האָט זיך געגלוסט פאַר שלמהלען זײַנעם מאַכן אַן אויסנאַם — פּרוּוון לערנען אים דווקא גאַנץ תנ״ך, מיט דעם תרגום אויך, כסדר פון אָנהויב ביז צום סוף. ר׳ חיים אַליין האָט געקענט תנ״ך און געשריבן מליצה. פון זײַנע בריוולעך פלעגט מען לעקן די פינגער. ער האָט געהייסן צווישן זײַנע אַלע באַקאַנטע אַ „בעל־לשון״... נאָר וואו נעמט מען אָבער דעם מלמד דערצו? אָט דאָס האָט ר׳ חיים געטראַכט און איז לסוף געפאַלן אויף ליפּאַ ראובנס. אים האָט עס ר׳ חיים געמאַכט פאַר אַ מלמד צו קנעלן מיט זײַן שלמהלען, מתיר געווען אים צוצונעמען נאָך עטלעכע קינדער, כדי ער זאָל קענען ווי עס איז מיט ווײַב און קינד, ווי אַלע אידישע קינדער, אָט אַזוי זיך לעבן...

און דער זיווג האָט עולה־יפה געווען! דער רבי און דער תלמיד האָבן זיך אײנער דעם אַנדערן זייער גוט געפּאַסט. דער רבי האָט געקנעלט געטרײַ, און דער תלמיד — געלערנט געשמאַק. דער שטײַגער איז געווײנטלעך געווען, בשעת דעם לערנען בײַם טיש, פלעגט דער רבי זיצן אויף זײַן אָרט מיט עפּעס אַן אַרבעט — מאָלן אָדער שטעכן אַ חתימהלע. נאָר דאָס האָט אָבער נישט געשאַדט צום גאַנג פון׳ם לערנען; ער האָט, נישקשה, זיך גוט צוגעהערט; פאַרקערט דאָס לערנען איז געגאַנגען נאָך פיל בעסער. די אַרבעט איז פאַר אים געווען דאָס אײגענע, וואָס אַ פּראָסטן בעל־מלאכה אַ גוטער טרונק בראָנפן. זי האָט אים באַגײַסטערט, באַלעבט, געמאַכט באַרעדעוודיק. ערשט דענסטמאָל האָט ער דערקלערט אַלצדינג

שארף, קלאָר; פונ'ם מויל האָבן זיך אים געשאָטן פּערל, אין די אויגן האָט געפינקלט אַ הייליק פייערל; ער האָט געקוקט מיט ליבשאַפט עפּעס אַזוי גוט, אַזוי גוט... און דעם תלמיד פּלעגט עס געבן אַ נעם, אַ ברען, אונטערגעגעבן אים אַ חשק; ער האָט געשלונגען איטלעכס וואָרט, אויפ־שטעלנדיק די אויערלעך. דאָס לערנען איז נישט געווען, ווי ביי יענע, ערגעץ אַנדערש אַשטייגער, אַ שווערע משא, אַ ריין אָפּקומעניש, וואו דער רבי מיט דעם תלמיד ליידן נעבעךביידע גליך: איינער שלאָגט אין קאָפּ אריין מיט גוואַלד, איז דערביי אויפגעבראַכט, היצט זיך אַ שרעק, און דער אַנדערער, וואָס זאָל ער נעבעך טאָן, מאַכט זיך כלומרשט, ווי אים איז עס אין קאָפּ אריין, ציטערט, פּלאַטערט — און ביידע ווינטשן איי־נער פונ'ם אַנדערן פּטור צו ווערן... ניין! דאָס איז געווען גאָר עפּעס ווי אַ שמועס צווישן צוויי פריינט, אין וועלכן איין האַרץ פילט דאָס אַנ־דערע — אַ שמועס, וואָס מאַכט פאַרגעניגן אי דעם, וואָס רעדט, אי יענעם, וואָס הערט: ביידע פאַרשטייען זיך זייער גוט, און עס ווילט זיך צו־ברענגען אַזוי די צייט נאָך און נאָך.

(פון „שלמה ר' חיימס").

▼▼▼▼▼



## א. רייזען.

# דער בוים

### א

עס איז געווען אַ לאַנגע גאַס, ווייניקסטנס אין דעם אידישן קליינעם שטעטל האָט זי זיך גערעכנט פאַר דער לענגסטער. זי האָט פאַרמאָגט פערציק הייזלעך, אויסער דער „חורבה", אין וועלכער קיינער האָט שוין זייט צען יאָר נישט געוואוינט. די איינוואוינער פון דער גאַס זיינען געווען דורכאויס אידן; דער איינציקער גוי, וואָס איז געווען אין גאַס, איז אויך געווען אַ האַלבער איד: גערעדט אידיש, געהאַלטן פון אַ סך אידישע מנהגים, וואָס זיינען אַ סגולה צום געזונט, און ער האָט געוואוינט אין אַ אידיש שטיבל, וואו ביי דער טיר איז געווען צוגעשלאָגן אַ מזוזה. אַזוי, אַז די אידישע

„אָרעמע־לייט", גייענדיק איבער די הייזער, פלעגן זיין שטיבל אויך ניט דורכלאָזן און פלעגן אַמאָל כאַפּן ביי אים — ניט אין אַ יקרות־יאָר — אַ צוויי, דריי קאַרטאָפל...

די דאָזיקע גאַס האָט געהאַט צוויי ברונעמס, אַן „ערוב", צוויי גריבער, וואו די קינדער פלעגן זיך אין זאַמד שפּילן, און צוויי גאַנץ־טיפלעכע רינשטאָקן ביי די זייטן פון דער גאַס.

עס פאַרשטייט זיך, אַז די לאַנגע גאַס, וואָס איז געווען באַזעצט מיט אידן, איז ניט געווען איינגעטונקט אין בוימער. די גאַסיקע אידן, וואָס האָבן אַלע גוט לערנען געקענט, האָבן געוואוסט, אַז אַמאָל אין ארץ־ישראל איז יעדער איד געזעסן אונטער זיין „וויינ־שטאָק" און „פייגנבוים"; אויך האָבן זיי געוואוסט פון די צעדער־בוימער אין וואַלד לבנון און פון נאָך אַנדערע בוימער, וואָס ווערן אויסגערעכנט אין פּסוק... דאָ אָבער, אין חוץ־לארץ, האָבן זיי פון בוימער ווייניק געוואוסט; ניט קלאָר פאַרשטאַנען, ווי אַזוי וואַקסט עס אויס אַ בוים. צווישן די חדר־אינגלעך נאָר איז „אומגעגאַנגען" אַ „סוד", אַז אויב מען זאָל פאַרזייען די קערנדלעך פון אַן עפּל אין דער ערד, קאָן אין אַ צייט אַרום אויסוואַקסן אַ בוים, נאָר עס איז מער ניט געווען ווי אַ קלער — קיין אמתע אמונה האָבן די חדר־אינגלעך דערין ניט געהאַט און האָבן זיך אפילו געפוילט צו מאַכן אַ פּרוואו איינצוזייען אַזעלכע קערנדלעך.

און די לאַנגע גאַס האָט טאַקע נאָר איין איינציקן בוים געהאַט, און יעדערן איז געווען אַ וואונדער, ווי אַזוי קומט דער בוים אַהער!

דער באַלעבאָס פון דעם בוים, חיים יאַנקל דער שניידער, האָט אויך ניט קלאָר געוואוסט, ווער עס האָט דעם בוים פאַרפלאַנצט, און ווי אַזוי ער איז אויסגעוואַקסן. זיין טאַטע האָט עס געוויס ניט גע־טאָן, ווייל אַז חיים יאַנקל איז נאָך געווען אַ אינגל, איז שוין דער בוים געווען פונקט אַזוי גרויס און דיק, ווי איצטער. חיים יאַנקלס „נחלה" איז אים איבערגעגאַנגען בירושה אוודאי פון אַ זעקסטן דור. אפשר האָט די נחלה געהערט אַמאָל צו אַ גוי, און דער גוי האָט אים פאַרפלאַנצט?

נאָר ווי די געשיכטע זאָל נישט זיין, אַזוי צי אַנדערש — די „לאַנגע" גאַס האָט געהאַט אַ בוים, און דער בוים איז געווען חיים יאַנקל דעם שניידערס. געוואַקסן האָט דער בוים לעבן שטיבל, האַרט ביים פענצטער, וואָס האָט צום גאַס אַרויסגעקוקט, און חיים יאַנקל פלעגט בשעת דער אַרבעט קענען קוקן אויף זיין בוים, וועלכן ער האָט ליבער געהאַט ווי אַלץ אין דער וועלט.

הערבסט־צייט, ווען דער ווינט פלעגט בלאָזן, פלעגן דאַמאָלסט

די צווייגן זיך שאָקלען און רוישן טרויעריק אין פענצטער אַריין, ווי זיי וואָלטן עפּעס אַן אומעטיקע, לאַנגאָנענדיקע מעשה ווען חיים יאַנקלען פאַרציילן, און דעמאָלט פלעגט חיים יאַנקל אומעטיק ווערן, די נאָדל פלעגט ווי ווען אַרויסשפּרינגען פון די פינגער, ביז ער פלעגט זי אינגאַנצן פון האַנט אַרויסלאָזן, אָנלענען זיך צום פענצטער און פאַרטראַכטערהייט אונטערברומען מיט אַ האַלב-צעבראָכענעם קול:

> אז בהלך ירמיהו
> על קברי אָבות !...

און אין שטיבל פלעגן זיך דעמאָלט הערן, ווי שטילע טריט פון מתים...

זומער אָבער, פלעגט דער בוים מער רושם מאַכן אויף חיים יאַנקלען: מלאכה איז געווען ווייניק, צייט צו פאַנטאַזירן — מער, און ער פלעגט אין דער ליידיקער צייט ליגן אונטערן בוים. די צווייגן פלעגן שטיל, פאַרזיכטיק רוישן; אַ פויגל פלעגט זיך אַמאָל פאַרגנבענען אויף זיי און טשיריקען, און חיים יאַנקל פלעגט דעמאָלט צומאַכן די אויגן און קלערן און טראַכטן פון עפּעס העכערס, ווי שער און אייזן...

אין זומערדיקע שבתים, אַז עס פלעגט הייס זיין, פלעגן אַמאָל קומען נאָענטע שכנים אויסרוען זיך אונטערן בוים נאָכן טשאָלנט.

דעמאָלט פלעגט חיים יאַנקל האָבן אַ גרויסן כבוד. עס פלעגט אויך קומען טוביה דער גמרא-מלמד, אַ הויכער, דאַרער איד מיט איינגעפאַלענע באַקן. טוביה פלעגט רעדן זייער שטיל, בנעימות-דיק, און חיים יאַנקל האָט אים זייער געשעצט.

— ווען מיר אַביסעלע אָפּרוען אונטער אייער בוים, ר' חיים יעקב! — פלעגט טוביה שטיל אַרויסרעדן, אויסציענדיק זיך מיט אַ מידן שמייכל אונטערן בוים און ניט קוקן חיים יאַנקלען אין פּנים בשעת רעדן.

— אָ, מיטן גרעסטן כבוד, ר' טוביה! — פלעגט חיים יאַנקל כמעט ווי אויסשרייען — מיטן גרעסטן כבוד! רוט אייך אָפּ, מהיכא-תיתי!

— כי האָדם עץ השדה, — פלעגט טוביה אַריינקומען אין אַ שטימונג, ליגנדיק אונטערן בוים — אַ בוים, ר' חיים יעקב, איז געגליכן צו אַ מענטשן.

און ר׳ חיים יאַנקל פלעגט אויפהויבן די אויגן, באַטראַכטן די צווייגן פון בוים, דעם שטאַם, ווי ער וואָלט געזוכט אַן ענ־לעכקייט צווישן אַ מענטשן מיט אַ בוים. קיין גרויסע ענלעכקייט פלעגט ער ניט געפינען. דאָך פלעגט ער ענטפערן:

— אַוודאי, וואָס דען ר׳ טוביה!

— אַ בוים לעבט אָבער לענגער, ווי אַ מענטש! — פלעגט ר׳ טוביה באַלד סותר זיין זיינע ווערטער און פלעגט זיך פאַ־נאַנדערהוסטן.

געהוסט האָט ר׳ טוביה לאַנג און שווער, און יעדער הוסט האָט חיים יאַנקלען אָפּגעקלונגען, ווי אַ שטימע וואָס רעדט:

— ר׳ טוביה וועט באַלד שטאַרבן, ער האָט די שווינדזוכט, און דער בוים וועט אונז אַלעמען איבערלעבן... — אויך פלעגט אַן אַנדער שבת קומען אָפּרוען אונטערן בוים זרח בריינעס, דער „נגיד" פון גאַס. נייען בגדים פלעגט זרח ביי אַ צווייטן שניידער, נאָר חיים יאַנקל פלעגט זיך ניט נוקם זיין אין אים, זיך ניט באַנוצט מיט זיין שטאַרקייט, וואָס ער קאָן אים פון זיין בוים אַוועקטרייבן; אדרבא, ער פלעגט אים זייער שיין אויפנעמען, ווי ער וואָלט וועלן דעם נגיד באַווייזן, אַז ער באַשטייט ניט אין זיין מלאכה.

— אַ וואוילער בוים! — פלעגט ר׳ זרח לויבן, באַטראַכטנדיק דעם שטאַם — אַזאַ בוים, מען זאָל צעהאַקן, קאָן קלעקן אויף אַ ווינטער הייצן... מיר איז אַ חידוש, וואָס דו צעהאַקסט אים ניט, חיים יאַנקל!

חיים יאַנקל פלעגט ווערן אָנגעצונדן פון אַזאַ פאָרשלאַג: אַ חזיר וואָלט אַלץ וועלן אויפעסן! — פלעגט ער אין האַרצן טראַכטן, נאָר ר׳ זרחן פלעגט ער ענטפערן איידעלער:

— מען טאָר נישט האַקן, ר׳ זרח! מען טאָר נישט! עס איז אפילו אַ זינד צו זאָגן אַזוינס. אַ בוים, זאָגט ר׳ זרח, איז ווי אַ מענטש...

— כי האָדם עץ השדה! — פלעגט טוביה אונטערזאָגן, ווי פון שלאָף.

— עט, נאַרישקייטן, עס איז נאָר אַ משל! — פלעגט דער „נגיד" אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט — נו, מען דאַרף אַ דרימל טאָן, ווּעסט מיך אַ וועק טאָן אַזייגער דריי, וועל איך מיר גיין טרינקען אַ גלעזל וואַרעמס.

## ב

איין חיסרון האָט אָבער דער בוים געהאַט: עס האָבן אויף אים פרות געוואַקסן, און דאָס האָט אים און חיים יאַנקלען געשאַדט.

וואָלטן כאָטש די פּירות געווען געראָטענע, וואָלט דאָס אומגליק אפשר ניט אַזוי גרויס געווען. חיים יאַנקל וואָלט זיך מרבה הוצאה געווען און וואָלט געזען, אַז דער בוים זאָל ניט שטיין אין אַ רשות־הרבים: ער וואָלט אים אַרומגעצאַמט, צי ער וואָלט אים פאַרדונגען זעליק דעם סעדער, און יענער וואָלט זיך שוין אַן עצה געגעבן, ווי אַזוי צו פאַרהיטן אים פון שלעכטע הענט.

האָבן אָבער אויפן בוים געוואַקסן נאָר ווילדע עפּעלעך. עסן האָט מען זיי ערשט געקאָנט שפּעט אין ווינטער, ווען זיי ווערן, ליגנדיק אויפן בוידעם, שטאַרק איבערגעפרוירן. דעמאָלט איז אויך אויף שונאים געזאָגט זייער טעם, וואָס זיי האָבן...

די גאַס־אינגלעך אָבער האָבן נישט געקוקט, וואָס די עפּעלעך זיינען ווילדע; זייער געלט זיינען זיי ווערט געווען. וואַרטן ביז די עפּעלעך וועלן איבערפרירן אויפן בוידעם, זיינען זיי דאַרויף צו היציק געווען, און דעריבער, ווי עס פלעגט קומען אָנהויב אלול, און די עפּעלעך פלעגן באַקומען אַ געהעריקע צורה, פלעגן זיי יעדן נאָכמיטאָג, יעדן בין מנחה למעריב, באַלאַגערן דעם בוים, וואַרפן אויף די שפּיצן צווייגן, וואו די עפּעלעך האָבן געדיכט געוואַקסן, מיט העלצער, שטיינער, און מיט גערויש און געפילדער פלעגן זיי אָנלייגן פולע קעשענעס מיט „רויב".

דערזעענדיק די מחנה קינדער ביים בוים פלעגט חיים יאַנקלען אָנהויבן ציטערן הענט און פיס; ער פלעגט ווי אַן אָפּגעבריטער אַרויסלויפן פון שטוב, אַראָפּוואַרפנדיק דאָס שטיקל אַרבעט פון דער האַנט אויף דער ערד, און פלעגט ברומען:

— שקצים, וואָס ווילט איר פון דעם בוים, איך וועל אייך ממית זיין!

די גאַס־אינגלעך פלעגן זיך לכתחילה דערשרעקן און מיט אַ געפילדעריי און פייפעריי זיך לאָזן אַנטלויפן, אָבער אין אַ ווײַלע אַרום, ווען זיי פלעגן באַמערקן, אַז חיים יאַנקל איז צוריק אין שטוב אַריין, פלעגן זיי זיך ווידער צוזאַמענקומען און מיט מער פרישקייט זיך נעמען צום בוים.

און דעמאָלט פלעגט זיך אָנהויבן אַ מלחמה אויף לעבן און טויט. חיים יאַנקל פלעגט שוין אָנהויבן געברויכן „כלי־זיין", און מיט אַ שטעקן פלעגט ער זיך לאָזן לויפן ווי אַ ווילדער טיגער נאָך

דער מחנה אינגלעך; די אינגלעך פלעגן מיט אַ געלעכטער און „הוררא״ זיך לאָזן אַנטלויפן און ווידער קומען צולויפן.

אַמאָל פלעגט חיים יאַנקלען דער געדולד פּלאַצן, און ער פלעגט זיך לאָזן לויפן ווייט, ווייט נאָך די אינגלעך. דעמאָלט פלעגט ווערן אין גאַס אַ טומל. אידן מיט בערד, ווייבער און קינדער פלעגן אַרויסלויפן פון די הייזער און דערשראָקענערהייט איינער דעם אַנדערן פרעגן:

— וואָס איז דאָס? הא?

באַלד אָבער פלעגט זיך דער טומל דערקלערן, און איינער פלעגט דעם אַנדערן בארואיקן:

— גאָרנישט, גאָרנישט. חיים יאַנקל דער שניידערוק יאָגט זיך נאָך די אינגלעך. אַ שניידערוק אַביסל! פרעג, וואָס זשאַלעוועט ער זיינע עפּעלעך? מער ווי בויכווייטיק האָט מען פון זיי ניט.

דערהערנדיק אַזאַ מיאוסע מיינונג וועגן זיינע עפּעלעך, פלעגט חיים יאַנקל נאָך מער צערייצט ווערן און פאַר כעס פלעגט ער כאַפּן אַ אינגל און אים געבן אַ קלאַפּ.

— אוי! אוי! — פלעגט זיך דאָס אינגל הויך צעוויינען — פאַרוואָס שלאָגט ער מיך? איך האָב גאָרניט געריסן...

— בתיה, מען האָט אייער אינגל געהרגעט! — פלעגט אַ שכנה אָנזאָגן פאַר גוט-פריינטשאַפט וועגן דעם אינגלס מוטער.

— זאָל אייך אַ דונער איינשלאָגן! — פלעגט זיך די מוטער אָננעמען פאַר איר קינד — וואָס שלאָגט איר עפּעס מיין קינד, איר גיט אים עסן? זאָלן אייך ווערים עסן! הער אַביסל! ער האָט אַ שטיקל בוים מיט סם-המותדיקע עפּעלעך, קאָכט די גאַס!...

און די גאַנצע גאַס פלעגט אויף חיים יאַנקלען אָנפאַלן און יעדער פלעגט אים זידלען און מאַכן צוגלייך מיט דער בלאָטע. „געזעצטע״ בעלי-בתים אָבער פלעגן אים נאָר זאָגן ווייכן מוסר:

— זאָגט אַליין, ווי שעמט זיך דאָס ניט אַ איד מיט אַ באָרד צו האָבן אין זינען אַזעלכע נאַרישקייטן: בוים, שמוים! דאָס פּאַסט פאַר אַ גוי, ניט פאַר אַ אידן... קינדער — זיי רייסן, זאָלן זיי רייסן! עס האָט עפּעס אַ ווערדע די עפּעלעך? פע, חלשות!

— מיך אַרט ניט די עפּעלעך, — פלעגט חיים יאַנקל ענטפערן ווי מיט אַ וויינענדיקן קול — דעם בוים קאַליעטשען זיי מיר, די צווייגן צעברעכן זיי.

— צווייגן — שמייגן! — פלעגן די געזעצטע בעלי־בתים ווי־
דער אָנהויבן מוסרן — נו, זאָגט אַליין, זייט איר ניט ערגער פאַר
די קינדער? אַ געשעפט האָט איר! אָט גייט אַהיים און נעמט
זיך צו דער אַרבעט! פע, חלשות! אַ איד מיט אַ באָרד!

און חיים יאַנקל פלעגט זיך נאָך אַזאַ מוסר פילן, ווי אַ קינד נאָך אַן אָפּגעטאָנענער נאַרישקייט. ער פלעגט פאַרשעמט אַ קוק טאָן אויף דעם מוסר־זאָגער, דערנאָך אויף דער אייגענער באָרד, נאַריש אַ שמייכל טאָן און זיך לאָזן צוריק אַהיים גיין.

צוקומענדיק נאָך אַזאַ מעשה צום שטיבל פלעגט זיך חיים יאַנקל שטעלן ביים בוים. אויף דער ערד לעבן בוים פלעגן זיך וואַלגערן שטיקלעך אָפּגעבראָכענע צווייגלעך; אין דער הויך, אויפן שפּיץ בוים, זיינען אַ פּאָר צווייגן געהאַנגען איבערגעבראָכענע און האָבן אויסגעזען ווי הרוגים. חיים יאַנקל פלעגט קוקן אויף די צעבראָכענע צווייגלעך אויף דער ערד, אויפן בוים; קוקן, זיפצן און מיט אַ געקלעמטן האַרצן אַריינגיין אין שטוב.

אַזוי פלעגט יעדן אלול ביז אַ שטיק אין הערבסט רוישן די גאַס, און דער איינציקער בוים האָט אין גאַס אַ סך לעבן נעבראַכט.

ג

עס זיינען אַזוי איבערגעלאָפן אַ צענדליק יאָרן.

און די צען יאָר האָבן אַ פּאָר סימנים געלאָזט אין דער גאַס:
די „חורבה" איז צעלייגט געוואָרן, לויט דעם באַפעל פון אַ נייעם פּריסטאַוו, וואָס האָט געזאָגט, אַז אַזוינע חורבות טאָרן, לויטן געזעץ, ניט שטיין; טוביה דער גמרא־מלמד האָט זיך איינמאָל שטאַרק פאַנאַנדערגעהוסט, ניט געקאָנט כאַפּן דעם אָטעם און איז אַוועקגע־שטאָרבן; זרח דער נגיד האָט געוואָלט ווערן אַ גביר, האָט גע־קויפט דריי הונדערט פוד טרוקענע יאַגעדעס און האָט עס געהאַלטן אויף ספּעקולאַציע, — האָט צוגעלייגט זיין אייגנס און האָט נאָך פאַרנומען אַ פינפאונצוואַנציקער פרעמד געלט און איז אַן אָרעמאַן געוואָרן.

און דער בוים אין גאַס איז נאָך אַלץ געשטאַנען, און אין הערבסט, ווען דער ווינט פלעגט בלאָזן, און די צווייגן פלעגן טרוי־עריק רוישן, פלעגט חיים יאַנקל אַלץ אונטערברומען דעם זעלבן ניגון מיט די זעלביקע ווערטער פון די קינות:

אז בהלך ירמיהו
על קברי אָבות!

זומער אין אַ לײדיקער צײַט פלעגט ער נאָך אַלץ ליגן אונטערן בוים און טראַכטן װעגן עפּעס העכערס פון שער און אײַזן... אלול־צײַט פלעגט ער אַלץ האָבן צו טאָן מיט די חדר־אינגלעך, װאָס פלעגן קומען באַלאַגערן דעם בוים, און די גאַס פלעגט אַלץ רױשן און קאָכן: עפּעלעך, בוים, חיים יאַנקל!...

עס זײַנען אַװעק נאָך עטלעכע יאָר.

אױף טוביה דעם מלמדס מצבה זײַנען שױן אַ פּאָר װערטער אָפּגעמעקט געװאָרן; זרח דער גביר איז שױן אינגאַנצן אַן אביון געװאָרן. פרײדע, חיים יאַנקלס װײַב, איז געשטאָרבן, חיים יאַנקל איז שױן װײס געװאָרן און דער בוים איז נאָך אַלץ געשטאַנען...

דער בוים איז שױן אָבער אױך ניט דערזעלבער געװען.

— עפּעס װײס איך ניט, װאָס מיטן בוים איז געװאָרן, — פלעגט זיך חיים יאַנקל װעלן אַמאָל אױסרעדן דאָס האַרץ פאַר עמיצן — עפּעס איז ער װי אײַנגעבױגענער געװאָרן, שיטערער די צװײַגן און איז גאָר ניט דער, װאָס אַמאָל.

נאָר קײנער פלעגט אים ניט ענטפערן: — אַ נאַרישער שנײַ־דער! האָט אַלץ אַן עסק מיטן בוים. ער שמעקט, דאַכט זיך, שױן מיט „קברות־בלעטלעך". ער װאָלט בעסער תהילים זאָגן, עפּעס אָנגרײטן פאַר „דאָרטן"!

און חיים יאַנקל האָט מיט זײַנע מאַטע אױגן, מיט אַ געקלעמט האַרץ געקוקט, װי דער אײנציקער בוים אין גאַס שטאַרבט אָפּ צוזאַמען מיט אים.

— די קינדער האָבן אים אַװעקגעהרגעט! — פלעגט ער װײ־נען אין דער שטיל — דער בוים דאַרט, ער שטאַרבט אָפּ.

און חיים יאַנקל האָט זיך דערמאָנט אָן טוביה עליו השלומס װערטער: כי האָדם עץ השדה...

— אַ למדן אַ איד געװען; אַ שאָד, װאָס ער איז געשטאָרבן... — פלעגט חיים יאַנקל זיפצן אין אַזעלכע מינוטן, פלעגט זיך אָנ־לענען אָן פענצטער, צוהערן זיך װי דער בוים רױשט קױם מיט זײַנע עטלעכע איבערגעבליבענע צװײַגן, און חיים יאַנקל פלעגט אַרײַנפאַלן אין אַ שװערער מרה־שחורה.





ל. קאָברין.

# דער ערשטער בריוו פון אַמעריקע

מירקע אברהם־לייזערס איז אָנגעקומען דער ערשטער בריוו פון איר טאָכטער לאָהקען, א בריוו פון אַמעריקע, פול מיט חידושים. מירקע וויינט און פרייט זיך און בעט איר מאַן משה־איצען צו לייענען דעם בריוו פאַר איר נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל... משה־איצע לייענט אים און איז דערביי אַזוי גערירט, דאָס ער ציט נאָכאַנאַנד מיט דער נאָז און שלינגט די טרערן. עס שטייט דער אַלטער אברהם־לייזער, צוגעבויגן מיט אַן אויער צו זיין איידעם, די ברעגן פון זיין לאַנגער, ווייסער באָרד צונויפגענומען פון אונטן אינ׳ם פויסט, הערט זיך צו צום בריוו, באַמיט זיך ניט צו פאַר־לירן קיין וואָרט, און אויף זיין פנים איז צעגאָסן אַ מינע פון פאַרוואונ־דערונג. עס לייענען דעם דאָזיקן בריוו מיט אַן אויפגערעגטן קול לאָהקעס שוועסטער, און אין זייערע אויגן בלישטשען טרערן פאַר פרייד. עס פרייט זיך אויך שלמהקעלע און פאַר שמחה הויבט ער אָן צו בעטן: „מאַמע, אַ קאָפּיקע!” און מירקע, פאַר פרייד, גיט אים טאַקע גלייך אַ קאָפּיקע, און די אַנדערע קליינע קינדער גיט זי אויך היינט צו קאָפּיקעס אויף נאַשעריי. דאַן כאַפּט זי דעם בריוו און לויפט אַוועק מיט אַ פלאַמענדיקן פנים אויפן מאַרק צו געבן אים לייענען די קרעמער.

און אין אַ ווײַלע אַרום שטייט מאַטל חנה־דבורהס פאַר זיין קראָם און לייענט הויך אויפן קול דעם דאָזיקן בריוו, און מירקע שטייט לעבן אים, און אַלע קרעמער און קרעמערקעס, און די ווייבער פון די טישלעך, און אַלע הערן זיך צו צו דעם דאָזיקן בריוו מיט אָפענע מיילער און אויסגעגלאָצטע, פאַרוואונדערטע אויגן. מירקע שלינגט די ווערטער, שמייכלט מיט התפעלות, ווישט די אויגן און יעדע ווײַלע ברעכט זי אונטער מאַטלס לעזן: „אי, דאַנקען גאָט! איר הערט? איר הערט? נו, וואָס זאָגט איר דערצו, האַ?...”

און די איבעריקע שאָקלען מיט די קעפּ, שמאַצקען מיט די ליפּן און חידושן זיך.

— „וואָס זאָל איך לאַנג ברייען?” — לייענט מאַטל חנה־דבורהס — „איך האָב דאָס אויף מיין לעבן גאָר ניט געזען, וואָס איך האָב ביי די

שוואָגערס אין נעוויאָרק געזען. אויפן בריק ליגן דאָ אַזוינע טייערע זאַכן, וואָס הלוואי האָט איר ביי אייך אַזעלכע אויפן טיש צו לייגן כאָטש יום־טוב. עס איז נאָר אַ פּאַרדראָס, וואָס מען טרעט אויף דעם מיט די פּיס. און גאָלדענע שפּיגלען שטייען דאָ ביזן באַלקן, און פון לאָמפּן איז דאָ אין גאַנץ נעוויאָרק קיין זכר ניטאָ. און ביינאַכט טוט מען דאָ אַ קוועטש אין דער וואַנט, צינדן זיך אָן אַזעלכע לבנות אין גלעזערנע פּעסלעך, ווי אויפן שיף, וואו מיר זיינען געפאָרן...״

— נו? — ברעכט זיך אונטער מאָטל — הא? ...

— איר הערט? — כאַפּט אונטער מירקע, און איר גאַנצער פּנים איז איין באַגייסטערטער שמייכל.

מאָטל לייענט ווייטער:

„און די ווענט זיינען דאָ אַזעלכע רויטע, סאַמעטענע, איך האָב אַ טאַפּ געטאָן אַ וואַנט, איז זי אַזוי גלאַט און ווייך, און איך האָב מיר געטראַכט: הלוואי האָב איך אַזאַ רעטאָנדע״.

— גאָר ניט קיין נאַרישן יצר־הרע האָט זי! — רופט זיך אָן דערביי איינע פון די קרעמערקעס.

— „און עסן עסט מען דאָ אַלדאָס גוטס, פון פויגל־מילך פעלט דאָ ניט. געבראָטענע הינער אין מיטן וואָך און אַזעלכע טייערע מאכלים, וואָס איך קען זיי גאָרניט אַלע אָנרופן...״

— אָט דאָס הייסט רויטשילדס! — ברעכט זיך אונטער ווייטער מאָטל און לייענט ווייטער:

„און די מויערן אין נעוויאָרק זיינען אַזעלכע הויכע, אַז ווען מען פאַררייסט דעם קאָפּ, זעט מען קוים דעם דאַך. און איבער די דעכער פליען מאַשינען מיט מענטשן, און די מענטשן האָבן גאָר ניט מורא, און די שוואָגערס זאָגן, אַז קיינמאָל נאָך איז אַ מאַשינע ניט אַראָפּגעפאַלן פון אויבן...״

— אַי־אַי־אַי־אַי! פּיש־ש־ש! פּיש־ש־ש! ...

— „און אונז האָבן די שוואָגערס גענומען אַ דירה, מעג אין איר אַפילו אַ גראַף וואוינען — זעקס חדרים אין אַ שיינעם מויער. און אין דריי חדרים אויפן בריק האָט מען ביי אונז אוועקגעלייגט אַזאַ סיראַטע מיט שיינע קעסטעלעך, און אין זאַל אויפן בריק אַ גרויס שטיק סאַמעט מיט אויסגעמאָלטע צוויטן. איך לאָז קיינעם אַהין ניט אַריין, מחמת איך וויל ניט, מע זאָל מיר טרעטן אויף דעם. הייגט שטולן און קרעסלאָס און אַ קאָמאָדע און וואָס ניט האָט מען מיר אַריינגעשיקט, אַזש עס בליאַסקעט נאָר פאַר די אויגן, און די שוויגער איז געבליבן וואוינען מיט מיר. און וואַסער איז דאָ אין שטוב. מען דאַרף נאָר אַ דריי טאָן אַ קראַן, גייט וואַסער פון די ווענט. און קיין לאָמפּ דאַרף מען אויך ניט, ווייל אַז

מען וויל, עס זאָל זיין ליכטיק, טוט מען אַ דריי אַזאַ שרייפל און מען ליינט צו צו אים אַ שוועבעלע, ווערט ליכטיק. און קיין אויוון אויך ניט; אז מען וויל קאָכן, טוט מען אַ דריי אַ שרייפל און עס ווערט באַלד פייער, און מען שטעלט אויף דעם אַרויף די טעפּלעך און די בעסטע מאכלים קאָכן זיך. און אָרעמע האָבן די שוואָגערס אַריינגענומען אין זייער אייזנ־פאַבריק, וואו מען מאַכט אייזערנע באַלקאָנען און טרעפּ פאַר די מויערן, און צאָלן אים, דאַנקען גאָט, צוואַנציק דאָלער אַ וואָך, אויף אונזער געלט מאַכט עס גאַנצע פערציק קערבלעך".

— קרוינעלעך מיינע! — שרייט אויס איין קרעמערקע — איך וועל זיך די באַקן צעקנייפּן! ...

— לייענט ווייטער, ר' מאָטל! — שרייט מירקע מיט התפּעלות און ווישט זיך די אויגן...

מאָטל לייענט ווייטער:

— יאָ, וואו האַלט איך? „אויף אונזער געלט מאַכט עס אויס גאַנצע פערציק קערבלעך און שפּעטער, זאָגן די שוואָגערס, וועט ער נאָך קריגן מער".

מירקע צעכליפּעט זיך:

— נו, הא? נו?

— „איך האָף צו גאָט, אַז אין גיכן וועל איך אייך אַלעמען אַהער אַריבערנעמען. און די שוואָגערס זאָגן, אַז אין נעוויאָרק זיינען פאַראַן אַ סך אידישע נאַטשאַלניקעס אויך..."

— דאָס איז אמת, — שרייט אויס מאָטל — דאָס האָב איך שוין לאַנג געהערט, אַז אידן האָבן דאָרט „פּאָלנע פּראַוועס"!

— טאַקע? — מאַכט איינער — אידישע אוראַדניקעס זיינען דאָרטן אויך דאָ?

— וואָס דען? — שרייט מאָטל מיט זיכערקייט אין קול — אַפילו אידישע איספּראַווניקעס! ...

— אַזוי?

— כדאַי צו פאַרזעצן דאָס ווייב און קינדער און פאָרן אַהין, — ווינצלט זיך איינער.

— און די מאַנען אַוודאי, — ענטפערט אים אַ יונגע קרעמערקע.

— איך האָב נאָר מורא, אַז בערל־איצע דער מלוה וועט אויף זיי קיין גראָשן ניט ווערן געבן.

די איבעריקע ווייבער צעלאַכן זיך.

דאָס געלעכטער ווערט נאָך שטאַרקער. עס לאַכן איצט אי די ווייבער, אי די מאַנסבילן.

מירקע שטייט איצט מיטן בריוו אין דער האַנט און נעמט ניט קיין

אנטייל אין דעם דאָזיקן שפּאַס. עס פאַרדריסט איר, וואָרום זיי רעדן אַזוי, וואָרום זיי רעדן ניט איצט וועגן איר טאָכטערס גליקן. זי שטייט נאָך אַ ווײַלע און דערנאָך מאַכט זי:

— און איך, אַזאַ נאַר, האָב זי ניט געוואָלט לאָזן פאָרן!...

קיינער האָט זיך אויף דעם ניט אָנגערופן. פאַר קנאה האָט מען זיך געמאַכט, ווי מען האָט גאָר ניט געהערט, וואָס זי האָט געזאָגט. האָט זי זיך צוגערוקט נענטער צו איין קרעמערקע, מיט וועלכער זי האָט זיך אַ גאַנץ יאָר אַרומגעקריגט — צו עלקע חוה־דוואָשעס, אַ הויכע אידענע מיט אַ קורנאָסער נאָז און מיט אַ ווײַסן הײַבל אונטער אַ רויטן, געבלומטן טיכל, טראַכטנדיק ביי זיך: „זאָל זי טאַקע צעפּיקעט ווערן!" און געזאָגט:

— וואָס זאָגסטו, עלקע, און איך אַזאַ נאַר, האָב זי ניט געוואָלט לאָזן פאָרן!...

— וואָס מיינסטו? — האָט עלקע איר געענטפערט מיט גאַל — אפשר האָט טאַקע דיר דאָס האַרץ געזאָגט, אַז זי זאָל ניט פאָרן? אפשר... ווער ווייסט, וואָס פאַר אַן אומגליק עס קען איר נאָך דאָרט טרעפן!...

אַזש עס טוט זיך ניט אַ כאַפּ מירקע אַן אָנגעצונדענע:

— טפוי! טפוי! צו דיין קאָפּ! צו דיין לייב און לעבן! קור־נאָסער שלאַנג דו, אַט ווער צעפּיקעט! אַט ווער צעפּלאַצט! אהאַ! וועמעס טאָכטער פאַרדינט פערציק קערבלעך אַ וואָך? אהאַ? אַט פּלאַץ! פּלאַץ! פּלאַץ!

און זי לויפט אַריין אין איר קרעמל. עלקע ענטפערט איר, שילט צוריק. די אַנדערע ווייבער ליאַרעמען. די מאַנסבילן לאַכן. מאָטל שרייט: לעבעדיקער, עלקע, לעבעדיקער!

און אין מיטן דערינען שרייט אויס איינער:

— שאַ, דער אָדון מיט די מעשענע קנעפּלעך גייט!...

דער אוראַדניק גייט אַרויס פון דעם אַפּטייקערס קראָם, שטעלט זיך אָפּ און קוקט אויף דעם טומל לעבן די קראָמען.

ווען דער אוראַדניק פאַרשווינדט, רופט זיך אָן מאָטל, פאַרטראַכט, צו זיין שכן, אַ קרעמער:

— און אין אַמעריקע זיינען פאַראַן אידישע אוראַדניקעס. ניטאָ דאָרטן קיין גלות. פאָלנע פּראַוועס...

וואָכן לאַנג האָט מען אינ'ם שטעטל גערעדט פון דעם דאָזיקן בריוו און פון אַמעריקע און פון די „פאָלנע פּראַוועס", און איינמאָל אַ שבת אינדערפרי, ווען מאָטל חנה־דבורהס האָט געכאַפּט שלמהקעלען אין בית־המדרש און געפרעגט: „נו, שיינע פּרי דו, דו וועסט אויך פאָרן קיין אַמעריקע?" — האָט שלמהקעלע אים געענטפערט:

— אוודאי. איכ'ל דאָרטן זיין אַן אוראַדניק!...

# הערשעלעס נסיעה

1.

מען באדארף וויסן, וואָס הייסט אַזוינס ביי אַ אינגל פאָרן, בכדי צו פאַרשטיין הערשעלעס האַרץ ביים קלייבן זיך אין וועג אריין. קיין גליק־לעכערער פון אים איז אויף דער גאַנצער וועלט נישט געווען אין דעם טאָג, ווען ער האָט זיך צוגעגרייט פאָרן דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן אין אַ פרעמדער שטאָט אינאיינעם מיט זיינע עלטערן. לייזער־יאַנקעלעכע האָט זיך אויך נאָכגעשלעפּט. געהייסן האָט עס, זי פאָרט אויף קבר־אָבות, נאָר באמת האָט עס געשמעקט מיט אַ געשעפטל, אויך מיט אָנקוקן, דאכט זיך, עפּעס אַ חתן, פאַר ציפּע־סאָסיען אָדער פאַר עמיצן אַנדערש — דאָס איז שוין איר זאַך, קיינעמס עסק נישט. און בכדי אויסצושלאָגן די הוצאות, האָט זי מיטגעפירט אַ ביסל סחורה, אָפּצוזעצן עס אין גלייכן געלט דאָרט, אין גלופּסק. אונזער הערשעלען האָט זיך געדאכט, אַז גלופּסק איז ערגעץ אין עק וועלט, עפּעס לעבן די הרי־חושך, וואו דער הימל לאָזט זיך אראָפּ, און דער טאָג פאָרן אהינצו וועט זיך ציען לאַנג, זיך גאָר ניט אויסלאָזן.

עס פאַרשטייט זיך, אַז מיט אַ נאכט פריער האָט הערשעלע קיין אויג ניט געקענט צומאכן, זיך געוואָרפן אויף זיין געלעגער פון איין זייט אויף דער אַנדערער, טראַכטנדיק אַלץ פון׳ם גרויסן גליק, וואָס אים שטייט פאָר. עס האָט זיך אים געדאכט, ווי גאַנץ גלופּסק שטייט אַצינד און קוקט ארויס אויף זיין טאַטן, אַלע אין איין קול: וואו איז ער, ר׳ לייזער־יאַנקל? ווען קומט ער, ר׳ לייזער־יאַנקל? אַ מעשה, אַ מעשה! נאָך נישטאָ ר׳ לייזער־יאַנקל! און פּלוצלים ווערט אַ גרויסע פרייד, אַ גדולה — ר׳ לייזער־יאַנקל פאָרט! ר׳ לייזער־יאַנקל איז שוין געקומען! ער איז נישט אַליין, ער האָט מיטגעבראַכט אויך זיין בחורל, אַ כלי־שלמה! עס איז אַ צונויפ־לויפעניש, אַן ערדטרעטעניש, מען שלאָגט זיך איבער דעם טאַטן מיט דעם קינד, איטלעכער רייסט זיי צו זיך אויף אכסניאָ, אויף וואַרמעס, אויף אַ קערמישל. מען טייט אויף זיי פון דער ווייטן מיט די פינגער: אָט זיינען זיי, אָט גייען זיי, ר׳ לייזער־יאַנקל מיט זיין בחורל! זיי שטעלן אויס אַ שטיקל דאַוונען, אַ „נעריצך״, זינגען אַ מאַרש, אַ וואַלעכל, פאַרבייסן מיט אַ קליוואַנער בעטלער — און דער עולם ווערט משוגע, שפּרינגט אויס דער הויט הערנדיק אַזוינס.

קוים וואָס הערשעלע האָט דערלעבט טאָג, איז ער געשווינד אויפגע־

שטאנען, אפגעגאסן נעגל־וואסער, געכאפט דאס תפילין־זעקל, דורך וועלכן דאס מזל זיינס איז אים אזוי דערהויבן געווארן, און געלאפן אין בית־מדרש אין דער גיך אפדאווענען. אויסער דעם האט ער טאקע געהאט עטלעכע נויטיקע געשעפטלעך, וועלכע ער האט באדארפט פארן אוועקפארן מיט זיינע חברים דארט אפארבעטן. די חברים זיינען זיך באצייטנס געקומען אין בית־מדרש אריין, ווייל דער חודש אלול, ווי איטלעכן איז באקאנט, איז איבערהויפט א צייט, ווען פאר איינגלעך שטעלט זיך דער גרויסער יאריד, און אבי געזונט, מיט ארבעט האט מען ניט צו זארגן, געשעפטן זיינען, ברוך־השם, דא איבערן קאפ: מען באדארף דערטאפן מיט קונצן דעם שופר און זיך פרואוון בלאזן הינטערוויילעכטס דארט אין דער ווייבער־שער שול. דערביי מוז מען פירן די גאנצע תכסיסי־מלחמה מיט דעם שמש, וועלכער איז דענסטמאל דערצארנט און בייז ווי צען רוחות. אויך באדארף מען זיין אויפן הייליקן ארט, אויפן פעלד: ס'איז דאך דארטן עפעס דא א בוים מיט כל־נדרי־בארלעך. היינט איז דאך אויף דער וועלט עפעס אויך דא א וועלדל מיט ניס־ביימער, ערשט צייטיק געווארענע; מען מוז גיין רייסן, אנשטאפן פולע פליודערן. געלויבט איז גאט, וואס אונטער אזא צייט מיט אזוי פיל וויכטיקע געשעפטן איז מען נאך כאטש פריי, פטור פון לערנען — די מלמדים לויפן דענסטמאל, גייען צו קינד, קוואקן אויף א קנעלונג און „בוצקען" זיך און רייסן זיך פאר די נעז, נעבעך. הערשעלע האט געקוקט שטאלץ אויף זיינע חברים ארום אים אין פאליש פון בית־מדרש, טראכטנדיק ביי זיך: אויך מיר מענטשן, מ'שטיינס געזאגט, זיי בלייבן דא און איך — איך פאר! מען זאל אים דענסטמאל געוועז זאגן, אשטייגער: הערשעלע! דער פריץ שענקט דיר דאס גאנצע שטעטל קאבצאנסק מיט זיין שלאס, אבי בלייב דא, פאר נישט, וואלט ער געשפיגן קלעק און נישט געוואלט אפילו הערן. — ער געזעגנט זיך מיט חברה און לאזט זיך גיין לעבעדיק, פריילעך.

א טאג איז דענסטמאל געווען זייער א שיינער, ווי עס גיט זיך אוים אמאל אין אלול, איינער פון די געשענקטע טעג. נאך גאנץ פרי האט פון איר געצעלט דארט ביים עק הימל ארויסגעשיינט די זון מיט איר ליכטיק פנים און, צעטרייבנדיק ביסלעכווייז דעם פריש־קילבלעכן טומאן, זיך גע־שפיגלט אין טוי־טראפנס, וואס האבן געפינקלט, געשפילט אין אלערליי קאלירן ווי די בריליאנטן. די שאטנס רוקן זיך מיט דרך־ארץ טריט ביי טריט אלץ צוריק און וואס ווייטער, ווייטער ווערט העלער און העלער. פריילעך סווישטשען די וואראבייטשיקעס, אונטערשפרינגענדיק מיט די דינע פיסלעך אויף די דעכער, אויף די פלויטן, דאס — לויפן זיי זיך צונויף פעקלעכווייז אינאיינעם, עפעס האמפערט מען זיך איבער א קערנדל, עפעס שמועסט דא קהל איבער וועגן זייערס א וויכטיקע זאך און דאס —

צעלויפן זיי זיך אין באזונדערע פּאָרלעך, טאנצענדיק איטלעכער אקעגן זיין באשערטער, ווינטן זיך, האלזן זיך, ליובען זיך, צאפּלען, פלאטערן מיט די פליגעלעך — און פּיק, פּיק אין קעפּל... מעקענדיק לויפן ראפּטאָם ציגן פון אלע געסלעך אהין, וואו עס פארקלייבט זיך די טשערעדע, פון דאָרט גייט זי אויפן גאנצן טאָג אוועק אין פעלד אריין. די פארשייטע ציגן, די שקצים, שפּרינגען, רעשנדיק פאררייסן די ווידלעך העט פאָרויס; די קי רירן זיך פּאמעלעך מיט סטאטיק, נישט געאײַלט, צונויגנדיק מיט די קעפּלעך, ווי פיינע בעל־הביתטעס, רואיק, שטיל, נאָר עטלעכע פארדרייען אהינטן די קעפּ און לאָזן ארויס ווי פון א צעשפּאָלטענעם שופר א הייזעריקן, א קויאיש־נארישן „מע" גלאט אזוי זיך, א גרוס גאָר פריינטלעך דעם גאנצן שטעטל אידן, אָדער „א זיי געזונט" די פארבליבענע קעלבלעך. שאָקלענדיק זיך פון איין זייט אויף דער אנדערער, פירט דער גאָנער זיין גאנץ געזינדל יונגע גענזלעך, וואָס ערשט אריין אין די פעדערן, בלאָזט פון זיך א שרעק, גאָגאָטשעט, שטרעקט דעם האלז, פארוואָרפנדיק מיטן קעפּל און לאָזט זיך מיט דער קאָמפּאניע אראָפּ אהין צום וואסער.

דער טאָג איז שיין, ליכטיק ווי הערשעלען אויפן הארצן. הערשעלע שפּילעט־אויף גייענדיק דאָס קאפּאָטקעלע, שטרעקט אויס די הענט כאפּן די שניי־ווייסע פעדים, וואָס טראָגן זיך ארום אין דער לופט, ווי דינע שפּינוועבס; פארקוקט זיך אויך אויף די טויבן, וואָס שוועבן, דרייען זיך העט אין דער הויך מיט אויסגעשפּרייטע פליגלעך, ריין־קלאָר גלאנצנ־דיקע, גאָלד און זילבער, — און ער האָט הנאה, ס'איז אים עפּעס גוט, גרינג אויף דער נשמה. ער פילט, אז היינט איז ער גליקלעך. די געשעפטן זיינע האָט ער, געלויבט איז גאָט, אָפּגעארבעט נאָך בעסער ווי געוואונטשן. ער איז פריי, ער פאָרט. ס'איז יום־טובדיק גוט ארום און ארום. — ריבונו של עולם! — טראכט ער, און די אויגן באנעצן זיך אים פאר פיל פרייד — איך דאנק דיר און לויב דיר פאר דיינע חסדים. נו, מען באדאַרף זיך נעמען צו דיין דינסט: פרום זיין, לערנען, דאוונען געשמאק — זיין א איד.

2.

אז הערשעלע איז געקומען אהיים, האָט ער געכאפּט א שטיקל פּסק, פארוואָס ער האָט זיך עפּעס אזוי געזאמט. דער טאטע איז שוין געווען אָנגעטאָן אין די וועג־קליידער: א ציצן, אָפּגעבליאקעוועט כאלאט, די ארבל און די פּאָלעס פון פאָרנט איינגעטונקט אין פעטע, פארהארטעוועטע פלעקן פון אלערליי מאכלים, אויסגעמישט מיט גרינלעכער טאבעקע, און געגלאנצט האָט זי עפּעס מיט א מיתה־משונה קאָליר, דער הינטן אויס־

געריבן און ערטערווייז דאָרט קוקן אַרוים שטיקלעך קליאַטשע. אויפן קאָפּ עפּעס אַ מין אָפּגעפּאָרן, שטאַרק צעקנייטשט מיצל. נאָר די אַלטע צעריסענע וועג־שיך מיט לאַטעס, וועלכע ער האָט באַדאַרפט אָנטאָן, זיינען אים דערווייל אויף די פיס נאָך נישט געווען, מען האָט זיי ערשט געזוכט און געפּרואווט מיט דער קאַטשערע אַרויסשאַרן פון אונטער דעם בעט. דאָס הויזגעזינד האָט געטאַנצט אַרום אים, שטאַרק באַשעפטיקט מיט איינפּאַקן די קלימקעס, און ער איז געשטאַנען אָנגעזאָטלט ווי אַ פערדל.

יאָ, נעבעך, טאַקע אַ פערדל, וואָס האָט באַדאַרפט שלעפּן אויף זיך אַ שטוב מיט קינדער. איין מאָל אין יאָר פלעגט ער מוזן זיך אַזוי איינשפּאַנען, גיין אין וועג אַריין, איינרייסן זיך דאָס געזונט, אַרבעטן אויף אַלע כּלים, און פון דער דאַזיקער נסיעה איז אָפּגעהאַנגען דאָס לעבן פונ׳ם הויזגעזינד דאָס גאַנצע יאָר... דעריבער האָט זיך אין אַזאַ טאָג געוויגט די גאַנצע שטוב, אַלע זיינען אויף געווען און לייזער־יאַנקל, נעבעך, איז געשטאַנען אָנגעזאָטלט בלייך, פאַרטראַכט מיט אַן ערנסט פּנים.

די מאַמע איז געווען אָנגעטאָן אין אירע וועג־קליידער, עפּעס מיני שמאַטעס אַזעלכע פון כּמעלניצקיס צייטן, אין וועלכע זי איז אַרויסגעקומען גרעבער, דיקער ווי שטענדיק, און אַ מין טיכל אָנגערוקט אויפן שטערן ביז איבער די אויגן. נאָר הערשעלע אַליין האָט פאַרשפּאָרט זיך איבערצוטאָן. מער ווי דאָס איינע קאַפּאָטקעלע אויפן לייב האָט ער נישט געהאַט. די מאַמע האָט אים אפילו געהייסן איבערקערן דאָס קאַפּאָטקעלע אויף דער לינקער זייט; הערשעלע אָבער האָט איר באַוויזן באַשיינפּערלעך, אַז דער אונטערשלאַק איז מיאוס פאַרשמירט, אויך צעהאַקט, צעפאַלן, און ער איז טאַקע געבליבן ביי דאָס זייניקע — פאָרן גאַנץ פּראָסט ווי ער גייט, דערפאַר האָט ער שוין געמוזט צוליב טאָן, נעמען אויפן קאָפּ דעם טאַטנס אַן אַלט היטל, עפּעס אַ מין קאַטערוכע, וועלכעס מען האָט שוין לאַנג געמעגט מיט דעם חמץ פאַרברענען, און אַרומגאַרטלען זיך מיט אַ קרייקע.

אָט אַזוי אָנגעטאָן ווי געהעריק, האָבן אונזערע פאַרשוינען, נאָכדעם ווי זיי האָבן אין איילעניש עפּעס איבערגעכאַפּט, — זיך געזעגנט מיט די קינדער, געכאַפּט די קלימקעס, און יאָגנדיק אין איין אָטעם, פאַרשוויצט, פאַרסאָפּעט, פאַרדולט ווי אויף אַ בייזער מהומה, אַזוי ווי דער שטייגער איז פון אידן ביים פאָרן.

אויף אַ לאַנגן וואָגן אין דער הויך, איז געשטאַנען אַ שטייג מיט עופות און אַ קאָרב מיט אייער אין פּאַלאָווע, וועלכע די מאַמע האָט אוועקגעשטעלט דאָרט באַצייטנס אין דער פרי.

דער וואָגן איז אָנגעזעצט געווען ענג מיט פאַרשוינען, כּמעט אַ פערטל קאַבצאַנסק. דאָרט האָבן זיך געפונען מיידלעך, ווייבלעך, וואָס זיינען געפאָרן זיך שטעלן פאַר דינסטן און אַמען, אויך אַלערליי סאָרטן

אידן: שיינע אידן, כשרע אידן, מיטן פולן מויל אידן, ברענענדיקע אידן, צעבראָכענע אידן, גילדענע־אָדער אידן, גלאַט אידן, אַזוי־זיך אידן און אויך־מיר אידן. ס'איז געווען א פארמישעניש, א פארפּלאָנטערניש, א פארבייטעניש מיט די פיס און א צונויפשטיקעניש, נאָר אומצוקומען.

הערשעלע מיט די פארשוינען וואָס אין דער מיט, האָבן געשוויצט, טאקע משונה געשוויצט. די שיינע אידן האָבן, נעבעך, געשוויצט ווי א ביבער; די פנימלעך זייערע זיינען געווען אויסגעפּריעט ווי א צימעס, און אויב מען האָט זיך נישט פארקילט, איז עס נאָר דעריבער, ווייל דער וואָגן איז געווען באַלאַגערט פון די אויפגעבאַפּטע פארשוינדלעך, וואָס זיי־נען אויף משקולות געשטאַנען, געזעסן מיט קונצן פון הינטן, ביי די זייטן, אויך אויף דער קעלניע, נישט צוצולאָזן אויף די וואָס אין וואָגן קיין פּיצל לופטעלע. נאָר אין אָנהויב איז איטלעכער געזעסן ברוגז, עפּעס אָנגע־דרודלט, אונטערגעוואָרטשעט אויף דעם בעל־עגלה און ביים כאַפּן א קלאַפּ אין די קריזשעס, א קוועטש אין דער מאַזאָליע פונ'ם פינגער, האָט מען, שטאַרק פארקרימענדיק זיך, פארביסן מיט די ליפּן, מילא, נו־נו. נאָר דערנאָך איז מען געוואָרן שוין א ביסל היימישער, דרך־ארץ אין דער זייט, איינער דעם אַנדערן בעט מחילה: רוקט זיך א ביסל! פון יענעמס א זעץ טוט מען א געשריי. אידן זיינען נישט צופרידן און קריגן זיך. די מאמע האָט אַלץ געפּילדערט אויף א צעבראָכענעם אידן, ער זאָל נישט צעברעכן איר די אייער. דער טאַטע האָט געהאַלטן פארמאַכט דאָס מויל, איינגעוויקלט דעם האַלז מיט א שטיקל פּיי, נישט צו פארלירן, חלילה, דאָס קול. די פערד הויבן אָן זיך אונטערפּוילן, שלעפּן זיך פּאַמעלעך, מאַכנדיק מיט די אויסגעקראָכענע ווידלען, און די פארשוינען מאַכן זיך הארץ, הויבן צווישן זיך אָן א שמועס.

דער ערל, עפּעס אַן אָרעמער, ערגעץ אַמאָל געוועזענער עקאָנאָם, וואָס די גאַנצע צייט, זינט פונ'ם אויפזעצן זיך זיינעם אין וואָגן, איז ער געווען פארפּאָפּן, נישט אויף דעם עולם — האָט זיך לסוף אויפגעכאַפּט שוין ניכטער, געקוקט ווי א ניכטערער אויף דער גאַנצער קאָמפּאַניע ארום אים און זיך צוגעהערט צום שמועס, וועלכער איז געווען פאַר אים טערקיש, פּרואוונדיק טאַקע באַלד אריין אין דער מיט אויך מיט א שמועס, וואָס איז ווידער פאַר אידישע קינדער געווען תרגום. נאָר א אידיש קעפּל בייסט איין תרגום אויך. אבי געכאַפּט נאָר עפּעס, איין וואָרט פון צען, האָבן זיי זיך שוין געשטויסן, געדרונגען דאָס איבעריקע מיט זייער אייגענעם שכל און זיך געקליגט אַלע אינאיינעם, געבן דעם גראָבן פּויערשן קאָפּ צו פאר־שטיין זייער מיין מיט אַלע מיני הסברות: אביסל מיט אונזער לשון, אביסל מיט זייער לשון, אביסל מיט די הענט, אביסל מיט דעם וואונק, א דריי מיט דעם פינגער אויף א ניגון, נישקשה מען האָט זיך פארשטאַנען.

עס האָט זיך געצויגן אַ שמועס וועגן דעם, וואָס ביי זיי, וועגן דעם, וואָס ביי אונז, להבדיל. זיין נאָמען איוואַן איז אונזערער, מען האָט עס גענומען פון, להבדיל, יוחנן. די אַלע שבעה חכמות זיינען גענומענע, אונזערע, מען האָט אים דערקלערט זייער אַ וואוילן משל פון מדרש, אַ גלייכווערטל פון דער גמרא, קלאָר געמאַכט אים אין אידישע מנהגים מיט דעם שכל, וואָס דרינען שטעקט. איוואַן, הפנים ער האָט מודה געווען — עטלעכע מאָל האָט ער אַלץ אויסגעשריען: קוגל, צימעס! און זיך דערביי באַלעקט. די ווייבער האָבן גנקייכט פאַר געלעכטער, געמאַכט:

— צו זיין קאָפּ, צו זיין לעבן! קוקט אים אָן, ווי ער באַלעקט זיך, ער האָט ליב אונזער קוגל!

עפּעס אַ יוגנט מיט אַ צוגעדעקטן קאָפּ, וואָס פאָרט זיך שטעלן פאַר אָן אָם, ברומט שטילערהייט אונטער פאַר זיך אַ טרויעריק לידל:

„אויפן הימל ליכטן שטערנדלעך,
אין וועלדל שפּילט אַ סאָלאָוויי,
דער גאַנצער וועלט איז ליב און פריילעך,
און מיר אַליין אַז אָך און וויי".

נאָכדעם ווי מען איז אַ היבש שטיקל וועג זיך אָנגעגאַנגען צופוס אונטער אַ בערגל, אונטערשטופּנדיק דעם וואָגן און ווידער זיך אויפגעזעצט, האָט דער עולם אידן זיך געשמאַק אַ נעם געטאָן צו אַ ברייטן שמועס. מען רעדט פון אַלצדינג, וואָס קאָכט זיך דאָ אויף דער וועלט און דאָרט אויף יענער וועלט. מען רעדט פון׳ם האַנדל, מען שאַצט דאָס פאַרמעגן פון אַ סך גבירים; עס קומט אויך צורייד די אַלטע מעשה מיט ר׳ שמעלקען און עס בלייבט, אַז ער האָט פון אליהו־הנביא באַקומען אַ ווינטשפינגערל. עס הויבט זיך באַלד טאַקע אָן אַ געקרעכצעריי, אַ געזיפצעריי, אַ געווינטשעריי. איינער זאָגט, ער זאָל האָבן אַ ווינטשפינגערל, וואָלט ער געוואונטשן דאָס, דער אַנדערער — דאָס און דאָס, דער דריטער — יענעס... הכלל, איטלעכער ווינטשט עפּעס אַנדערש. צדקות איז געפאַלן גענוג ווי מיסט, מיט דער פולער האַנט. איינער דעם אַנדערן ווייזט אַרוים זיין גרויסע פריינטשאַפט, צוזאָגנדיק דעם, יענעם, גילדענע בערג. די גוט־ברודערשאַפט צווישן דער קאָמפּאַניע ווערט געשטאַרקט, מען פילט זיך עפּעס געטרייסט, נישט אַזוי פאַרוואָרפן, פאַרגעסן אין דער וועלט, און איינער מיט דעם אַנדערן איז זייער צופרידן.

אָט אַזוי האָט זיך עס געטאָן ביז מען האָט, מיט דעם אויבערשטנס הילף, אָקעגן נאַכט זיך קוים לעבעדיק פאַרשלעפּט קיין גלופּסק.

(פון „דאָס ווינטשפינגערל".

# די רייד פון די נביאים

## שלום און גערעכטיקייט.

### א.

א. דאָס וואָרט, וואָס ישעיהו דער זון פון אָמוצן האָט
געזען אויף יהודה און ירושלים.

ב. און עס וועט זיין אין סוף פון די טעג,
וועט שטיין פעסט דער באַרג פון גאָטס הויז
אויבן אָן פון די בערג,
און דערהויבן איבער די הייכן;
און אַלע פעלקער וועלן צו אים שטראָמען.

ג. און פיל אומות וועלן גיין און וועלן זאָגן:
קומט, און לאָמיר אַרויפגיין צום באַרג פון יהוה,
צום הויז פון דעם גאָט פון יעקב;
און ער וועט אונז לערנען פון זיינע וועגן,
און מיר וועלן גיין אין זיינע שטעגן;
וואָרום פון ציון וועט אַרויסגיין אַ תורה,
און גאָטס וואָרט פון ירושלים.

ד. און ער וועט משפטן צווישן די פעלקער,
און אַנטשיידן איבער פיל אומות;
און זיי וועלן שמידן זייערע שווערדן אויף אַקעראייזנס,
און זייערע שפּיזן אויף צווייגמעסערס;
אַ פאָלק קעגן אַ פאָלק וועט ניט הייבן אַ שווערד,
און מע וועט ניט מער לערנען מלחמה.

ה. הויז פון יעקב, קומט, און לאָמיר גיין
אין דעם ליכט פון גאָט.

(ישעיה, פרק ב: א־ה)

## ב.

א. און אַ ריטל וועט אַרויס פון דעם שטאַם פון ישי,
און אַ צווייג פון זיינע וואָרצלען וועט שפּראָצן.
ב. און רוען וועט אויף אים דער גייסט פון גאָט,
דער גייסט פון חכמה און פאַרשטאַנדיקייט,
דער גייסט פון עצה און גבורה,
דער גייסט פון דערקענונג און גאָטספאָרכטיקייט.
ג. און זיין קוויקונג וועט זיין אין גאָטספאָרכטיקייט;
און ניט נאָך דער זעאונג פון זיינע אויגן
וועט ער משפטן,
און ניט נאָך דער הערונג פון זיינע אויערן וועט
ער אַנטשיידן;
ד. נאָר ער וועט משפטן מיט גערעכטיקייט די אָרעמע,
און אַנטשיידן מיט יושר פאַר די גערדריקטע פון לאַנד;
און ער וועט שלאָגן דאָס לאַנד מיט דער רוט
פון זיין מויל,
און מיטן אָטעם פון זיינע ליפן וועט ער
טויטן דעם רשע.
ה. און גערעכטיקייט וועט זיין דער אָנגורט פון
זיינע לענדן,
און טריישאַפט דער גאַרטל פון זיינע דיכן.
ו. און אַ וואָלף וועט הויזן מיט אַ שעפּס,
און אַ לעמפּערט מיט אַ ציקעלע וועט הויערן,
און אַ קאַלב און אַ יונגלייב און אַ פעט רינד ביינאַנד;
און אַ קליין אינגל וועט זיי פירן.
ז. און אַ קו מיט אַ בער וועלן זיך פיטערן,
ביינאַנד וועלן הויערן זייערע יונגע;
און אַ לייב וועט ווי אַ רינד עסן שטרוי.
ח. און אַ זויגעדיקער וועט זיך שפּילן
אויפן לאָך פון אַ שלאַנג,
און אויף דער נאָרע פון אַ נאָטער
וועט אַן אַנטוואוינטער זיין האַנט לייגן.

ט. זיי וועלן ניט בייז טאָן און ניט פאַרדאַרבן
אויף מיין גאַנצן הייליקן באַרג;
וואָרום די ערד וועט זיין פול מיט דערקענונג פון גאָט,
ווי די וואַסערן באַדעקן דעם ים.
(ישעיה, פרק יא: א־ט.)

▼ ▼ ▼

ה. לייוויק.



## אין יעדנס האַרץ

איך ווייס: אין יעדנס האַרץ איז דאָ
אַ ליכטיקייט, אַ שיין;
אויף וועלכן שוועל דו זאָלסט ניט שטיין —
קלאַפּ אָן און גיי אַריין.

און גייסט אַריין, מען קוקט דיך אָן —
געדויערט עס ניט פיל:
מען האָט נאָך דיר געבענקט שוין לאַנג,
געטרויערט אין דער שטיל.

מען האָט געמיינט: ביסט אין דער פרעמד
פאַרוואָרפן ערגעץ ווייט,
און ניט געוואוסט, אַז דו ביסט דאָ
געווען די גאַנצע צייט.

און ניט געוואוסט: ביסט יעדן טאָג
געגאַנגען פאַרביי זיי,
זיך איינגעהערט צו יעדנס וואָרט,
צו יעדנס אויסגעשריי.

האָסט נאָר געדאַרפט דער ערשטער זיין
אין הויז צו זיי אַריין,
און אויפוועקן אין האַרץ ביי זיי
אַ ליכטיקייט, אַ שיין...

א. ראַבאָי.

# אַ פאַרשעמטער

דעם ערשטן פרימאָרגן אין אַמעריקע, איז מאַניס אויפגעשטאַנען, ווען עס איז נאָך געווען בלוי אין די פענצטער. ער האָט זיך אַליין געוואונדערט, פאַרוואָס ער פילט ניט די געוויינלעכע מידקייט, וואָס ער האָט תמיד געפילט נאָך אַ נאַכט שלאָפן און אַלע מאָל באַשולדיקט דאָס איבערבעט, די קישן צוקאָפּנס, אָדער שטיל אין זיך צוגעגעבן, אַז דאָס איז שוין אַ סימן פון אַלטקייט.

איצט האָט ער זיך געפילט פריש, געזונט און איז כמעט אַרויסגעשפּרונגען פון בעט. און אַזוי ווי ער איז געשטאַנען אין זיינע אונטערקליידער און באַטראַכט זיין נייע היים, איז אים געוואָרן גוט.

ער האָט זיך אָנגעטאָן און דערנאָך זיך געוואַשן ביים קראַן אין קאָרידאָר. דאָס דאַזיקע וואַשן איז אים ניט געווען אַזוי באַקוועם, וואָרום דורך דעם קאָרידאָר זיינען געגאַנגען מענטשן פון די אויבערשטע עטאַזשן.

זיך איינגעוואַשן, האָט ער גענומען דעם טלית-זאַק און זיך געלאָזט גיין. שבע האָט צו אים גערעדט, ליגנדיק אין בעט, אַז ער זאָל גיין פּאַמעלעך און געדענקען דאָס הויז, און אַז ער זאָל, למען השם, נישט לאָזן ביי זיך אויסנאַרן דעם יאָ מיט דעם ניין.

מאַניס האָט אין ראָג פון גאַס זיך געמאַכט אַ סימן: אַ איד האָט פאַרקויפט צייטונגען און איז געשטאַנען איינגעבויגן און געפּאָנפעט אונטער דער נאָז.

אין גאַס זיינען נאָך געווען זייער ווייניק מענטשן, אָבער גענוג, אַז עס זאָל באַווייזן, אַז דאָס איז ניט קיין קליינע שטאָט. מאַניס האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן און געזען אַרום זיך, שפּאַרנדיק ביז צום הימל, איינע העכער איבער דער אַנדערער, הייזער איבער הייזער. און פאַר די פיס זיינען געלעגן שטיינער, גליטשיקע און אויסגעשמירטע.

אַזוי ווייניקסטנס האָט מאַניס געפילט, אַז די שטיינער מוזן זיין גליטשיק און אויסגעשמירט, און עס מוז פון זיי אָנכאַפּן אַ חלשות, ווען מען זאָל זיי אָנטאַפּן מיט די פינגער. עס האָט מאַניסן געוואונדערט, וואָס מען האַלט ניט ריין אַזאַ גרויסע שטאָט. עס

האָט אים אויך געוואונדערט, וואָס די פענצטער פון איניקע קראָמען זיינען געווען באַשריבן מיט אידישע אותיות. און ער האָט גע־לערנט א ממה־נפשך: איז דאָס אַ אידישע שטאָט, פאַרוואָס רעדט מען דאָ אַרום און אַרום עפּעס אַזאַ מאָדנע לשון? און אויב דאָס איז אַ גויאישע שטאָט, צו וואָס טויגן די אידישע אותיות אויף די פענצטער? ער האָט געפּרואווט איבערלייענען איניקע ווערטער און נישט פאַרשטאַנען: פּר־רי־נט... גר־ר־ר־אָס... בו־וא־טש... בקיצור, ער האָט אָפּגעשטעלט אַ אידן, אַן איינגע־בויגענעם, און אים געפרעגט: „וואו איז דאָ אַ מקום קדוש?"

מען קאָן זיך פאָרשטעלן, אויף וועמען מאַנים האָט אָנגעטראָפן, אַז יענער האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס מקום קדוש מיינט.

— א בית־מדרש! ווייסט ניט אַ איד, וואָס אַ בית־מדרש איז? ני, דאָרט וואו מען דאַווענט.

— האַ, בית־מדרש הגדול — האָט זיך דער איינגעבויגענער איד געכאַפּט — די דאָזיקע שול איז צוויי בלאָק פון דאַנען.

— אַרונטער? — האָט אים מאַנים געפרעגט און ניט געוואָלט צוגעבן, אַז ער פאַרשטייט נישט יענעמס לשון.

— יעס! — האָט דער איינגעבויגענער אָפּגעכאַפּט אַ וואָרט און איז אַוועק.

מאַנים האָט געצויגן מיט זיינע אַקסלען און איז געגאַנגען אַרונ־טער, און דעם צווייטן אידן, וואָס ער האָט אָפּגעשטעלט, האָט ער שוין געפרעגט, וואו דאָס בית־מדרש הגדול איז, און הנאה געהאַט פון זיין איינפאַל, וואָרום דער דאָזיקער איד האָט אים אויך געהייסן גיין אַרונטער, ווען ער שוין אַליין זען דאָס גרויסע בית־מדרש.

ענדלעך איז מאַנים צוגעקומען צו די טרעפּ פון דעם גרויסן בית־מדרש. עס איז אויף אים באַלד אָנגעפאַלן אַ פּחד פון די מאָסיווע זיילן און די אָן אַ שיער טרעפּ. ער איז אַרויפגעגאַנגען מיט די טרעפּ און דערהערט, אַז מען שרייט. האָט ער זיך אומ־געקוקט. מען האָט טאַקע צו אים געשריען:

— מיסטער, מען דאַווענט אין בייסמענט.

— איך ווייס, איך ווייס, — האָט מאַנים געענטפערט.

— אויב איר ווייסט, וואָס־זשע קריכט איר אַהין? — שרייט דער פרעמדער.

— וואָס, ניט דאָ דאַווענט מען?

— נישט דאָ.

— וואו דען?

— איר זאָגט דאָך, אַז איר ווייסט, — רייצט זיך יענער.

— איך זע אַ בית-מדרש, וויל איך אַריינגיין דאַוונען, — פילט זיך מאַנים ווי אַ שולדיקער.

— נישט דאָרט, נאָר דאָ, אונטן, אין בייסמענט, — זאָגט יענער מיט אַ טאָן פון איינעם, וואָס האָט איבער עפּעס צו שאַפן, און ווייזט מאַניסן אויף אַן אונטערשטער טיר אונטער די טרעפּ.

מאַנים האָט זיך פאַרשעמט. ער האָט געפילט, ווי די טרעפּ, בשעת ער איז צוריק אַראָפּגעגאַנגען, שווינדלען אונטער זיינע פיס. ער איז מיט הכנעה אַריינגעגאַנגען דורך דער דאָזיקער טיר, וואָס אונטער די טרעפּ, און איז באַלד אַריינגעפאַלן אין אַן אַלט-באַקאַנטן קליינעם בית-מדרש, מיט לאַנגע בענק און מיט טישן און מיט אידן אין טליתים און תפילין און מיט דעם אַלט-באַקאַנטן ניגון. אין בית-המדרש האָבן געברענט הענגענדיקע בליצלאָמפּן, און די סטעליע איז געווען נידעריק, און די ווענט פאַרשמאַלצעוועט פונקט אַזוי ווי ערגעץ אַנדערש ביי אידן.

מאַנים האָט זיך אַליין געפונען און צו זיך אַליין, אין דער מחשבה, אויסגעשריען: ס׳מוז זיין אַ אידישע שטאָט! אידן דאַוונען!

מאַנים האָט שוין לאַנג אַזוי ניט הנאה געהאַט פון דאַוונען אין טלית און תפילין, ווי איצט. ער האָט באמת געדאַוונט מיט כוונה. און נאָך דעם דאַוונען האָט ער געוואַרט, אַז עמיצער זאָל אים געבן „שלום עליכם". אָבער קיינער איז נישט צוגעקומען צו אים. „די שטאָט איז אַזוי גרויס, — האָט מאַנים געטראַכט צו זיך אַליין — אַז מען דערקענט נישט קיין פרעמדן. טאַקע, פון וואַנען זאָלן זיי וויסן?"

פונדעסטוועגן איז מאַנים צוגעגאַנגען צו איינעם פון די אידן און האָט יענעם געגעבן שלום. יענער האָט אים אָנגעקוקט, ווי מען קוקט אָן אַ משוגענעם.

— איך זע אייך דאָס ערשטע מאָל, גיב איך אייך שלום, — זאָגט מאַנים, אַנטשולדיקנדיק זיך מיט מוט.

— וואָס רעדט אַ איד ווי אַ גרינער? — פעסטעט זיך יענער און נעמט זיך איבער און שטעלט אַרויס זיין רונד בייכל — איך דאַוון דאָ שוין באַלד צען יאָר, און ער זעט מיך דאָ צום ערשטן מאָל.

דאָס, וואָס יענער האָט גערעדט וועגן מאַניסן מיט „ער זעט מיך", האָט מאַניסן שטאַרק געקרענקט און פּשוט איינגעבויגן ביז צו דער ערד. מאַניס האָט געטראַכט, אַז דאָס מוז זיין אַ גראָבער יונג, אַן אויפגעקומענער גביר, אָדער גלאַט עפּעס אַזוי אַ געמאַכטער מאַכער אין קלויז.

— בין איך, דערפאַר, דאָ דאָס ערשטע מאָל, — האָט מאַניס זיך געפּרואווט פאַרענטפערן.

— אַזוי איז עפּעס אַנדערש! — ווערט יענער אַביסל ווייכער — געפעלט אייך אונזער שול?

— שיין ווי גאָלד!

— אַבי עס געפעלט אייך, — לאַכט יענער — כ'האָב נאָר מורא געהאַט, טאָמער וועט אייך חלילה ניט געפעלן. כאַ, כאַ!

מאַניס איז געבליבן שטיין ווי אַן אָפּגעשמיסענער. ווען עס עפנט זיך אונטער זיינע פיס אַ גרוב, וואָלט ער, גערן און אָן אַ געשריי, אַהין אַריינגעפאַלן.

פאַרשטענדלעך, אַז ער האָט דעם טלית זיינעם טיף אונטער זיין אָרעם אַריינגערוקט און זיך שנעל אָפּגעטראָגן פון קלויז.

אינדרויסן האָט ער אָפּגעכאַפּט זיין אָטעם, זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן. אומעטום און אין אַלע זייטן האָבן פאַר זיינע אויגן געצויגן זיך מויערן פון אַלערליי ציגל. ציגל געלע. ציגל רויטע. איין מויער שטייט העכער פון דעם אַנדערן. אָן אַן עק און אָן אַ סוף מויערן און מויערן. און ער אַליין האָט זיך איצטער געפילט ווי אַ קליין באַשעפעניש אַקעגן דעם גרויסן ראָזמאַך פון דער דאָזיקער שטאָט.

(פון „איז געקומען אַ איד קיין אַמעריקע")





ד. פינסקי.

# אויסגעפירט

משה־לייב דער שלעסער איז געבוירן געוואָרן צו זיין אַן ארטיסט — א „מאַקאַציאָר", ווי עס זאָגט די גאַנצע שטאָט, פאַרדרייענדיק דאָס וואָרט „אַקטיאָר". ער האָט אין זיך אַזעלכע שטיק, זאָגט מען, אַז מען קאָן בלייבן אָן א בויך לאַכנדיק. וואו משה־לייב איז, דאָרטן איז פריילעך, כאָטש זיין געזיכט איז, דאַכט זיך, שטענדיק ווי מיט א וואָלקן באַצויגן. שטעלט ער זיך ערגעץ צו, ווערט שוין אַרום אים ווערן א רעדל, אַלע מיט אָנגעשטעלטע אויגן און אויערן, אָנגעגרייט צום לאַכן. דער עיקר געראָט אים נאָכצומאַכן אַן אַלטער פרוי. דאַרף ער נאָר פאַרלייגן די אונטערשטע ליפ אויף דער אויבערשטער, ארויפלייגן די רעכטע האַנט אויף דער באַק און ארויסלאָזן א זויערן קוויטשיקן טאָן אָן ציינער, צעלייגט זיך שוין דער עולם פאַר געלעכטער.

דערפאַר איז קיין וואונדער נישט, וואָס זיין באַלעבאָס, אָפּלאָזנדיק די ארבעטער פורים בייטאָג, האָט געבעטן אים צו זיך צו דער סעודה משמח צו זיין א ביסל.

משה־לייב איז נישט זייער צופרידן געוועזן פון דער איינלאַדונג און האָט געענטפערט מיט א האַלבן מויל.

דער באַלעבאָס האָט א וואָרף געטאָן אויף אים א בליק פון אונטער דעם שטערן.

— זאָלסט קומען, הערסט! — האָט ער איבערגעחזרט און געקוקט אויף זיין „מענטש", וואָס פאַר א מינע יענער וועט מאַכן.

— גוט, — האָט משה־לייב שוואַך ארויסגערעדט, נעמענדיק זיך פאַר דעם הענטל פון דער טיר.

— מען זאָל נאָך דיר נישט דאַרפן שיקן! — האָט איהם נאָכגעשריען דער פאַבריקאַנט.

משה־לייב איז ארויס, און דער פאַבריקאַנט האָט א מאַך געטאָן מיטן קאָפּ אין זיין זייט, ווי ער וואָלט וועלן זאָגן: „וואָס זאָגט מען צו היינטיקע מענטשן, ווי זיי מאַכן דאָס א ביסל קוראַזש!"...

אויף דער גאַס זיינען צוגעגאַנגען צו משה־לייבן דריי אַרבעטער פון זיין פאַבריק: זלמן לאַמינע, מענדל קאַסוי און חיים דער גרינער.

— הער אים נישט, — האָבן זיי אָנגעהויבן, איבערשלאָגנדיק איינער דעם אַנדערן — זיי בעסער אין דער היים. מיר וועלן קומען צו דיר, מיר וועלן פאַרברענגען. מאַלע ער וויל! הער אים נישט!

— און וואָס אַרט מיך, אַז איך וועל גיין? — האָט משה־לייב געענטפערט.

— וואָס אַרט דיך?! פּרא אָדם! — האָט זיך זלמן לאַמינע צעבייזערט. — וואָס, ביי דיר איז קיין געזינד נישטאָ? ביי דיר דאַרף מען צו דער סעודה נישט זיצן?

משה־לייב האָט געשוויגן. ער האָט דאָס אַליין געקלערט, דערפאַר האָט ער דאָך דעם באַלעבאָס געענטפערט מיט אַ האַלבן מויל.

— זיי נישט קיין פערד און זיץ אין דער היים, — האָט צוגעגעבן מענדל קאַסוי. — מיר וועלן קומען צו דיר און פאַרברענגען אַביסל די נאַכט. אים וועט זיין פריילעך אָן דיר, נישקשה!

— גלאַט, ער וויל זיך פריילעך מאַכן, דאַרף דיין געזינד האָבן אַ פאַרשטערטן פּורים? — האָט אונטערגעכאַפּט חיים דער גרינער.

— מיר וועלן זען, — האָט משה־לייב געענטפערט מיט אַן אומעטיקער מינע.

— ניין, — האָבן אויסגעשריען די אַרבעטער — מיר האָבן נישט וואָס צו זען! דו זאָלסט טאַקע זיין אין דער היים!

„שטויב, דרויב, משה־לייב", — האָט משה־לייב גלאַט אַזוי זיך אַרויסגערעדט מיט אַ טיפן זיפץ, אויף קיינעם נישט קוקנדיק.

די חברים אָבער האָבן דאָס אָנגענומען פאַר אַ גוטן סימן.

— זאָלן מיר, הייסט עס, קומען צו דיר אויפדערנאַכט? — האָט זלמן געפרעגט און אַריינגעקוקט אים אין די אויגן.

„קומט... מילא... מיר וועלן זען..." — האָט משה־לייב אָפּגעשטאַמלט. און מען איז זיך צעגאַנגען מיט דעם, אַז משה־לייב „וועט זען"...

---

— דער באַלעבאָס האָט געבעטן, איך זאָל קומען צו אים צו דער סעודה, — האָט ער געזאָגט חנהן זיין ווייב, קומענדיק אַהיים. ער האָט גערעדט מיט אַ מינע, גלייך אים וואָלט שווער געווען מודה צו זיין זיך אין עפּעס אַ זינד.

— נו, און דו וואָס קלערסט? — האָט זי אים געפרעגט און אַ וואָרף געטאָן אויף אים אַ שטעכעדיקן בליק.

— וויים איך?

— ווי הייסט „ווייס איך"? וואָס טייטש „ווייס איך"? — האָט זי געהויבן דעם קול.

— מען דאַרף גיין, רעכן איך, — האָט ער שוואַך אַרויסגערעדט.

— ווי הייסט „מען דאַרף גיין"? און איך מיט די קינדער זאָלן זיצן און חושבן? — האָט זי געזאָגט מיט אַן איינגעהאַלטענעם טאָן און אָנגעהויבן בלייך צו ווערן.

ער האָט געשוויגן און געקלאַפּט מיטן פינגער אויפן טיש.

— ווי לייגט זיך דיר דאָס גאָר אויפן זינען? — האָט זי שוין אָנגעהויבן הויך — ווי איז גאָר דאָס רעכט ביי דיר? וואָס ביסטו ביי אים, אַ פאַרקויפטער, וואָס?

— ער נויט דאָך מיך נישט פון קהל, ער האָט מיך געבעטן! — האָט משה־לייב געפּרואווט פאַרענטפערן זיין באַלעבאָס.

— ווי בעט ער דאָס גאָר? — האָט זיך דאָס ווייב צעשריען — פאַרוואָס זאָל ער גאָר בעטן? וואָס איז, ער ווייסט נישט, אַז דו האָסט אַליין אַ געזינד? גאָר דיך אָרט דאָך זייער שטאַרק דיין געזינד! פון דיינעטוועגן מעגן מיר אַלע אויף דער וועלט נישט זיין! דו ביסט דען אויך אַ מענטש?

אין איר קול האָבן זיך שוין געפילט טרערן.

— שאַ, איך גיי דאָך נאָך נישט! — האָט משה־לייב בייז אויסגעשריען.

— ניין, פאַרוואָס זאָלסטו גאָר איבעררעדן, — האָט זי געשריען מיט טרערן אויף די אויגן — דער באַלעבאָס בעט דיך, דאַנק אים אָפּ און זאָג אים, אַז דו קאָנסט נישט קומען: דו האָסט אַליין אַ געזינד, און גענוג — אויס מאַרק! וואָס איז נאָך דער ישוב־הדעת?

משה־לייב האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ.

— דו האָסט נאָך מסתמא צוגעזאָגט צו קומען? — האָט חנה גע־פּאָרשט, אַריינדרינגענדיק אין אים איר בייזן בליק.

משה־לייב האָט זיך געשטעלט ביים פענצטער, געשריבן מיטן פינ־גער אויף דער שויב און געשוויגן.

— הא? צוגעזאָגט? צוגעזאָגט? — האָט חנה גיפטיק געשי־פּעט. — וועלן מיר זען, צי וועסט גיין, צי נישט! וועלן מיר זען! סיידן דו ווילסט אָנמאַכן לייטיש געלעכטער, סיידן!

זי האָט זיך שוין געוואָרפן, געשיקט פייערדיקע בליקן דעם מאַן און געקלאַפּט אָן טיש מיט דער קוואָרט, וועלכע זי האָט געהאַלטן.

— ווי איז דאָס אַ מענטש מיט אַ דעת . . . — האָט זי אָנגעהויבן צו אַרבעטן מיט די הענט.

— וויפל בראנפן זאָל איך קויפן? — האָט ער זי איבערגעריסן.

זי האָט זיך אָפּגעהאַקט, געהאַלטן אַ ווייל די הענט אין דער לופטן און, אָראָפּלאָזנדיק זיי, געזאָגט מיט פאַראַכטונג:

— קויף וויפל דו ווילסט! וואָס פרעגסטו ביי מיר? נייע נייעסן! משה־ליב איז אַרויס פון שטוב.

---

פונדעסטוועגן איז זי פריילעכער געוואָרן און האָט אַ גאַנצן טאָג געבאַקן און געקאָכט „מיט לייטן צוגלייך". ער האָט אויך געבראַכט פון גאַס „כל־טוב": בראָנפן, הערינג, דריי אַפּעלסינען, אַ צענדליק עפּל.

— עך, — האָט זי גערעדט באַפרידיקט, אַריינשטעלנדיק דאָס אַלץ אין אַלמערל — גלאַט וועלן אוועקגיין צום באַלעבאָס! מיך אַרט נישט, אַז מען וועט ביי אונז אויך פאַרברענגען. שלח־מנות האָט מען, דאַנקען גאָט, פאַרשפּילט... ברוך־השם, אויף דעם כאַפּט נישט די ביטערע פּרנסה. זאָל נאָך דאָס שטיקל סעודה אויך נישט זיין! דעם חזיר ווילט זיך! נישקשה, ער וועט זיך אָנזויפן אָן דיר...

די אייגענע ווערטער האָט זי איבערגעחזרט, זעצנדיק זיך צו דער סעודה. זי איז געוועזן צופרידן, וואָס ער האָט זי געפאָלגט, נאָר זי האָט אים נישט געקאָנט מוחל זיין, וואָס ביי אים איז גאָר רעכט געוועזן אוועקצוגיין צום באַלעבאָס.

משה־ליב האָט אויסגעהערט אירע טענות שווייגנדיקערהייט. ער האָט נאָר געטראַכט, וואָס וועט אים מאָרגן זאָגן דער באַלעבאָס.

— מילא, אָפּשמייסן וועט ער מיך דאָך נישט, — באַשליסט ער ביי זיך און קוקט זיך אַרום אויף ווייב און קינדער מיט אַ שטיפערישן בליק — גלייך ער וועט זיי שוין לוסטיק מאַכן.

אין שטוב איז געווען ריין און ליכטיק. חנה האָט זיך אָנגעטאָן יום־טובדיק און איר פּנים איז אינגער געוואָרן. זי האָט אויך די פיר קינדערלעך אויסגעוואַשן און צוגעקליבן, ווי זי האָט נאָר געקאָנט, פאַרנייענדיק פאַרנאַכט די לעכער און ריסן אין זייערע בגדימלעך. זי האָט זיך געבריהט, געוואָלט באַצאָלן דעם מאַן פאַר איר נצחון און באַווייזן אים, אַז עס האָט זיך אים געלוינט צו בלייבן אין דער היים.

נאָר זיי האָבן נאָך קיין צייט נישט געהאַט אַראָפּצושלינגען די ערשטע „המוציא", איז געקומען דעם באַלעבאָסעס קלענערער זון, אַ אינגל פון אַ יאָר פערצן.

— זע, ער האָט זיך גאָר אוועקגעזעצט עסן! — האָט ער אויסגעשריען — דער טאַטע האָט געהייסן שוין קומען!

ער איז צוגעגאַנגען און האָט אָנגענומען משה־לייבן פאַרן אָרבל. משה־לייב האָט געשמייכלט און געקוקט אויף דעם ווייב. חנה האָט געוואָרפן ברוגזדיקע בליקן אויפן אינגל.

— קום, נו, קום! — האָט יענער געשלעפּט משה־לייבן.

— וואָס, „קום, נו, קום"? — האָט חנה בייז אויסגעשריען — איר וועט זיך באַגיין אָן אים אויך. אָן אים איז ביי אייך די שמחה קיין שמחה נישט?

אָבער דאָס אינגל האָט זיך געריעדט זיינס און געצויגן משה־לייבן פאַרן אָרבל.

— איך וועל אָפּעסן די סעודה, וועל איך קומען, — האָט משה־לייב געזאָגט מיט אַ שמייכל, קוקנדיק אויף דעם ווייב.

— אַ האָר אויך נישט! — האָט יענע אויסגעשריען, — ביי אונז איז אויך פּורים! ער דאַרף קיין ערטער נישט זוכן, וואו משמח צו זיין! דו וועסט גאָרנישט אָנהויבן צו גיין! — האָט זי געשיפּעט צום מאַן.

אָבער דאָס אינגל האָט אים אַלץ געשלעפּט, דורכלאָזנדיק פאַרביי די אויערן חנהס רייד.

— נו, גיכער, הייב זיך! קום!

— אַז איך האָב געזאָגט, ער וועט נישט גיין, האָט איר נישט וואָס צו שלעפּן! — האָט חנה אויסגעשריען, אויפשפּרינגענדיק און אַראָפּלאָזנדיק זיך צוריק אויפן שטול.

— אָן דיר וועל איך נישט אַוועקגיין, — האָט געטענהט דאָס אינגל — קום, נו! מען דאַרף זיך גאָר ביי אים בעטן...

משה־לייב האָט נאָר געקוקט אויף חנהן. דאָס אינגל האָט דערווייל אויפגעזוכט משה־לייבס מאַנטל און דערלאַנגט אים משה־לייבן.

משה־לייב איז געפאַלן אויף אַ פּלאַן.

— ווייסטו גאָר וואָס, חנה, איך וועל יעצט גיין און וועל באַלד קומען.

זי איז אויף דעם נישט איינגעגאַנגען.

דער באַלעבאָס האָט דערווייל צוגעשיקט זיין זון פאַרשטאַרקונג: צוויי בחורים, משרתים פון זיין קראָם.

— וואָס לאָזטו זיך אַזוי לאַנג בעטן? — האָט איינער אויסגעשריען.

— וועסט ערגער מאַכן, האָט דער באַלעבאָס געזאָגט, — האָט צוגעגעבן דער צווייטער.

— די פּלוניתטע לאָזט נישט, — האָט משה־לייב געשמייכלט.

חנה איז אויפגעשפּרונגען פון שטול און האָט זיך צעשריען.

— ער וועט נישט גיין! ער איז נישט קיין פאַרקויפטער! ער וועט

נישט גיין! לאָז ער זיך ניט סטראַשען! „ערגער מאַכן”! מען נעמט ביי אים קיין נדבות נישט! נישטאָ, איך וועל נישט לאָזן! ער וועט נישט גיין! — האָט זי זיך צעשריען אויף די הויכע טענער, דערזעענדיק ווי די משרתים האָבן גענומען הייבן משה־לייבן פון אָרט. זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו זיי.

— ע, מיר לאַכן פון דעם! — האָבן זיי געזאָגט, אָפּשטופנדיק חנהן. זיי האָבן גענומען משה־לייבן אונטער די אָרעמס און ארויסגעפירט אים פון שטוב. ער האָט נאָר געשמייכלט...

---

חנה איז געבליבן מיט די קינדער. דער כעס האָט אין איר גע־ברענט, זי האָט עפּעס נישט געוואוסט, וואָס זי זאָל טאָן. זי האָט גע־וואָרפן פייערדיקע בליקן אין אַלע זייטן, בייז אָפּגערוקט אַלע שטולן פון טיש; פאַרבייגייענדיק האָט זי אַראָפּגעוואָרפן אַ טעלער און צעבראָכן. דאָס האָט זי נאָך מער צערייצט.

— אַ בראָך זאָל שוין זיין צו זיינע יאָרן! — האָט זי אויסגע־שריען — אַי, מיין לעבן! — האָט זי פּלוצלונג אַ קוויטש געטאָן און געגעבן זיך מיט ביידע פויסטן אין קאָפּ.

די פיר קליינע קינדער האָבן זיך דערשראָקן און צעוויינט.

— וויינען זאָלט איר שוין נאָך אייער טאַטן! — האָט זי געקווי־טשעט און אָנגעהויבן צו שלאָגן אויף רעכטס און לינקס.

די קינדער זיינען צעלאָפן פון טיש און באַהאַלטן זיך אין די ווינ־קעלעך.

זי האָט זיך שווער אַראָפּגעלאָזן אויף דאָס הילצערנע זיץ־ברעטל, מיט אַ ווילדן קוק געקוקט אַרום זיך. עס האָט זיך איר עפּעס געוואָלט טאָן — דאָס האַרץ איז איר שיער נישט ארויסגעשפּרונגען.

זי האָט זיך צערעדט און צעשאָלטן. פּלוצלונג פאַלט איר איין צו מאַכן פון אַליץ אַ תל, עס זאָל פון גאָרנישט ניט בלייבן קיין שריד ופליט.

זי איז אויפגעשפּרונגען מיט אַ קוויטשעריי פון אָרט און אַ לאָז געטאָן זיך צום אויוון. נאָר אין דער מינוט האָט זיך די טיר געעפנט, און עס זיינען אריין זלמן לאַמינע, מענדל קאַסוי, חיים דער גרינער מיט ווייב און קינד.

— גוט יום־טוב! וואָס טוט זיך דאָ? — האָט זלמן געפרעגט אַרומקוקנדיק זיך — וועמען באַוויינט מען דאָ?

— זאָל מען אים שוין טאַקע אויף אַן אמת באַוויינען, — האָט חנה געענטפערט, אָפּווישנדיק די טרערן מיטן פאַרטוך.

— ער איז טאקע אוועקגעגאנגען? — האָט געפרעגט חיים דער גרינער.

דאָס איז געווען נאָך בוימל צום פייער און חנה האָט אויפגעעפנט איר מויל און געשאָטן מיט קללות...

די מאנסבילן מיט די ווייבער האָבן גענומען איינהאלטן זי.

— בארואיקט אייך, חנה, מיר וועלן אויסקומען אָן אים.

— זעצט אייך, חנה, מיר וועלן פארברענגען, — האָט זלמן איר געזאָגט — איך קאָן אויך רעדן ווי אַ מכשפה.

חנהן איז איינגעפאלן אַ גרויסער געדאנק.

— ניין, — האָט זי אויסגעשריען, — אַ טויטן וועל איך אים ברענגען אהער!

זי האָט געכאפּט אַ טוך אויף זיך און איז פייל פון בויגן ארויס־געלאָפן פון טיר.

— פראים, אמתע פראים! — האָט מען איר נאָכגעשיקט.

— און וואָס מיינט איר, זי איז דען נישט גערעכט? — האָט איין פרוי געפרעגט.

— גערעכט ווי דער טאָג! — האָבן די מאנסבילן געענטפערט.

— אז דער באלעבאָס וואָלט ביי מיר אויפגעלאָפן ווערן, וואָלט איך נישט געגאנגען — האָט חיים געזאָגט.

— ווי הייסט, איך וואָלט געגאנגען? — האָט מענדל אונטער־געכאפּט.

— ער איז אַ שטיק גאָרנישט, דער משה־לייב!

— אַ נאַר, אַ פערד!

— אָן אמתע בהמה!

---

און חנה איז געלאָפן אין איין אימפעט, אין איין אָטעם. זי האָט געברענט אין איין פייער און געפילט אין זיך אַ משונהדיקן כוח.

זי האָט אַ שטאַרקן ריס געטאָן דאָס גלעקל פון דעם באלעבאָסעס טיר, זיך גאָרנישט דערשראָקן פאַר דעם רעש, וועלכן זי האָט אָנגעמאכט, און ארויסגערעדט נאָך אַ שארפע קללה. פון שטוב האָט זיך געהערט אַ שנעל לויפן. עמיץ האָט אויפגעעפנט די טיר און דערזעענדיק זי, גע־לאָזט זיך לויפן צוריק. חנה האָט געהערט, ווי אין זאל האָט עמיץ ארויסגערעדט אויף גיך: „משה־לייב, דיין ווייב איז געקומען!”

אז זי איז צו צום זאל, האָט מען זי מקבל־פּנים געווען און פאַר־שטעלט די טיר. זי האָט אריינגעקוקט אין זאל, אָבער משה־לייבן נישט געזען.

— וואו איז ער, וואו? — האָט זי זיך צעשריען — זאָל ער בעסער מיט גוטן גיין אַהיים!

— נישטאָ אים, ער איז אַוועקגעגאַנגען, — האָט מען איר גע־ענטפערט.

— איך וועל פון דאַנען נישט אָפּטרעטן, — האָט זי שוין געשריען מיט טרערן.

— מען זאָגט דאָך אייך, אַז ער איז שוין אַוועקגעגאַנגען... אַ אידענע אַביסל!

מען האָט זי אַריינגעלאָזט אין זאַל. זי האָט זיך ארומגעקוקט און משה־לייבן נישט געזען.

— זאָלסט מיר שוין אַהיים גיין! — האָט זי געיאָמערט, קוקנדיק ארום זיך.

קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופן.

— זאָלסט אויפהערן צו שפּילן זיך מיט מיר! — האָט זי געשריען.

— מיאַ־או! — האָט עס דערלאַנגט פון הינטער אַ טיר.

דער עולם האָט זיך צעלאַכט.

— מיאַקען זאָלסטו שוין דאָס לעצטע מאָל! — האָט זי אויסגע־שריען און אַ וואָרף געטאָן זיך אויפן קול.

— אבֿרי! אַפּטשיק! — האָט מען אויף איר געמאַכט פון אַלע זייטן און פארשטעלט איר דעם וועג.

נאָר משה־לייב איז ארויסגעקראָכן פון זיין אָרט. ער איז שוין געוועזן אַביסל „פריילעך”. ער האָט פארלייגט אַ ליפּ אויף אַ ליפּ און ארויפגעלייגט די האַנט אויף דער באַק ווי אַן אַלטע אידענע. דער עולם האָט זיך געקייקלט פאַר געלעכטער.

— שוין זאָלסטו מיר גיין אַהיים! — האָט זיך חנה אויף אים ארויפגעוואָרפן.

— אוודאי, אוודאי! — האָט ער געשטאַמלט ווי אַן אַלטע אידענע אָן ציין און געשאָקלט מיטן קאָפּ.

מיט חנהן האָט זיך אָנגעהויבן אַ היסטעריקע. זי האָט זיך צע־לאַכט און צעוויינט, געוואָרפן זיך אויף דר'ערד און געריסן פון זיך די האָר.

אַלע זיינען אָפּהענטיק געוואָרן. משה־לייב האָט זיך אין איין מינוט אויסגעניכטערט און גענומען זי בארואיקן.

ער האָט אַזש נאָר געוויינט.

אַז חנה איז געקומען צו זיך, האָט ער זי גענומען אונטערן אָרעם

און געלאָזן זיך צו דער טיר מיט אַן אָראָפּגעלאָזענעם קאָפּ. ער האָט זיך געפילט פאַר אַ שטאַרק זינדיקן.

— ס'אַרא שטיק זי האָט דאָס אַביסל געמאַכט! דעם מאַן האָט מען ביי איר צוגענומען! — האָט עמיצער אַרויסגערעדט ווען חנה איז געוועזן לעבן טיר.

חנה האָט זיך אויסגעגלייכט. דאָס בלוט האָט אין איר אויפגע־קאָכט, און זי האָט געוואָלט אויסגיסן צו אַלעמען אין שטוב איר ביטער האַרץ. זי האָט זיי געוואָלט זאָגן עפּעס אַ שאַרף, האַרב וואָרט — אַ וואָרט, וואָס זאָל אָננעמען ביי דער זיבעטער ריפּ, וואָס זאָל שטעכן ווי מיט שפּיזן. זי האָט זיי אַלעמען געוואָלט ווינטשן, זיי זאָלן אַרבעטן אויף פרעמדע ווערקשטאַטן, זיין „יענעמס אַ מענטש". נאָר זי האָט זיך איינגעהאַלטן. זי האָט בלויז ניט געלאָזן משה־לייבן פאַרמאַכן די טיר. זי האָט זי אַליין צוגעמאַכט מיט אַ שטאַרקן קלאַפּ.

קראַנק, צעבראָכן, פאַרוויינט האָט זיך חנה געשלעפּט אַהיים, אָבער דאָך האָט זי זיך געפילט באַפרידיקט.

אירס האָט זי פאָרט אויסגעפירט.



א. רייזען.

# גרינע

## א.

מיר זיינען מיט אַ פרעמדער שיף
געקומען דאָ אַהער;
אַ פרעמדער קאַפּיטאַן געפירט
האָט אונז אויפןברייטן מער.

די שיף האָט זיך געוויגט אַהין
און זיך געוויגט אַהער,
און האָט זי ווען איינגעוויגט —
האָט ער געחלומט שווער.

## ב

אַ נייע לאַנד, אַ פרעמדע לאַנד —
ווער זיינען דאָרטן זיי ? —
ווער ס'האָט אַ ווייב געלאָזט אַליין
מיט קליינע קינדער צוויי.

אַ גערטנדל, אַ שטיבעלע,
אַ טאַטן, וויים ווי שניי...
און ס'האָט דאָס האַרץ ביי איטלעכן
געדריקט אַן אַנדער וויי...

## ג

באַגעגנט האָט א פרעמדער אונז
און שטרענג געפרעגט : געזונט ?
און האָט באַטראַכט אונז יעדערן,
ווי מען באַטראַכט אַ הונט.

געקוקט אין ד'אויגן, און אין מויל,
באַטראַכט אונז מיט אַ גרונד —
וואָלט ער געקוקט אין האַרצן נאָך,
וואָלט ער דערזען — אַ וואונד...

## ד

מיר האָבן זיך די הענט דערלאַנגט
און זיך צעזעגנט שטום...
ווער מען זיך ווען באַגעגענען
אין יאָרן לאַנג אַרום ?...

פון ווייטן האָט די שטאָט געדראָט,
געשראָקן מיט איר ברום...
און צווישן צענדליק שפּראַכיקע
געגאַנגען זיינען מיר שטום...

ש. אַש.

# דער נייער פּרעה

קוזמין האָט טריי געדינט „פּרעהן”. קוזמין איז געזעסן ביי דער אַרבעט און האָט גענייט רעק, הויזן, וועסטן פאַר מענטשן, וואָס זיי האָבן נישט געוואוסט, וואו זייער געביין געפינט זיך. גאַנץ קוזמין איז געזעסן ביים אָנקל מאָזעס אין דער הויך אין שאָפּ: ר' יואל חיים, דער גבאי פון דער שול, און איטשע דער שוסטער־יונג; יודל, דער וויבערשער שניידער, און חיימשע דער פעלדשער, וואָס פלעגט שטעלן באַנקעס — אַלע נייען זיי הויזן. אָנקל מאָזעס האָט אויסגעגלייכט גאַנץ קוזמין. נישטאָ מער קיין שיינע בעלי־בתים, גבאים מיט אָרעמע בעלי־מלאכות, ניטאָ קיין תלמידי־חכמים מיט גראָבע יונגען, ניטאָ קיין שוסטערס, קיין עלטסטע — אַלע דינען צו איין אָפּגאָט, אַלע טוען איין זאַך — נייען הויזן.

נאָר קוזמין וויל נאָך ניט שטאַרבן. ביים אָנקל מאָזעס אויפן „בוידעם”, ביי דער נאָדל, לעבט ווידער דאָס אַלטע קוזמין אויף מיט אירע אַלע מערקווירדיקייטן. יעדער אַלטער שטיין, יעדע אַלטע הויז און ווינקל ווערט מיט ליבע און בענקשאַפט דערמאָנט פון די געטרייע קינדער פון אַלטן קוזמין, וועלכע זיצן מיט די הויזן אין זייערע הענט און בענקען נאָך איר, און וואו נישט וואו פאַלט אַ טרער, לאָזט זיך הערן אַ קרעכץ פון אָן אַלטן איינוואוינער פון קוזמין, וואָס האָט זיך דערמאָנט אָן איר שיינקייט...

— אנו, לייבל, וואָס שווייגסטו היינט? לאָמיר הערן דעם אַלטן חזנס קדושהלע.

און לייבל, וועלכער האָט ליב געהאַט דאָס „ברעטל” פון עמוד זיין גאַנץ לעבן און קיינמאָל אין דער היים קיין געלעגנהייט ניט געהאַט צו־צוקריגן זיך דערצו און אַרויסצואווייזן זיינע חזנישע פעאיקייטן — ווייזט דאָס איצט אַרוים פאַר קוזמין, ביי דער נאָדל און ביי די הויזן.

דעם אַלטן חזנס ניגון טראָגט איבער קוזמין אין דער אַלטער שול אַריין, און עס דערמאָנט זיך זיי דער שיינער שבועותדיקער שבת, ווען יעדער בעל־הבית איז געזעסן אויף זיין שיינער „שטאָט” מיטן טלית און גאָלדענער עטרה באַפּוצט און געקוואָלן זיך מיטן חזנס ניגונים...

באַלד אָבער פאַרשווינדט די אַלטע שול, און דער שיין־פרימאָרגנדי־קער שבת און די בענקשאַפט און די ליבע נאָך קוזמין; עס בלייבן אי־בער בלויז הויזן און נאָדל.

סעם באַווייזט זיך אין דער טיר פון דעם שאָפּ און גיט אַ געשריי:

— נאַ, זעט, קוזמין זינגט! אַזוי איז גוט. איר וועט זיך דאָ אַ

**שווארץ יאָר אויסריכטן ביי מיר. איך רוף באַלד אַרויף דעם אָנקל מאָזעס צו אייך.**

און איין קוזמינער בעל־הבית שרעקט דעם צווייטן:

— שווייג, שווייג, דער „גובערנאַטאָר" איז דאָ.

סעמען רופט קוזמין „גובערנאַטאָר" און דעם אָנקל „דער קייסער".

און פאַרן גובערנאַטאָר האָט מען נאָך מער מורא ווי פאַרן קייסער.

קוזמינער בעלי־בתים ווערן פאַרשטומט, דערשראָקן פאַר דעם קליינעם שייגעץ סעם וואָס אין דער היים איז ער געווען אַ קצב־איגגל, און דאָ איז ער דער „גובערנאַטאָר" פון קוזמין...

אָבער קוזמין האָט אַ גרויסן מליץ־יושר. דאָס איז דער אַלטער מעל־ניק, אָנקל מאָזעסעס פאָטער, וועלכן דער זון האָט אַראָפּגעבראַכט קיין אַמעריקע. דער אַלטער דרייט זיך אום מיט דעם גאָלדענעם שטעקן, וואָס דער זון האָט אים געשאָנקען אַ מתנה, און דאָס שטייפע קאַפּעלושל, צו וועלכן ער איז ניט געוואוינט, פייניקט אים. פאַררוקט ער עס אָן אַ זייט. ער לאַנגווייליקט זיך דאָ אין אַמעריקע און בענקט נאָך דעם קאַשע־מילעכל, און פאַר לאַנגווייליקייט האָט ער אָנגעהויבן צו טרינקען. אַ שנעפּסל האָט ער ליב געהאַט פון דער היים, נאָר דאָ אין אַמעריקע, וואו ער האָט זיך געקענט פאַרגינען, און גוטע ברידער האָבן זיך שטענדיק געפונען, וואָס האָבן דעם אַלטן געוואָלט מכבד זיין, איז דער אַלטער שטענדיק שיכור גע־ווען. קיין באַקאַנטע האָט ער ניט געהאַט. זיינע אַלע לאַנדסלייט האָבן געאַרבעט ביי זיין זון אין שאַפּ — האָט ער ליב געהאַט אַרויפצוקומען אין שאַפּ און צו פאַרברענגען מיט זיי און מיט זיי שמועסן וועגן קוזמין. אָפּטמאָל האָט זיך דעם אַלטן אויך פאַרגלוסט צו נייען הויזן. געזען, אַז אַלע זיינע חברים פון די קינדער־יאָרן, אַלע שיינע בעלי־בתים, פאַר וועלכע ער האָט אין דער היים דרך־ארץ געהאַט, נייען ביים זון הויזן, פאַר־וואָס זאָל ער ניט נייען? — פלעגט ער זיך אַרויפקומען אין שאַפּ און מיטהעלפן נייען. דעם אָנקל מאָזעס איז אָבער ניט אָנגעשטאַנען, אַז זיין פאָטער זאָל זיצן אין שאַפּ. און אַז דער פאָטער איז אַרויפגעקומען אין דער הויך, האָט ער קוזמין געשטערט צו אַרבעטן; ער האָט מיט די לאַנדסלייט פאַרפירט שמועסן פון דער היים, פון אַלטע שררים, פון דאָרפס־געשעפטן, פון רב און חזן — און אָפּטמאָל האָט זיך קוזמין אַזוי אַריינ־געלאָזט אין די שמועסן פון דער היים, אַז זיי האָבן זיך צעקריגט איבער אַ חזן אָדער אַ שוחט — און פאַרגעסן זיך, אַז זיי זיינען שוין ניט קיין בעלי־בתים פון קוזמין...

אָנקל מאָזעס האָט אָנגעזאָגט סעמען, אַז ער זאָל דעם פאָטער ניט אַרויפלאָזן אין שאַפּ אַריין, נאָר אַז דער אַלטער מעלניק האָט זיך אָנגע־שיכורט האָט ער קיינעם ניט געהאָרכט, פאַר קיינעם קיין מורא ניט גע־

האַט, סעמען געשלאָגן מיטן גאָלדענעם קאָפּ פון שטעקן און אַריינגע־לאָפן אין שאַפּ.

— אזא טויבן־כאַפּער איז דאָס. אזא ימח־שמוניק, אזא קצב־יונג, ער וועט מיך ניט אַריינלאָזן. מיין זונס פּראַצע איז דאָס, און ער וועט מיך ניט אַריינלאָזן! — האָט ער אָוועקגעיאָגט סעמען מיטן שטעקל און איז אַריין אין שאַפּ, מיטן קאַפּעלושל פּאַרדרייט אָן אַ זייט, און געפּאָכעט זיך מיטן רויטן טיכל — אַרויס פונדאַנען, ימח־שמוניק, אַרויס, אַרויס, — האָט ער אַרויסגעטריבן סעמען פון שאַפּ.

קוזמין האָט זיך געפרייט אויף דעם „גובערנאַטאָרס" מפּלה. הויך צו פרייען זיך, הויך צו לאַכן האָבן זיי מורא געהאַט. דער גובערנאַטאָר קען זיך אָפּרעכענען, האָבן זיי געשטופּט איינער דעם אַנדערן און געוואונקען מיט די אויגן.

— ווי האָט מען אים גערופן אין דער היים? אַבלאָף, העי דו אַבלאָף איינער! — האָט דער אַלטער נאָכגעשריען סעמען פון די טרעפּ אַראָפּ — די מאַמע דיינע האָט דאָך געגנבעט גרויפּן ביי מיר אין גע־ועלבל. איך האָב דאָך זי אַמאָל אַליין געכאַפּט ביי דער האַנט, און דאָ אין אַמעריקע ביסטו געוואָרן אַ גאַנצער פּרעה — העי, אַז אויסגעריסן זאָלסטו ווערן מיט מיין זון, מיט אַמעריקע אין איינעם.

קוזמין האָט זיך געפּרעגלט אין נחת, האָט געצויגן די אַקסלען און געשטופּט איינער דעם צווייטן:

— דו זעסט די מפּלה?

— אויף אַלע שונאי־ישראל געזאָגט געוואָרן.

— די מאַמע זיינע האָט דאָך פלייש געגנבעט אין די יאַטקעס. ווי האָט מען זי דאָס גערופן? נעכע האָט מען זי גערופן...

און מ׳האָט זיך אָנגעהויבן צו דערמאָנען אָן אַלטן קוזמין און אויס־געגראָבן מעשיות פון פּאַרצייטנס.

נאָר באַלד איז אַלץ פאַרשטומט געוואָרן. קוזמין איז פּאַרציטערט געוואָרן, פאַרשטיינערט, פאַרגליווערט. קוזמין איז געוואָרן איין מאַשין, וואָס האָט געהאַלטן אַ נאָדל אין דער האַנט און האָט גענייט. אין שאַפּ האָט זיך באַוויזן אָנקל מאָזעס אַליין, מיט דער גרויסער שער אין האַנט, אָן אַ ראָק, נאָר די קייט פון זייגער האָט פאַרנומען די גאַנצע ברייט פון זיין דיקן בויך און האָט צוגעגעבן זיין פיגור אַ וויכטיקייט. ער האָט געשוויגן, נאָר אויפגעעפנט די אויגן און זיך אַרומגעקוקט. קוזמין האָט געצויגן די קעפּ צו די הויזן און גענייט. אָנקל מאָזעס איז צוגעגאַנגען צום פאָטער און האָט אים אָנגענומען ביים אָרעם:

— טאַטע, קום אַראָפּ.

— איך וויל ניט. וואָס ווילסטו מיר טאָן, וואָס? איך האָב ניט

קיין מורא פאַר דיר, — האָט דער אַלטער מעלניק געשריען און געקלאַפּט מיטן שטעקן מיט קוראַזש, וואָס ער האָט שטענדיק געקראָגן נאָך אַ שנעפּסל מאַכן.

— טאַטע, דו שטערסט זיי צו אַרבעטן. זיי באַדאַרפן זיין אַליין, קום אַראָפּ מיט מיר, — האָט דער זון ווייך אָנגענומען דעם פאָטערס האַנט.

— איך וועל נישט גיין. איך האָב נישט קיין מורא פאַר דיר. וואָס ביסטו פאַר אַ נייער פּרעה, פאַר אַ קייסער? איך האָב פאַרן סאַמע נאַטשאַלניק נישט קיין מורא. איך האָב פאַר קיינעם נישט קיין מורא. איך באַדאַרף דיך נישט. וואָס האָסטו געוואָלט האָבן פון מיר? וואָס האָסטו מיך אַראָפּגעבראַכט? שיק מיך צוריק, איך וויל צוריק פאָרן אַהיים.

— דו וועסט צוריקפאָרן. וועסט צוריקפאָרן. קום אַראָפּ, טאַטע, שטער זיי ניט.

— איך וועל ניט גיין, — האָט דער אַלטער געשריען — איך באַדאַרף דיך צו אַלדע שוואַרצע יאָר, — האָט זיך דער אַלטער צעקאָכט — דיך מיט דיין גאַנצער אַמעריקע. צו דיר אויף קבורה־געלט וועל איך ניט אָנקומען. אָט־אָ־דאָ האָב איך אָפּגעשפּאָרט פון מיין אייגענער פּראַצע.

ער נעמט אַרויס אַ זעקל, וואָס הענגט אים אויף דער נאַקעטער ברוסט.

— אָדאָ האָב איך אויף קבורה־געלט, פון מיין אייגענער פּראַצע. פון דיר וויל איך ניט. שיק מיך צוריק. וואָס האַלטסטו מיך דאָ, ווי פּרעה די אידן אין מצרים? שיק אונז צוריק, לאָז אונז אַרויס פון מצרים, איך וויל דאָ ניט זיין.

אַנקל מאָזעס האָט געטראַכט וואָס צו טאָן. דעם פאָטער האָט ער זייער געאַכטעט, אָבער פאַרשעמט ווערן פאַר זיינע לאַנדסלייט, פאַר וועלכע ער איז שטענדיק אַרויסגעקומען מיט זיין גאַנצער הערשאַפט, האָט ער נישט געקאָנט. ער האָט זיך אָבער באַלד געפונען און געענדערט דעם טאָן:

— אַז דו ווילסט נישט גיין, דאַרף מען נישט. אַלרייט, בלייב דאָ מיט דיינע לאַנדסלייט, רעדט וועגן קוזמין, וועגן אַלטן שרה׳ה, דעם מלך אביון, וואָס האָט פאַרמאָגט זיבעצן־מיט־אַ־האַלבן דאָלער אַמעריקאַנער געלט. בלייב דאָ, בלייב דאָ, „איי לייק איט“, אַז דו זאָלסט זיך „ענדזשויען“, — און איז אַוועק פון פאָטער.

דער אַלטער האָט נאָכגעשריען:

— וואָס פאַר אַ פּרעה ביסטו געוואָרן? ווער ביסטו? ווער? דעם אַלטן מעלניקס אַ זון. האָסט אַ פאָטער אַ שיכור. וואָס איז מיט דיר

דער יחוס? — האָט דער פּאַטער גֶעזידלט דעם זון.

קוזמין האָט נישט געוואַגט צו הערן. אָנקל מאָזעס איז אַרומגעגאַנגען אַרום די ניי־מאַשינען און באַטראַכט די אַרבעט. ער איז זייער ערנסט געווען און פאַרטראַכט. זיין ערנסטקייט האָט אַ שרעק אָנגעוואָרפן אויף די לאַנדסלייט און עס האָט זיך זיי אַפּילו ניט פאַרגלוסט צו. פרייען זיך פון דעם אַלטנס זידלערייען...

(פון „אָנקל מאָזעס".)



ב. גלאַזמאַן.

# אויף די פעלדער פון דזשאָרדזשיא

אַ איד איז געגאַנגען ביי דער זייט פון זיין וועגל אויפן ברייטן שליאַך, וואָס פירט קיין דזשעקסאָנוויל, וואָס אין פלאָרידאַ.

דער שליאַך איז געווען אַ זאַמדיקער, האָבן זיך די רעדער אין אים שווער איינגעגראָבן, און דאָס וועגעלע האָט זיך פּאַמעלעך באַוועגט, פּאַמעלעך.

ס'איז געווען היים, שפּעט נאָכמיטאָג. און די זון — אין פולן ברען. אַ טאָג איז עס אַפּילו אַ ווינטערדיקער. נאָר אויף די ברוינע שטאַמען פון די געלע סאָסנעס פינקלט זיך גאָלדיק אין דער זון די זאַפט, וואָס רינט פון זיי אין דער וואַרעמקייט אַרויס, — ווי עס טרעפט ביי טאָג אין דרום. אַ שאָטן אָבער האָבן די בוימער אויפן וועג נישט געוואָרפן, ווייל די זון איז געווען איצט אין מיטן הימל.

דאָס פערדל באַוועגט זיינע גלאַנציקע היפטן פּאַוואָליע. און דעם אידנס טראַכטונגען ציען זיך אויך אַזוי שווער.

און פאָרויס ציט זיך דער ברייטער זאַמדיקער וועג קיין פלאָרידאַ, ווייט אין פאָרויס. אויף אַ שיידוועג שטייט אַ סלופּ, געפאַרבט אין פּאַסן, און אויפן סלופּ איז אָנגעקלעפּט אַ ברעטל. זעט דער איד, אַז אויף דעם זיינען אויסגעמאָלט צוויי הענט, פאַרמאַכטע, מיטן טייט־פינגער אָפּן אין יעדער ריכטונג. איינע ציינט אָן אין דער ריכטונג, אין וועלכער זיין וועגל שלעפּט זיך, און די אַנדערע — אין דער אַנטקעגנגעזעצטער, קיין דזשאָרדזשיאַ.

צפון־צו ציט זיך דער שטאַט דזשאָרדזשיאַ, און דערנאָך דער שטאַט דרום־קאַראָלינאַ, און דערנאָך צפון־קאַראָלינאַ, — שטאַטן רייך באַפּיקעוועט און באַקוויטלט מיט די ראָזלעכע בוימוואָל פּלאַנצן...

און דאָס אויג אָן בליק, און דער בליק אָן אויג ציִען זיך ווייטער אַזוי צפון־צו, ביז מען קומט אָן צו אַ ברייטלעכן שיינעם טייך, דעם אינ־דיאַנער טייך פּאָטאָמאַק, וואָס איז די גרענעץ צווישן צפון און דרום. און נאָך אַ קליינעם ווינטערדיקן טאָג רייזע פון יענעם טייך, קומט מען אָן קיין ניו יאָרק, וואו דערדאָזיקער איד האָט אַ פרוי מיט קינ־דער.

האָט זיך דעם אידן פלוצלונג פאַרבענקט נאָך זיי, נאָך ווייב און קינד אין דעם הייסן בייטאָג, אַליין צווישן די זוניקע זאַמדן. דאָס וועגל, אָנגעלאָדן מיט אַלערליי קליינע אַרטיקלען שניט־סחורות און צעלניק, שלעפּט זיך קיין דרום, נאָר זיין מוח, אָנגעלאָדן מיט בענק־שאַפט, ציט זיך נאָך צפון. דאָס ווייב זיינס זעט ער זעלטן, בלויז איין מאָל אין יאָר אויף פסח, ווען דער פרילינג איז נאָך אַן אייזיקער דאָרטן, אין די צפון־שטאַטן.

אַלץ צוליב פּרנסה. נ־נ־נאַ.

דערוויַיל ווערט עס טונקעלער. עס באַווייזט זיך — ווי מיט אַמאָל, ווי פון פריער קיין נישט־באַמערקטע, — אַ גרויסע, קיילעכ־דיקע זון, ווי אַן אויסגעשייערט קופּערן רענדל און באַלד איז זי שוין נישטאָ.

דעם פּאַרנאַכט אין דער דאָזיקער געגנט באַמערקט מען קוים, ווייל איידער דאָס אויג האָט נאָך צייט געהאַט זיך אָפּגעוואוינען פון׳ם טאָג, איז עס שוין אָוונט.

און אין דער אָוונטיקער טונקלקייט בלייבן זיך איצט אַרום די פעלדער.

עס איז ווינטער איצט. די תבואות האָט מען שוין לאַנג אַרונ־טערגענומען פון דער ערד, נאָר עס גרינט זיך נאָך ערגעץ וואו אויף אַן איינזאַמען האַלב־ליידיקן פעלד אַן איבערגעלאָזענער פּאַס קאָר־טאָפלעס. אויף די איינגעדאַרטע בוימוואָל־שטעקלעך רויזט זיך נאָך אין דער טונקלקייט אַ בוימוואָל בלום. עס טוליעט זיך וואו אין בלייכן זאַמד פון פעלד אַן איבערגעלאָזענע דיניע, אַליין אויף נאַכט־לעגער אין פעלד, און עס איז איר אומעטיק.

אָוונט. קיל. ביים זייט וועג, וואו דאָס וועגעלע פאָרט, ווערן די ביימער געדיכטער, קענטיקער, און פּלויטן בוימערדיקע און טונ־קעלע הויבן זיך אויף, — הויכע פּלויטן פון געלע סאָסנעס און רויטע דעמבעס. פון צווישן די ביימער אַרויסלייכטנדיק, טרעפט מען אָן וואו אַ פאַרמערס הויז, מיט אַ שטאַל, אַ שפּייכלער, און קלענערע בנינים פון הינטן. די פענצטער זיינען ליכטיקע, עס זיינען דאָרט אָנגע־

צונדן דאַרפישע קעראָסין־לאָמפּן, און עס שמעקט אָפּ אין דער טונקל־קייט פון אָוונט מיט ריח פון היים.

דער איד קוקט פון דרויסן אויף באַלויכטן־וואַרעמע פענצטער, וואָס זעען צווישן די ליידיקע פעלדער אויס, ווי נישט אמתדיק. עס שוועבט איבער זיי ווען ניט ווען דער שאָטן פון איינעם פון דעם הויזגעזינט, און דידאָזיקע שאָטנדיקע געשטאַלטן הינטער די פענצ־טער פאַרשטאַרקן נאָך מער די אָפּגעווייטערטקייט און די מעשה־אַרטיקייט פון די הייזער ביים וועג.

— אין אַזאַ קילן אָוונט, — טראַכט דער איד — איז גוט צו זיין צוזאַמען מיט דיין הויזגעזינט אין אַזאַ וואַרעם־באַלויכטן שטיבל.

און דאָ דערמאָנט ער זיך, אַז גראָד היינט איז חנוכה. אָט זיי־נען דאָ גאַנצע משפחות אין די הייזער צווישן די בוימער, און ער, טראַכט דער איד, איז אַלעמאָל אין דער פרעמד, ווייט אַוועק פון זיין היים. העכער טויזנט מיילן ווייט פון דעם זאַמד, אויף וועלכן זיין וואָגן סקריפּעט איצט, איז דאָ אַ גרויס, פיל־פענצטערדיק הויז. און פון אַ צאָל פון די פענצטער פון אָט דעם הויז לייכטן זיך אַרויס פייערן היימישע — די פייערן פון זיין וואוינונג.

— ער וואָלט דאָך אויך געקאָנט זיין אין אַזאַ אָוונט ביי אַ לאָמפּ־באַלויכטענעם טיש...

און אין די אַלע הייזער דאָ אַרום זיינען אַלע הויזגעזינטן משפחות גאַנצע — און נישטאָ קיין איינזאַמער אָט ווי ער.

דאָס פערד האָט זיך פלוצים אָפּגעשטעלט. עס איז אוודאי מיד. אַ טונקל־גלאַנציקע שטיק נאַכט, אויסגעטיילט פון דער נאַכט אַרום, שטעלט אויף אים אָן גרויסע, פייכטע אויגן.

— באַלעבאָס, בין מיד. . . דעם גאַנצן הייסן נאָכמיטאָג האָבן מיר אינ׳ם זאַמד געשפּאַנט. . . איך און דו.

באַטראַכט זיך דער איד, אַז קיין דירקוויל וועלן זיי שוין היינט אין אָוונט סיי־ווי נישט אָנקומען, דאַרף מען זיך ערגעץ אָפּשטעלן און בעטן נאַכטלעגער; די חיה וועט זיך אָנקאַרמענען, ער וועט זיך אויסרוען, און מיט טאָג גלייך צוריק אין וועג אַריין.

מיט די אויגן זוכט ער דעמאָלט צווישן די הייזער ביים וועג און וויל טרעפן, אין וועלכן הויז מען וועט אַ וואָגלער אויפנעמען גאַסט־פריינטלעך, ווייל ער וויל זיך אויף קיינעם נישט אָנוואַרפן. פאַר־שטייט זיך, ער וועט אָפּצאָלן. בלויז איבערצוגעכטיקן. און האָבער פאַרן פערד. אַ גלאָז טיי אפשר, פאַר אים גופא. און אַ וואָרט אַ

פריינטלעכם ביים לאָמפּ, פאַר וואָס קיין זאַך איז נישט צו טייער. און עס געדענקט זיך דערנאָך לאַנג דורך נעכט...

פון צווישן די רויטע דעמבעס, זעט ער, טונקלט זיך אין אונט אַריין עפּעס אַ הויז, אַ קליינס, פון האַלב־קיילעכדיקע שפּאַלעס, גע־דעקט מיט שינדלען. אַ פענצטער איז אין ווינקל־הויז אויסגעגראָבן און פאַרשטעקט מיט שמאַטעס: קענטיק, אָרעמע מענטשן וואוינען אין דעם. בעסער אַזוי, טראַכט ער.

און דאָ ווערט עס אַלץ קילער. שוין אוודאי גאַר שפּעט אוונט. דאָס פערדל שטעלט זיך אָפּ ביים גאַניק, נישט וואַרטנדיק אויף קיין „האָ־האָו". די ביינער טוען אים וויי, צעבראָכן אינגאַנצן. . . קיין וואונדער נישט: אַ גאַנצן טאָג.

דער איד קלאַפּט אָן מיטן בייטש אין טיר. שנעל עפנט מען זי פון אינווייניק, אָט פונקט, ווי מען וואָלט דאָרט אויף אים געוואַרט.



מ. אַלפּערסאָן.

# די ערשטע קאַטאַסטראָפע אין מאַאוריציא

(זכרונות)

דעם 26טן דעצעמבער פון 1891, אין אַ שבת פאַרנאַכט איז דאָס געשען. צום אַכטן חנוכה־ליכטל.

דער שבת טאָג איז אַ פּראַכטפולער געווען: שיין און וואַרעם. הונדערטער קינדער האָבן זיך געשפּילט פאַר די „קאַרפּאַס" (לייוונ־טענע געצעלטן), און די לידער, וואָס די מיידלעך האָבן אין וואַלד געזונגען, האָבן זיך געטראָגן איבערן גאַנצן לאַגער.

די זון, אַ צעקאָשמערטע, מיט אַ טונקל־רויטלעכן לעבער קאָליר, האָט זיך אין דעם וואַסער ארונטערגעלאָזן. די וואַסער פון׳ם זומפּ האָט זיך ווי אָנגעצונדן און האָט אונז אַלע, ביים ברעג שפּאַצירנדע, באַגאָסן מיט אַ משונה־מאָדנעם שיין. איינער דעם צווייטן האָבן מיר זיך אָנגעקוקט מיט שרעק און געפּאָרשט אויף שטום־לשון ביים אַלטיטשקן אינדיאַנער, וואָס האָט זיך ביז צו אונז צוגעשלאָגן. ער האָט אויף די „קאַרפּאַס" געוויזן און דורך זיין מימיק צו פאַרשטיין געגעבן, אַז מיר זאָלן גיין אַהין זיך דאָרטן באַהאַלטן:

— „טאָרמענטאַ!“ — האָט ער פּאַראַומערט געזאָגט — „טאָרמענטאַ!“ — און מיטן האַנט אָנגעוויזן צו מערב-זייט.

מיר האָבן געאײַלט און אין די געצעלטן געגאַנגען.

באַלד איז פינצטער געוואָרן און דושנע הייס, ממש אויף דער־שטיקט צו ווערן. פון ווייטן האָט זיך געהערט א מין רויש, וועדליק ווי עס וואָלטן אָנגעקומען ריזיקע חיילות. ביי יעדן זיינען די האָר פון קאָפּ פאַר פחד שטייף געוואָרן. מיין פרוי מיט די דריי קינדער האָבן זיך צוגעטוליעט צום מיטלסטן דריקל פון דער „קאַרפּאַ“, און איך מיט אַ יונגנמאַן, וועלכער איז גראָד דעמאָלט ביי מיר געווען, האָבן מיט די רידלען גיך געגראָבן די ערד אַרום דעם געצעלט און אָנגע־שאָטן רונד אַרום אויף די ברעגן, אום דער ווינט זאָל עס ניט אַוועק־טראָגן.

— כ'האָב מורא, — האָט דער יונגערמאַן געזאָגט — צי ס'קומט ניט ווידער אַמאָל דער „פּאַמפּערא“, אַזעלכער ווי מיר האָבן געהאַט ביים אָנקומען אַהערצו. גראָבט שנעלער!

מיט אַלע כוחות האָבן מיר געגראָבן און בערג ערד אַרום אָנ־געשאָטן.

דאָס וואָיען פון'ם ווינט האָט זיך וואָס א סעקונדע מער אַלץ מוראדיקער און דייטלעכער געלאָזט הערן. פּלוצים איז אַלעס שטיל געבליבן, אַזוי פירכטערלעך שטיל, אַז ס'האָט אַזש פאַרכאַפּט די נשמה. אַ טיפער יאָמער מיט אַ דין קולכעל, ווי פון אַ וויינענדיק קינד, האָט אַריינגעדרונגען און געלעכערט די אויערן. באַלד האָט די גאַנצע נאַטור אַ קרעכץ געגעבן, אָבער אַזוי אימהדיק, אַז מיר האָבן די רידלען אַוועקגעוואָרפן און שנעל אַריין אין געצעלט, און דער ווינט נאָך אונז... כהרף עין האָט ער אַ כאַפּ געטאָן דעם ברעזענט, האָט אַפּגעפּליקט אַלע שטריקלעך און דאָס לייוונט אַוועקגעטראָגן אין דער לופטן איבער אונזערע קעפּ, פאַנאַנדערפלאַטערנדיק מיט די שטיקער „קאַרפּאַ“, ווי מיט די זעגלען פון א שיף... אַלע האָבן מיר זיך אָנגעקלאַמערט אינ'ם מיטלסטן סלופּ, וועלכער איז געווען שטאַרק און טיף אַריינגעגראָבן אין דער ערד, און אַזוי האָט אונז דער שטורם ניט געקאָנט מיטשלעפּן.

די קינדער האָבן מיר צוגעבויגן ביז דער ערד און מיט אונזערע קערפּערס זיי באַשיצט. איבער אונזערע קעפּ, זיינען געפלויגן שטיקער צעפליקטע שמאַטעס, בלעכענע שיסעלעך, דאָס געשיר פון'ם לאַגער, קישעלעך און פעדערן, היטלען, זאַמד, שטויב, שטיקער בלאָטע און ערד... משונהדיקע קולות האָבן אין דער לופט שרעק־לעך געהילכט, און דאָס פינצטערניש איז אַזוי געדיכט געווען, אַז

וימש חושך: ס'איז אוממעגלעך געווען אויף אַ שפּאַן פון זיך צו זען.

אַ שוידערלעכן מאָמענט האָבן מיר איבערגעלעבט. ס'האָט זיך אונז אויסגעוויזן, אז לעבן סלופּ וועט אונזער פאַמיליע־קבר זיין: אַז די ערד וועט אונז פאַרשיטן, און מיר וועלן אויף אייביק לעבעדיק באַגראָבן ווערן.

ס'האָט אַ בליץ געטאָן. דער הימל איז אויף צווייען צעשפּאָלטן געוואָרן, און דער עלעקטרישער שטראָם האָט אים נאָכדעם צעריסן פון עק ביז עק, אָפּגלאַנצנדיק אַזוי העל, מיט עפּעס אזא קלאָר־ווייסער ליכטיקייט, אז עס האָט אין די אויגן ווי מיט שפּיזלעך געשטאָכן און טאַקע תיכּף: טראַך! טראַך! טאַראַראַך! איין דונער נאָכן צווייטן האָבן זיך אין דער לופט געקייקלט און האָבן אונטער אונז די גאַנצע ערד צעוויגט און צעשאָקלט.

לסוף האָבן זיך געעפנט די וואָלקנס; אַ שלאַקסרעגן האָט אויס־געבראָכן און אונז ביז די ביינער אין איין אויגנבליק אַדורכגענעצט. אָבער מיטן מבול איז דער ווינט געשטילט געוואָרן. יעדער פון אונז האָט אויפן האַנט אַ קינד געהאַלטן, קוקנדיק דערשראָקן אין אַלע זייטן.

— מיר מוזן זיך ראַטעווען! — האָט מיין פרוי געזאָגט — לאָמיר זען זיך דערשלאָגן ביז צו דער אדמיניסטראַטיווער געביידע.

מיר האָבן ביז די קני אין וואַסער געבראָדזשעט, זיך געשטופּט אַנטקעגן שטראָם פונ'ם רעגן, ביז מיר האָבן דעם אדמיניסטראַציע־וואַלד דערגרייכט; אבער ווייטער איז כמעט אוממעגלעך געווען צו גיין. פילע בוימער זיינען געלעגן אויסגעריסן מיטן וואָרצל; אָפּגעבראָכענע צווייגן האָבן זיך געפּלאָנטערט און געקניפּט איינס אינ'ם אַנדערן און יעדע סטעזשקע פאַרצוימט. דאָס גליק איז געווען, וואָס ס'האָט אָפט אָפט און שאַרף געבליצט, און מיר האָבן אַזוי געקאָנט זען, ווי אַריבערצוקלעטערן די קלעצער און זיך דורכשטופּן דורך די צווייגן.

מיט אַלע קרעפטן זיינען מיר ווייטער געגאַנגען און זיך גענענ־טערט צו דער אדמיניסטראַציע, פון וואַנען ס'האָט זיך געהערט אַ יאָמער־געשריי און שרעקלעכע שמערצפולע קולות.

— דאָרט האָט זיכער עטוואס שרעקלעכעס פּאַסירט, — האָט אונזער באַגלייטער געדרונגען — איר הערט דעם גוואַלד?

מיר זיינען שנעלער געגאַנגען.

וואָס פאַר אַ שוידערלעך בילד מיר האָבן דאָרט דערזען! נאָר

די אייביק שטאַרקע „שכחה“ איז אין קראַפט דאָס אָפּצוואווישן פון מיינע אויגן!

אַלע צימערן פון הויז זיינען אָנגעפּרעסט און אָנגעפילט געווען מיט פרויען און קינדער, דער יאָמער און קלאָג האָט הימלען גע־שפּאַלטן... די מענער האָבן געאַרבעט, אַלע רגע געבראַכט אַן אַנדער פרוי, א צעבלוטיקטע, א פארחלשטע...

דער שטורם האָט שוין אויפגעהערט, אָבער די פינצטערניש איז געווען אַן אומדורכדרינגבאַרע, און דער רעגן האָט ווי מיט עמערס געגאָסן. ס'איז געווען א מבול, אפשר ווי אין נחס צייטן.

— גוואלד, מיין ווייב! — שרייט יאָסל מלמד — כ'פאַרמאָג צוואַנציק פּעזעס, נאָט, איך גיב זיי אייך אַוועק, נאָר לויפט ברענגט זי! זי איז דאָרט ערגעץ פאַרבליבן...

פיר מענטשן ברענגען אריין א „קאַטרע“, אויף וועלכער זיי טראָגן אַ ווייבל, וועמען ס'האָט זיך אין סאַמע „טאָרמענטאַ“ פאַר־גלוסט גיין צו קינד... ס'לויפט איינער אַריין מיט קולות: קומט שנעל! א מענטש ווערט דערטרונקען! דאָ ניט ווייט שרייט ער פון גרוב אַרוים!...

אונזערע היימישע לויפן ראַטעווען. גערביל דער אדמיניסטראַ־טאָר קאָמאַנדעוועט: „גוואַרדיא נאַציאָנאַל! לויפט, רעטעט!“ אליין גייט ער ארום צווישן די אָנמעכטיקע, טראָגט צו א ביסל וואַסער, אַ שטיקל לימענע (קיין מעדיצין איז ניט בנמצא געווען)...

צוויי גוואַרדיסטן טראָגן אַריין אַ זעקס־יעריק טויט קינד. אַ דריקל פון א געצעלט האָט עס דאָס מוחל צעשפּאַלטן. די מוטער האַלט אין איין חלשן, אז ס'איז איר אוממעגלעך צו דערמינטערן.

באַלד קומען אויך אָן די אייַנוואוינער פון דער „קאָמיסאַריאַ“ געגנט. אלע האָבן זיך געזוכט צו שיצן אין דער אדמיניסטראַציע־געביידע. אלע זיינען זיי געווען אָן היטלען, די ווייבער מיט צעשוי־בערטע און צעפּלאָנטערטע האָר, פון וועלכע ס'האָט דאָס וואַסער געקאַפּעט. פילע מיט צעקלאַפּטע אויגן און צעשלאָגענע ציין... אין הויז ווערט שרעקלעך ענג, מ'קען מער ניט אַריין, געפינט מען אַן עצה: די געזינטערע מענער און פרויען שטעלן זיך אינ־דרויסן אויפן רעגן, און די שלאַפע און פאַרוואונדעטע לאָזט מען אריין אינווייניק, אונטערן דאַך.

מיר שטייען לעבן וואַנט. דער רעגן וואַשט אונז, און די קעלט איז שרעקלעך בייז און קריכט אין די געדערים. ס'קומען אָן צוויי ברידער און טראָגן דעם גוף פון זייער טויטער מוטער. אַ צינקענע

בלעך פון אַן אַראָפּגעטראָגענעם דאַך האָט איר אין קאָפּ געטראָפן און דערהרגעט. מען לייגט אַוועק די טויטע, און די פרויען הויבן אויף אַזאַ מוראַדיקע יללה, אַז ס'גרוילט אַזש דאָס לייב.

מיט טאָג גלייך האָט דער רעגן אויפגעהערט.

(פון „דרייסיק יאָר אין אַרגענטינע")



## מ. סמילאַנסקי.

# דער פריילעכער

(אַ בלעטל זכרונות)

חדרה. סוף זומער תרנ"א. דער טויט האָט אויסגעשפּרייט זיינע שוואַרצע פליגל איבער דער קליינער קבוצה, וועלכע וואוינט אינ'ם „חן", און איבער די פון ברעטער-צוזאַמענגעשטעלטע געצעלטן דאָרט אויפן בערגל. מיר האָבן מקבר געווען שוין מער פון אַ מנין. ניטאָ איין געצעלט אָן אַ קראַנקן און פאַראַן געצעלטן, וואו אַלע ליגן קראַנק, און ס'איז נישטאָ, ווער ס'זאָל אַפילו אַ גלאָז וואַסער דערלאַנגען. די געזונטע גייען אויך אַרום ווי די שאָטנס: פון איין זייט בושעוועט דאָס קדחת, און פון דער אַנדערער זייט דריקט קיסריה.

קיסריה שפּילט נאָך אַלץ איר אַלטע היסטאָרישע ראָלע לגבי די אידן. הויבט זיך נאָר אויף אַ פונדאַמענט פון אַ אידיש הויז, קומען סאָלדאַטן פון קיסריה און צעוואַרפן עס; קומען נאָר אָן נייע אידן אין דער קאָלאָניע, קומען באַלד צולויפן סאָלדאַטן פון קיסריה און צעטרייבן זיי. דער ענין „שטר-מכירה" איז נאָך אַלץ אַ פאַרפּלאָנטערטער און ליגט אין די נעגל פון דער מאַכט אין קיסריה. דערווייל גיט מען נאָך אַלץ די געהעריקע בעלי-בתים ניט אַרויס זייער אייגענעם באָדן צום באַאַרבעטן און נאָכצוזען...

מיר האָבן אומגעוואַנדלט ווי די שאָטנס, — און אָט האָט ער זיך באַוויזן צווישן אונז.

וואָס האָט ער דאָ און ווען האָט ער דאָ? קיין נחלה, קיין באָדן, קיין קרוב, קיין גואל, — וואָס-זשע האָט אים געבראַכט צו דעם טאָל פון טויט?

ער איז געקומען ווייל ער האָט געהערט, אַז דער טרויער איז ביי אונז גרויס.

ער האָט אויסגעזען ווי אַ שיין, יונג מיידל: אַ בלאַס און צאַרט פּנים, ליבלעכע בלויע אויגן, קינדערשע תמימותדיקייט און פול מיט געלעכטער. אין זיינע ד׳ אמות קאָנען זיך טרויער און דאגות ניט האַלטן, פאַר אים פאַרשווינדן יסורים. ווען ער לאַכט, לאַכן אַלע מיט אים מיט. פון דער ערשטער מינוט אָן, וואָס ער איז צווישן אונז געקומען, איז ער געוואָרן אַ קוואַל פון פרייד פאַר דער קליי־נער גרופּע.

אומעטום, וואו הילף איז נאָר נויטיק, איז ער דאָ: אין גע־צעלט, וואו אַלע ליגן קראַנק; ביים בעט פון אַ גוסס; צווישן די, וואָס גראָבן אוים אַ קבר; צווישן די, וואָס קומען מנחם־אָבל זיין; מיט די שומרים אין אַ פינצטערער רעגנדיקער נאַכט; אין אַ מסוכנער שליחות איבער פאַנאַנדערגעלאָזענע וואַסערן; אויפן וועג קיין זכרון יעקב צום דאָקטאָר אָדער אין דער מעל־קראָם — אי־בעראַל איז ער דאָ, און וואוהין ער קומט נאָר אָן, גייען מיט אים מיט געלעכטער און פרייד.

גיט ער נאָר אַ שמייכל, ווערט דאָס קדחת פאַר אים דער־ציטערט און לאָזט אָפּ זיין פעסטע האַנט פון דעם אומגליקלעכן; ווען ער דערזעט אים, באַווייזט זיך אַ לייכט שמייכעלע אפילו ביים נוטה למות. זיין געלעכטער פליסט ווי אַ לעבעדיקער קוואַל און דערמוטיקט אַלעמען. ער איז אָנגעפילט מיט ליבע: ליבע צום לעבן, ליבע צו מענטשן — דאָס אַלץ קומט זיך ביי אים צוזאַמען אין אַ גרויסער ליבשאַפט צום לאַנד, אַ ליבשאַפט צום וויסטן, חרובן לאַנד, וואָס בענקט נאָך זיינע קינדער.

פון וואָס לעבט ער? אַ קליין ברויטל פאַר אַ האַלבן בישליק; וואַסער קריגט מען דאָך אומזיסט, און אז ס׳איז ניט גאָר ריין, איז וואָס? נו, וואָס נאָך דאַרף מען דאָס? אַ וואוינונג? זומער־צייט ציט זיך דיר דער הימל אוים פונקט ווי אַ געצעלט, און פאַר די רעגנדיקע טעג איז דאָך דאָ דער „חן״. ער געפינט זיך שוין אַלעמאָל ביי וואָס צו פאַרדינען: אַמאָל ביי דער ערד — מעסט ער, אַמאָל ביי די בנינים, וואָס ווערן געבויט אָדער אַראָפּגעוואָרפן, און אָט עפנט זיך גאָר אַ „בחר״.

ער איז געווען דער ערשטער פּועל אין חדרה.

פון וואַנען איז געקומען דער פּועל? ער דערציילט וועגן אַלץ און אַלעמען, נאָר ניט וועגן זיך אַליין. נאָר איין זאַך ווייסן מיר וועגן אים: ווי אַזוי ער איז אַהער געקומען. מענטשן האָבן דער־ציילט, אַז ער האָט עס געהייצט דעם אויוון אויף דער שיף, מיט וועלכער זיי זיינען געקומען. קיין געלט פאַר אַ שיף־בילעט האָט

ער ניט געהאַט, האָט מען אים דורכגעלאָזט פאַר זיין הייצן דעם אויוון. פון יפו קיין חדרה איז ער שוין צופוס געגאַנגען.

ס'איז שוין פורים תרנ"ב.

אין חדרה זיינען געבליבן נאָר אַ פּאָר יונגעלייט; אייניקע זיינען בעלי-נחלה און אַנדערע — פועלים. דאָס זיינען די איינציקע, וואָס זיינען נאָך געבליבן היטן די פּאָזיציעס. אַלע בעלי-משפחה זיינען זיך צעפאָרן. אייניקע זיינען אַוועק אַהין, פון וואַנען מען קומט שוין ניט צוריק... אַנדערע האָבן זיך אַוועקגעלאָזט קיין יפו, קיין זכרון-יעקב און אין די אַנדערע קאָלאָניעס אין יהודה, ביז דער צאָרן וועט זיך אויסלאָזן. און דאָס קדחת לאָזט אונז, די איבערגעבליבענע, נאָך אַלץ ניט אָפּ. די גזירה פון גרוש — דאָס מאָל אַ גירוש בידי שמים — הענגט נאָך אַלץ איבער אונזערע יונגע קעפּ. די דאָקטוירים און די מומחים אין די ענינים האָבן אונז פאָרויסגעזאָגט זייער אַ שווערן זומער און האָבן אונז געראָטן צו פאַרלאָזן דאָס פּלאַץ ביז באַשטענדיקע הייזער צום וואוינען וועלן אויפגעשטעלט ווערן, ביז די זומפּן וועלן אויסגעטריקנט ווערן, און אַ נייער ברונעם וועט אויפגעגראָבן ווערן... די איבערגעבליבענע יונגעלייט זיינען אַרומגעגאַנגען דערשלאָגן, ווי די זקנים. נאָר ער איינער אַליין איז ניט טרויעריק געווען. איין גאָט ווייסט, וואו ער האָט גענומען ווייסע ליילעכער און האָט אין דעם איינציקן הילצערנעם געצעלט אויפגעשטעלט אַ בימה לכבוד פורים. ער האָט צוגעגרייט קאָסטיומען, האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ גרופּע שפּילער און האָט אויפגעפירט אַ „פאָרשטעלונג".

זיינע „אַנאָנסן" האָבן געגרייכט ביז זכרון-יעקב, און אַזש פון דאָרט איז מען געקומען זען די פאָרשטעלונג אין דער פאַרלאָזענער חדרה.

דאָס איז, דאַכט זיך, געווען דער ערשטער ספּעקטאַקל אין ארץ-ישראל... ער איז אַליין געווען דער רעזשיסאָר, דער אַקטיאָר און דער באַדינער פון פּובליקום. מען האָט דאַן די גאַנצע נאַכט ניט אויפגעהערט לאַכן. ס'האָבן זיך געפרייט און געלאַכט אויך אַזעלכע מענטשן, וואָס דער טויט איז זיי שוין געלעגן אויפגעשריבן אויפן פּנים, און דער יאוש האָט פון זייערע אויגן אַראָפּגעשיינט.

פון יענעם פורים אָן האָב איך אים מער ניט געזען.

דער גרינער פיבער האָט מיך פאַרשיקט פון חדרה. אָנהויב זומער האָבן פון דאָרט געמוזט עוקר זיין אויך די, וואָס זיינען געבליבן אויפן פּלאַץ ביז דער סאַמע לעצטער מינוט. ער איז געווען פון די גאָר לעצטע און איז פאַרשוואונדן.

וואו איז ער?
כ'האָב וועגן אים חוקר ודורש געווען, נאָר קיינער ווייסט ניט וואו ער איז.
אפשר איז דאָס אליהו הנביא געווען, אליהו וואָס קומט גע־וויינלעך ווי א זקן, אלס דער צענטער צום מנין? אפשר האָט ער זיך באַוויזן צווישן די טרויעריקע געמיטער פון חדרה אין גע־שטאַלט פון אַ יונגנמאַן און האָט מיטגעבראַכט טרייסט און גע־לעכטער?
אויב ער איז אַ בשר ודם און לעבט נאָך ערגעץ, אין אמעריקע, אַפריקע אָדער אויסטראַליע — צי ווייסט ער כאָטש, אַז אויף יענעם בערגל, וואו ער האָט להכעים דעם מלאך־המות אויפגעפירט זיין פריילעך שפּיל, איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסע, בליענדיקע קאָלאָניע?

▼ ▼ ▼

י. ל. פּרץ.

# די מעשה פון צוויי ברידער

אויף יענער זייט ים איז געשטאַנען אַמאָל,
אויף הינטערשטע פּיסלעך, אַ הייזל אין טאָל.
געשטאַנען זיך איינפאַך, אָן עזות, אָן שטאָלץ,
אָן פּוצעכץ, אָן צירונג, — פון ליים און פון האָלץ!
אַ פענצטער אַ קליינינקס, נאָר חנעוודיק האָלד!
די זון, זי באַשיט עס טאָג־טעגלעך מיט גאָלד!
לבנה און שטערן
פאַרהאַלטן זיך גערן
און מאָלן מיט זילבער די שויבן.

דאָס האָט דער הימל די ליבע באַלוינט!
עס האָבן אין הייזל צוויי ברידער געוואוינט!
עס האַלטן צוויי הערצער זיך ליבלעך געטריי.
שווער איז די אַרבעט, נאָר ס'אַרבעט זיך פריי;
ווייס איז דאָס מעבל, מיט קלייען דאָס ברויט,
נאָר אַליץ איז בשותפות — די פרייד און די נויט!
עס האָט זיך געלעבט,
די צייט האָט געוועבט
איר לאַנגן, איר כשרן פאָדעם.

נאָר איינמאָל באַוויזט זיך אַ גאַסט אויף דער שוועל,
פול גינגאָלד, שמאַראַגדן, עס פינקלט זיך העל!
די שלאַנג איז געקומען אין גלאַנץ און אין פּראַכט.
דער עלטערער ברודער דערזעט זי און טראַכט:
עס איז אויף דער וועלט דאָך עשירות פאַראַן!
ווען איך האָב אַ שמאַראַגד, איך אָרעמער מאַן, —
כ'פאַרקויף אים, וואָס ניט?
כ'וואָלט אויפן יאַריד
געקויפט מיר צו מעלקן אַ קו!

די שלאַנגען — זיי ווייסן, וואָס ס'טראַכט זיך ביי לייט —
זי ווינקט אים און רופט אים אַוועק אָן אַ זייט,
און זאָגט אים: „אַי, ברודער, וואָלסטו נאָר געוואָלט,
שיטסטו דיר אָן פעסער פול גאָלד,
קרעלן, דיאמאַנטן, ברילי‌אַנטן אַ וועלט
און אַליץ, וואָס מע קען נאָר באַקומען פאַר געלט!
איך מאַך נישט קיין שפּאַס,
איך ווייס גוט דעם סוד,
איך וועל דיר אים זאָגן אין וואַלד!"

די שלאַנג איז אַוועק, און דער אינגערער קלערט:
ווי גאָט האָט זיך יעדן זיין שיינקייט באַשערט!
גיי פרעג אים: דער גלאַנץ און די שיינקייט וואָס טויג?
ביים עלטערן פלאַמט שוין די תאוה אין אויג:
קרעלן, דיאמאַנטן, ברילי‌אַנטן — אַך, גאָט!
זי זאָל נאָר נישט נאַרן און זאָגן דעם סוד!
קוקט ער צום וואַלד
און גנבעט זיך באַלד
פון ברודער אַרויס צו דער שלאַנג.

די זון גייט שוין אונטער, פאַרגאָלדט נאָך דעם זוים
פון וואָלקן אין הימל — און אונטער אַ בוים
זיצן שויןביידע — דער מענטש און די שלאַנג;
זיי זיצן צוזאַמען און שמועסן שוין לאַנג.
ער ציטערט און ווייס נישט — פאַר פרייד, צי פאַר שרעק?
זי וויקלט דאָס האַרץ אים אַרום מיטן עק
און רעדט פון דיאַמאַנטן,
קרעלן, ברילי‌אַנטן:
„אַליץ וועסטו האָבן גאָר גרינג!"

„באַטראַכט נאָר דיין ברודער, דאָס איז דאָך אַ קוואַל
פון קרעלן, בריליאַנטן, דיאַמאַנטן און גליק!
עס טרעפט זיך: ער אַרבעט, און וואונדערלעך הייס
ווערט אים, דער שטערן באַדעקט זיך מיט שווייס,
עס טריפן די טראָפּן!... ער ווישט מיט דער האַנט...
לאָז ניט! דער טראָפּן דאָס איז אַ דיאַמאַנט!
נאָר אַרבעטן הייס,
קלייב אויף דעם שווייס!
שיטסטו אָן פּעסער דיאַמאַנטן!"

„עס טרעפט און אים פאַלט פון די ברעמען אַ טרער;
מיינסטו, דו נאַר, עס איז וואַסער, נישט מער,
און טרייסט אים, און האַלזט אים, דו האַלטסט עס ניט אויס,
און קושסט אים די טרערן פון די אויגן אַרויס!
פאַרשווענדסט דיין פאַרמעגן, דו נאַרישער קאָפּ!
לאָז וויינען, לאָז טריפן און קלייב יעדן טראָפּ!
אַ טרער, האָב פאַרשטאַנד,
דאָס איז אַ בריליאַנט, —
רייך וועסטו זיין, ווי אַ קעניג!"

„דערנאָך — האָט דיין ברודער אַן איידעלע פעל,
אַ שטאָך מיט אַ נאָדל — דו האָסט שוין אַ קרעל!
בלוט — זאָגסטו — איז דאָס, בלוט — זאָגסטו — אַ קאַפּ?
דו נאַר! עס איז קרעלן, דו צאַפּ נאָר און צאַפּ!
זאָל ער נאָר בלוטן און בלוטן נישט קאַרג!
אָנשיטן וועסטו שוין קרעלן אַ באַרג!
דו זיי ניט קיין נאַר,
דו ווער נאָר דער האַר,
ביסט שטאַרקער און ווייסט שוין דעם סוד".

די ליפּן פאַרביסן, די פויסטן געבאַלט,
גייט שוין דער עלטערער ברודער פון וואַלד,
די אויגן, זיי ברענען און זוימען זיך שוואַרץ,
דאָך צאַפּלט די ליבע צום ברודער אין האַרץ.
ער טרייסט זיך: „איך וועל דאָך נאָר מאַכן אַ פּרואוו,
אַ שטאָך וועל איך געבן, אַ קליינעם, ניט טיף;
מיין ברודער? איך ווייס!
נאָר טרערן און שווייס
זיינען דאָך, הערסטו, בריליאַנטן!"

עס הערט די לבנה נאָך די אייגענע נאַכט,
ווי מען האָט אינ'ם שטיבל געוויינט און געלאַכט;
עס קוקן די שטערן אין פענצטער אַריין:
ווי לאַכט עס אַ ברודער פון דעם ברודערס געוויין?!
די זון האָט צומאָרגנס געוואונדערט זיך שטאַרק,
ווי שלאָגט עס אַ ברודער דעם צווייטן אין קאַרק?
פארוואונדערט איז אויך
דער וואַלד און דער טייך:
וואָס איז דאָ אין שטיבל געשען?

און עס איז געקומען אויף ביידע גאָטס שטראָף!
דאָס גליק איז פאַרשוואונדן, עס ווייכט זיי דער שלאָף,
ניטאָ מער די ליבע, דער פרידן אַוועק! —
דער שלאָפט ניט פאַר ווייטיק, דער צווייטער—פאַר שרעק;
דער שרייט: ס'איז מיין עשירות, מיין רייכטום, מיין גוט!
און יענער: ס'איז טרערן, מיין שוויס און מיין בלוט!
דער וואָלף און דאָס לאַם!
אויף יענער זייט ים
פליסט שוין אומשולדיקעס בלוט.



דאָמיער: דער אויפשטאַנד

י. ראָזנפעלד.

# אין קעלער

ווינטער צוויי אַ זייגער. הויבט זיך אָן פון די ווינקלען ארויס צו רוקן די נאכט, — די נאכט, וועלכע זיצט דאָרטן כסדר און קוקט מיט גדלות אויפן טאָג, וואָס קאָן צו איר ניט צוקומען. די ווייס־פארפרוירענע פענצ־טער, וועלכע שטייען טיף אין דער ערד, ווערן טונקעלער און טונקעלער; די נאכט וואקסט אין קעלער, קריכט ארויס ווי פון דער מוראדיקער מינע, וואָס אין דער לינקער זייט, דאָרט וואו עס ענדיקט זיך דער קעלער, קריכט אויף די מענטשן, אויף די ווארשטאטן, אויף די העלצער, אויף די שפּענד־לעך און מאכט פון אלץ נאכט...

— איך זע שוין ניט ווי צו ארבעטן, — הערט זיך אַ קול.

— איך זע שוין אויך ניט.

— איך אויך ניט.

— מ'דאַרף אָנצינדן אַ לאָמפּ!

— אין דרויסן איז נאָך האלבער טאָג...

— אָבער דאָ איז דאָך שוין פינצטער...

— דאָ וואָלט באַדאַרפט ברענען אַ גאנצן טאָג אַ לאָמפּ. אַ גאנצן טאָג איז דאָ פינצטער.

— אַ גאנצן טאָג איז דאָ נאכט.

אלע ווארפן זיך איבער מיט קורצע פראזן, אלע רעדן ווי ברוגזע. אין יעדן טאָן פילט זיך אַ ווייטיק, אַ פארדרוס, קיינער וויל ניט פארכאַפּן אַזוי פרי די נאכט. און כאָטש זיי זעען שוין ניט ווי צו ארבעטן, דאָך מאַ־טערן זיי זיך מיט אלע כוחות, האלטן איינגעגראָבן די אויגן אין די שטיקער העלצער, ארבעטן אָפּ נאָך עטלעכע מינוט און כאַפּן אַ קוק אין דרויסן ארויס און הויבן אָן ווידער צו רעדן, אז דאָ איז פינצטער...

יאָסע זיצט שוין אויפן ווארשטאט, ער זעט שוין לאַנג ניט ווי צו ארבעטן; ער מוטשעט זיך אַ גאנצן טאָג, ער וואָלט געוואָלט אַ גאנצן טאָג זאָל ברענען אַ לאָמפּ. ער זיצט און שוויגט, — רירט ניט מיט קיין אבר, און עס דאכט זיך, אז דאָרטן זיצט אַ שטיק נאכט און פירט מיטן קעלער אַ געהיימען געשפּרעך...

— נפתלי, — רופט זיך עמיצער אָפּ — וויפל וואָלסטו געוואָלט, אז דו זאָלסט איצט אַראָפּגיין אין מינע אַראָפּ?

— ווער, איך?... אפילו פאַר קיין הונדערטער ניט.

כאַטש בייטאָג איז דאָרטן ניט ליכטיקער ווי ביינאַכט, דאָך וויל נפתלי בייטאָג ניט מער ווי פינפאונצוואַנציק רובל.

עס אַרבעט שוין איצט קיינער ניט, אַלע זיצן אויף די וואַרשטאַטן, קיין מענטשן זעט מען ניט, נאָר שוואַרצע שטיקער, וועלכע טיילן זיך אָפּ פון דער פינצטערקייט.

— נו, וואָס וועט זיין? ער וועט באַלד אַריינקומען און מיר זיצן צעזעצט אויף די וואַרשטאַטן.

— מ׳דאַרף אָנצינדן דעם לאָמפּ.

אָפּגעאַרבעט אַ שעה אָנדערטהאַלבן ביים לאָמפּ, כאַפּט נפתלי אַרויס זיין קליין ניקל זייגערל פון זשילעט־קעשענע, און ווי ער וואָלט ניט געגלויבט זיינע אויגן, קוקט ער אַ מינוט צייט און שרייט ענדלעך פאַרדראָסיק אויס: טפו זאָל דאָס ווערן, גייט עס ניט איינגעהאַלטן?

— וויפל? — פרעגן אַלע, אויסגלאָצנדיק די אויגן, און וואַרטן אויף אַן ענטפער.

נאָר ער ענטפערט ניט באַלד און קוקט נאָך אַלץ אויפן ציפערבלאַט און זאָגט קוים אַרויס מיט אַ גאַנץ שטילן קול: ערשט האַלב פינף?

— האַלב פינף? — פרעגן אַלע איבער דערשטוינט.

— ס׳זאָל ערשט זיין ניט מער ווי האַלב פינף? — פרעגט איינער דעם צווייטן.

— ניין, עס איז ניט מעגלעך.

— עס קאָן ניט זיין אין דער וועלט.

— עס דאַרף שוין זיין שפּעטער...

זיי קאָנען ניט גלויבן, אַז איצט זאָל מער ניט זיין ווי האַלב פינף. זיי דוכט זיך, אַז זיי אַרבעטן שוין לאַנג ביי אַ לאָמפּ, זיי קאָנען גאָר אַליין ניט משער זיין זיך וויפל. די הערצער ווערן ביי אַלעמען שווער און טרויעריק, ווי מען וואָלט זיי אָנגעזאָגט די ערגסטע בשורות, און די אַרבעט ווערט ביי זיי נאָך שווערער, נמאסער. אַלעמען גלוסט זיך אַנטלויפן וואָס גיכער, אַנטלויפן פון דאַנען, אַנטלויפן ערגעץ ווייט, ווייט...

— הערסטו, דיין זייגער גייט איינגעהאַלטן.

— אַ ציבעלע — ניט קיין זייגער, — שרייט נחומצע פאַרדראָסיק.

— דער זייגער דיינער איז אַ ליגנער, אַזוי ווי דו, — שרייט זעליק.

נפתלי שטייט ווי אַ שולדיקער און קוקט טרויעריק אויף זיין אומגליקלעך זייגערל, ווי מען מאַכט דאָס צו שאַנד און צו שפּאָט. ער קוקט דערויף, ווי ער וואָלט זיך מיישב געווען, אַריינצולייגן עס אין קעשענע, אָדער ער זאָל עס אַוועקוואַרפן.

מיט אַ מאָל לויפט נחומצע צו, גיט אַ ריס ביי אים דאָס זייגערל.

ער כאַפּט אַ קוק דערויף, לייגט דערנאָך צו זיין אויער און הערט זיך איין צי עס גייט. די אויגן זיינע שטייען עטלעכע סעקונדן ווי פאַרגליווערטע.

— ס׳גייט?

— דאָס זייגערל גייט?

— ס׳שטייט?

— דאָס זייגערל שטייט?

נחומצע ענטפערט ניט, פונקט ווי ניט אים פרעגט מען. ער גיט ווידער אַ קוק אויפן ציפערבלאַט, גיט ווידער אַ לייג צו צום אויער, און אים דוכט זיך, אַז דאָס זייגערל קלאַפּט שוואַך... ווערט ער עפּעס אויפ־געמונטערט... אפשר גייט דאָס פּאַמעלעך?... און ס׳קאָן שוין זיין אַ סך מער?... ענדלעך גיט ער אים אָפּ, שווייגנדיק, דאָס זייגערל, לאָזט זיך פּאַמעלעך מיט אַן איינגעהאַלטענעם גערדריקטן כעס צום וואַרשטאַט און נעמט זיך פויל אַרבעטן.

די שטילקייט ווערט נאָך געדיכטער, נאָך דריקנדער. אַלץ שווייגט, פונקט ווי עס איז באַשוואוירן צו שווייגן און הערט זיך איין אין דער שטילקייט. און די שטילקייט הערט זיך איין אין דער שווייגעניש... און שווייגנדיק רעדט זיך עפּעס... עס פילט זיך אַ לשון, אַ שווייגנדיק לשון, אַ לשון, וואָס מען קאָן נאָר פילן...

— עפּעס מיין וואַרשטאַט מאַכט מיט מיר היינט אויך שטיק, — דערהערט זיך נחומצעס קול.

— מיינער אויך, — ענטפערט אַ צווייטער.

זיי שטעלן אָפּ די וואַרשטאַטן, באַקוקן זיי, באַטראַכטן זיי, שמירן אָן און אַרבעטן ווייטער. עס ווערט ווידער שטיל, אַלע שטייען פאַרזונקען אין טרויעריקע געדאַנקען, וואָס וועבן זיך, ווי מיט אַ שוואַרצער געהיימער האַנט. איינער פאַרגעסט אָן צווייטן, יעדערער פילט זיך איינזאַם, עלנד, אַליין אין אַ קעלער, אין אַ באַזונדער גרויסן קעלער, אַרום און אַרום מיט מינעס, מיט געהיימע טירלעך... און די מינע רוימט איין שוואַרצע סודות מיט איר גרויסן שוואַרצן פּיסק... און אַלע ווינקעלעך שטייען און שווייגן, און די העלצעלעך, וועלכע ליגן דאָרטן אין די ווינקלען און ווערן שוואַך באַלויכטן פונ׳ם לאָמפּ, ליגן אין אַ טיפן דרעמל. די ווענט שטייען און קוקן ווי ברוגז איינע אויף די אַנדערע, און דער קויטיקער סופיט קוקט אַראָפּ אויף דער שוואַרצער פּאָדלאָגע, און גראָבע שפּינוועבס הוידן זיך הין און צוריק.

— נפתלי, גיב, זיי מוחל, אַ קוק אויפן זייגער, — בעט זיך יאָסע.

— אַ פערטל אויף זיבן, — ענטפערט נפתלי.

— ערשט אַ פערטל אויף זיבן?

— עס זאָל מער ניט זיין ווי אַ פערטל אויף זיבן? — וואונדערן זיך אַלע.

ווידער נעמען זיי זיך אַרבעטן און יעדערער באַזונדער וואַרפט אַרויס מאָדנע שטיק פון אומגעדולד, איינער קלאַפּט מיט דעם טריט, אַ צווייטער רייסט מיט אַלע כוחות דאָס שטיק האָלץ מיטן געצייג, אַ דריטער — שילט... און באַלד ווערט שטיל ווי נאָך אַ שטורמווינט; עס הערט זיך דאָס טאַקען און דער גאַנג פון די וואַרשטאַטן, און דער קעלער שטייט און שלינגט דעם רעש אין זיינע גרויסע אויערן. אַט צעקוויטשעט זיך ביי עמיצן אויפן וואַרשטאַט אַ העלצל, עס ווײַנט מיט אַ יאָמערלעכן געוויין, אַט פאַרגייט זיך עס, אַט־אַט לאָזט עס אויס די לעצטע כוחות, פאַרטיק...

— נפתלי, וויפל איז דער זייגער? — פרעגט ווידער עמיצער.

— זיבן, — ענטפערט נפתלי, און צולייגנדיק דאָס זייגערל צום אויער, שרייט ער פריילעך אויס: דאָס זייגערל שטייט! ס׳שטייט!

— וואָס דען! — שרייען אַלע אויס פאַרדראָסיק און דאָך פריילעך — ערשט זיבן אַ זייגער? איך האָב פריער געהערט, ווי דאָס זייגערל קוים וואָס עס איז געקראָכן, — ענדיקט נחומצע.

— ס׳איז שוין געווים ניין דער זייגער.

— געווים!

— מעגסט שוין דיין זייגערל אויסבייטן אויף אַ נייעם.

— אוודאי, וואָס דען? אז מען פאַרלאָזט זיך אויף אַ ציבעלע.

אַלע כאַפּן זיך אין איילעניש אָנצוטאָן, גאָר דאָ עפנט זיך די טיר, און דער באַלעבאָס באַווייזט זיך אין אַ גראָבן טולופּ.

— וואוהין איז? — פרעגט ער פאַרוואונדערט.

— וואָס הייסט וואוהין?... אהיים! — ענטפערן זיי אים.

— וואָס הייסט אהיים!... משוגע... וואָס איז די גדולה מיט אייך?...

ער כאַפּט דערביי אַרויס דאָס זייגערל פון זשילעט־קעשענע, גיט אַ קוק: משוגע זיינען אייערע קעפּ? אַ פערטל אויף אכט אהיים?

— אַ פערטל אויף אכט???

— נאַט, גיט אַ קוק... נאַ דיר גאָר אהיים שוין!

אַלע זיינען געבליבן שטיין מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, און נאָך אַ פּאָר מינוט אַזוי שטיין אין פאַרצווייפלונג האָבן זיי זיך געלאָזט גיין צוריק צו די וואַרשטאַטן מיט פּאַמעלעכע טריט, ווי מען גייט נאָך אַ טויטן, און האָבן זיך געשטעלט צו דער אַרבעט.



מאַני לייב.

# אַ וויג־ליד

איילי ליו־ליו, נאַכט און רעגן,
איילי ליו־ליו, נאַכט און ווינט.
אין דער נאַכט און אין דעם רעגן,
אין דער נאַכט און אין דעם ווינט,
גייען מענטשן אויף די וועגן,
נאַס און הונגעריק ווי הינט,
און פאַרוואָגלטע ווי הינט.

איילי ליו־ליו, נאַכט און רעגן,
איילי ליו־ליו, נאַכט און ווינט,
ליולינקע מיין קינד!

און וואוהין די מענטשן גייען —
ווייס די נאַכט און ווייס דער ווינט.
אָן געוויין און אָן געשרייען
אין דער נאַכט און אין דעם ווינט,
גייען זיי אין שוואַרצע רייען
נאַס און הונגעריק ווי הינט,
און געטריבענע ווי הינט.

איילי ליו־ליו, נאַכט און רעגן,
איילי ליו־ליו, נאַכט און ווינט,
ליולינקע מיין קינד!

ראַבינדראַנאַט טאַגאָר.

# אויפן אָפענעם וועג

„מיין האַר!” האָט דער דינער געמאָלדן דעם קעניג, „דער הייליקער נאַראָטטאַם האָט נאָך קיין איין מאָל ניט באַוויליקט צו באַטרעטן דיין קעניגלעך געבעט־הויז.

„ער זינגט די לויב פון גאָט אונטער די בוימער אויפן אָפענעם וועג. דיין טעמפּל איז ליידיק פון מתפּללים.

„זיי זאַמלען זיך אַרום אים, אַזוי ווי די בינען אַרום דעם ווייסן לאָטוס, און דעם גאָלדענעם קרוג פון האָניק לאָזן זיי אומבאַמערקט.”

דער קעניג, מיט אַ האַרץ פול פאַרדרוס, איז געגאַנגען צום אָרט, וואו נאַראָטטאַם איז געזעסן אין גראָז.

ער האָט אים געפרעגט: „פאָטער, פאַרוואָס טוסטו פאַרלאָזן מיין טעמפּל מיט דעם גאָלדענעם קופּל און זיצסט אין שטויב אויסנווייניק צו פריידיקן די ליבע פון גאָט?”

„ווייל גאָט איז נישט דאָרט אין דיין טעמפּל”, האָט נאַראָטטאַם געזאָגט.

דער קעניג האָט מיט אַ טריבן געמיט געזאָגט: „צי ווייסטו, אַז צוואַנציק מיליאָן גאָלד האָט געקאָסט אויפצובויען דעם דאָזיקן וואונדער פון קונסט, און ער איז געהייליקט געוואָרן פאַר גאָט מיט קאָסטבאַרע צערעמאָניעם?”

„יאָ, איך ווייס דאָס”, האָט געענטפערט נאַראָטטאַם. „דאָס איז געווען אין יענעם יאָר, ווען טויזנטער פון דיין פאָלק, וואָס זייערע הייזער האָבן אָפּגעברענט, זיינען אומזיסט געשטאַנען פאַר דיין טיר און געבעטן הילף.

און גאָט האָט געזאָגט: „אָט דער נישטיקער מענטש, וואָס קאָן נישט אַ דאַך זיינע ברידער געבן, ער וויל בויען מיין הויז!"

„און ער האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ צווישן די שוצ־לאָזע, אונטער די בוימער ביים שליאַך.

„און יענער גאָלדענער זייפנבלאָז איז ליידיק, אָן גאָרנית, אַ חוץ די הייסע פאַרע פון גאַווה."

דער קעניג האָט אויסגעשריען מיט צאָרן: „פאַר־לאָז מיין לאַנד."

רואיק האָט געזאָגט דער הייליקער: „יאָ, פאַרטרייב מיך אַהין, וואו דו האָסט פאַרטריבן מיין גאָט."



מ. גאָרקי.

# סימפּלאָן

אַ בלוי, שטיל טייכל אין אַ טיפן ראָם פון בערג, באַדעקט מיט אייביקן שניי; טונקעלער שפּיצן־געוועב פון סעדער לאָזט זיך אַראָפּ אין פּראַכטיקע פאַלדן צום וואַסער; פון ברעג בוקן זיך אין וואַסער ווייסע הייזער, ס'דאַכט זיך, זיי זיינען פון צוקער געבויט. — און אַלץ אַרום איז ענלעך צו אַ שטילן חלום פון אַ קינד.

באַגינען, פון די בערג ציט זיך צערטלעך דער בלומען־גערוך; נאָר־וואָס איז די זון אויפגעגאַנגען און אויף די בלעטער פון די בוימער, אויף די שטענגלעך פון'ם גראָז שימערט נאָך דער טוי. די גרויסע סטענגע פון'ם וועג ליגט אין שטילן שפּאַלט פון די בערג. דער וועג איז געברוקירט מיט שטיין, נאָר ער זעט אויס ווייך, ווי אַ סאַמעט, און עפּעס גלוסט זיך אים אַ גלעט צו געבן מיט דער האַנט.

לעבן אַ הויפן געהאַקטע שטיינדלעך זיצט אַן אַרבעטער, שוואַרץ ווי אַ זשוק; אויף דער ברוסט טראָגט ער אַ מעדאַל. דאָס פּנים איז ערנסט, דרייסט און צערטלעך.

די בראָנזענע הענט אויף די קני, עטוואָס אויפגעהויבן דעם קאָפּ, קוקט ער אין פּנים אַריין דעם דורכגייער, וואָס שטייט אונטערן קאַשטאַ־נענבוים, און זאָגט אים:

— דאָס איז פאַר סימפּלאָן, סיניאָר! דאָס איז אַ מעדאַל פאַר דער אַרבעט אין סימפּלאָנער טונעל. — און אַראָפּגעלאָזן די אויגן אויף דער ברוסט, שמייכלט ער ווייך צום שיינעם שטיקל מעטאַל.

— יעדע אַרבעט איז שווער נאָר ביז אַ צייט, ביז מען באַקומט זי ליב, און דערנאָך מונטערט זי אויף און ווערט גרינגער; דאָך — יאָ, אַן אַרבעט געווען!

ער האָט שטיל אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, שמייכלענדיק צו דער זון. פּלוצים איז ער אויפגעמונטערט געוואָרן, אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, די שוואַרצע אויגן האָבן אים אויפגעפינקלט.

— צייטנווייז איז אַפילו געווען אַן אימה.

די ערד דאַרף דאָך אויך עפּעס פילן — ניט אַזוי? בעת מיר זיינען אַריין אין איר טיף, דורכשניידנדיק אין באַרג אָט די וואונד — האָט די ערד אונז דאָרט אינווייניק באַגעגנט שטרענג. זי האָט געאָטעמט אויף אונז מיט אַ הייסן אָטעם, דערפון פלעגט דאָס האַרץ ווערן פאַרשמאַכט, דער קאָפּ — שווער, און ס'האָבן ווי געטאָן די ביינער...

אַ סך האָבן עס פאַרזוכט!... דערנאָך פלעגט זי אַראָפּוואַרפן אויף די מענטשן שטיינער, אָפּגיסן אונז מיט זודיק וואַסער. יאָ... מוראָדיק געווען! וואָרום אָפטמאָל, פאַרן פייער פלעגט דאָס וואַסער ווערן רויט, און דער פאָטער מיינער פלעגט מיר זאָגן: פאַרוואונדעט האָבן מיר די ערד, און דערטרינקען וועט זי אונז, פאַרברענען אַלעמען מיט איר בלוט, ועסט זען! אַוודאי איז עס אַ פאַנטאַזיע, נאָר אַז דו הערסט אַזעלכע ווערטער טיף אין דער ערד, אין פייכטן שטיקנדיקן פינצטער, וואו דאָס וואַסער פאַלט מיט אַ כליופּן און אייזן קריצט אָן שטיין, פאַרגעסטו אַביסל אָן פאַנטאַזיעס. און דאָרטן איז אַלץ געווען פאַנטאַסטיש, טייערער סיניאָר: מיר מענטשן, אַזעלכע קליינינקע — און ער, אָט דער באַרג — ביזן הימל, דער באַרג, וועלכן מיר האָבן דעם בויך געבויערט.

דאָס דאַרף מען זען, כדי צו באַגרייפן. מע דאַרף זען דעם שוואַרצשלונג, וואָס מיר האָבן דורכגעשניטן, די קליינע מענטשלעך, וואָס גייען אַריין אין אים באַגינען, ביים זונאויפגאַנג, און זי קוקט, די זון, טרויעריק נאָך די, וואָס גייען פון איר אַוועק אין אינגעווייד פון דער ערד; מען דאַרף זען אונזערע מאַשינעס און די חושכדיקע מראה פונ'ם באַרג און הערן דעם פינצטערן געהילך טיף אין באַרג און די אויפרייסן, נאָר ווי אַ געלעכטער פון אַ משוגענעם.

ער האָט באַקוקט זיינע הענט, פאַרריכט דעם זשעטאָן אויף דער בלויער קורטקע און האָט שטיל אַ זיפץ געטאָן.

— דער מענטש קאָן אַרבעטן! — האָט ער ווייטער גערעדט מיט אַן אָפענעם שטאָלץ.

— אָ, סיניאָר, דאָס קליינע מענטשעלע, ווײל ער נאָר ארבעטן, איז ער אַ כוח ניט צו באזיגן. און גלויבט: סוף־כל־סוף וועט דאָס קליינע מענטשעלע אָפּטאָן אַלץ, וואָס ער וויל. מיין פאָטער האָט אָן דעם פון אַנהויב ניט געגלויבט.

— אדורכשניידן דעם בארג אויף דורך און דורך פון איין לאַנד אין צווייטן, — האָט ער געזאָגט — דאָס איז קעגן גאָט, וועלכער האָט די ערד צעטיילט מיט ווענט פון בערג. איר וועט זען, די מאַדאָנע וועט זיין ניט מיט אונז! — ער האָט אַ טעות געהאַט, דער אַלטער. שפּעטער האָט דער פאָטער אויך אָנגעהויבן טראַכטן כמעט אָט אזוי, ווי איך זאָג אייך, ווייל ער האָט זיך דערפילט העכער, שטאַרקער פאַרן בארג; נאָר ס'איז געווען אַ צייט, ווען אין אַ יום־טוב, זיצנדיק ביים טיש פאַר אַ פלאַש וויין, פלעגט ער טענהן צו מיר און צו אַנדערע:

— גאָטס קינדער, — דאָס איז געווען זיין באַליבט ווערטל, ווייל ער איז געווען אַ גוטער און אַ גאָטספאַרכטיקער מענטש — גאָטס קינדער, אזוי טאָר מען זיך מיט דער ערד ניט באַגיין; זי וועט זיך נוקם זיין פאַר אירע וואונדן און זי וועט בלייבן אומבאַזיגט! אָט וועט איר זען: מיר וועלן דורכבויערן דעם בארג ביזן האַרצן, און אַז מיר וועלן זיך אָן האַרצן אָנרירן, וועט עס אונז פאַרברענען, וועט עס אויף אונז וואַרפן מיט פייער, ווייל דאָס האַרץ פון דער ערד איז אַ פייערדיקס, דאָס ווייסן אַלע! באַ־אַרבעטן די ערד, דאָס יאָ; העלפן איר געבוירן — דאָס איז אונז געבאָטן; מיר אָבער צעשעדיקן איר פּנים, איר געשטאַלט. זעט נאָר: וואָס ווייטער מיר רייסן זיך אריין אין בארג, אַלץ היציקער איז די לופט און ס'איז שווערער צו אָטעמען.

דער מענטש האָט זיך שטילינקערהייט צעלאַכט, קרייזלענדיק די וואָנצעס מיט די פינגער פוןביידע הענט.

— ניט ער איינער האָט אזוי געטראַכט; און ס'איז געווען אמת. וואָס ווייטער, איז אין טונעל געוואָרן אַלץ הייסער, אַלץ מער מענטשן האָבן געקרענקט און זיינען געפאַלן אין דער ערד, און אַלץ שטאַרקער האָבן געפלאָסן הייסע קוואַלן; ס'האָט זיך געשאָטן די האַרטע שטיין־ערד, און צוויי אונזעריקע פון לאַגאַנאָ זיינען אַראָפּ פון זינען. און ביינאַכט אין קאַזאַרמע פלעגן אַ סך רעדן פון היץ, קרעכצן און אויפשפּרינגען פון די בעטן אין אימה...

— בין איך ניט גערעכט? — פלעגט זאָגן דער פאָטער, מיט שרעק אין די אויגן, הוסטנדיק אַלץ אָפטער און פאַרשטיקטער... יאָ, בין איך ניט גערעכט? — פלעגט ער זאָגן — דאָס קען מען ניט גובר זיין! ס'איז די ערד!

און לסוף — האָט ער זיך אוועקגעלייגט, שוין קיינמאָל ניט אויפֿצושטיין. ער איז געווען אַ שטאַרקער, מיין אַלטער, מער ווי דריי וואָכן האָט ער זיך געראַנגלט מיטן מלאך־המות און אַזוי איינגעשפּאַרט, זיך ניט געקלאָגט, ווי אַ מענטש, וואָס ווייסט זיין ווערט.

— מיין אַרבעט איז געענדיקט, פּאַאָלאָ, — האָט ער מיר איינמאָל ביינאַכט געזאָגט — שאַנעווע זיך און קער זיך אום אַהיים, זאָל די מאַדאָנע זיין מיט דיינע טריט... — דערנאָך האָט ער לאַנג געשוויגן, פֿאַרמאַכט די אויגן, זיך געשטיקט מיטן אָטעם.

דער מענטש האָט זיך אוועקגעשטעלט, האָט באַקוקט די בערג און געטאָן זיך אַ צי אויס מיט אַזאַ כוח, אַז ס'האָט געגעבן אַ קנאַק.

ער האָט מיך פֿאַר דער האַנט גענומען, צוגעצויגן צו זיך און געזאָגט:

— ס'איז אַ הייליקער אמת, סיניאָר!

דער מענטש האָט ליכטיק אַ שמייכל געטאָן.

— דו ווייסט, פּאַאָלאָ, מיין זון, — האָט ער געזאָגט — איך מיין פֿונדעסטוועגן, אַז דאָס וועט אויסגעפֿירט ווערן: מיר, און די, וואָס גייען פֿון דער צווייטער זייט, וועלן געפֿינען איינע די אַנדערע אין באַרג, מיר וועלן זיך באַגעגענען. דו גלויבסט אין דעם?

— כ'גלויב.

— גוט, זון מיינער! אַזוי דאַרף זיין! אַלץ דאַרף מען טאָן מיט גלויבן אין אַ גליקלעכן סוף. איך בעט דיך, זון, אויב דאָס וועט געשען, אויב די מענטשן וועלן זיך צונויפֿגיין — קום צו מיר אויפֿן קבר און זאָג: טאַטע, פֿאַרטיק! — איך זאָל וויסן.

— דאָס איז געווען שיין, טייערער סיניאָר, און איך האָב אים צוגעזאָגט. ער איז געשטאָרבן אין פֿינף טעג אַרום נאָך די ווערטער, און צוויי טעג פֿאַר זיין טויט האָט ער געבעטן מיך און אַנדערע, מע זאָל אים באַהאַלטן דאָרטן, אויף דעם אָרט, וואו ער האָט געאַרבעט, אין טונעל. ער האָט זייער געבעטן, נאָר דאָס האָט ער שוין געדערט פֿון היץ, מיין איך...

מיר, און די, וואָס זיינען געגאַנגען פֿון יענער זייט, האָבן זיך באַגעגנט אין באַרג אין דרייצן וואָכן אַרום נאָכן פֿאָטערס טויט.

דאָס איז געווען אַ משוגענער טאָג, סיניאָר! אָ, אַז מיר האָבן דערהערט דאָרטן, אונטער דער ערד, אינ'ם חושך — אַ טומל פֿון דער צווייטער זייט, אַ גערויש פֿון מענטשן, וועלכע גייען אונדז אַנטקעגן אונטער דער ערד. נעמט נאָר אויפֿן זינען, סיניאָר: אונטער אַ גוואַלטיקער מאַסע פֿון דער ערד, וועלכע וואָלט געקאָנט, ווען זי וואָלט נאָר קאָנען, צעקוועטשן אונדז קליינינקע, אַלע מיטאַמאָל!

פיל טעג האָבן מיר געהערט אָט די קלאַנגען, אַזעלכע הילכיקע, מיט יעדן טאָג זיינען זיי געוואָרן פאַרשטענדלעכער, דייטלעכער, און אונז, פלעגט ארומכאַפּן אַזאַ ווילדע פרייד פון זיגער. מיר האָבן געאַרבעט ווי שדים, ווי די רוחות, ניט פילנדיק קיין מידקייט, ניט פאָדערנדיק קיין אָנווייזונג — דאָס איז געווען אַזוי גוט, ווי אַ טאַנץ אין אַ זוניקן טאָג, ערן וואָרט! און אַלע זיינען מיר געוואָרן מילד און גוט, ווי נאָר קינדער קאָנען זיין. אַך, ווען איר וואָלט וויסן, ווי שטאַרק, ווי אומגעהויער איז דער באַגער צו באַגעגענען אַ מענטשן אין דער פינצטער, אונטער דער ערד, וואו דו האָסט, ווי אַ מוילוואָרף, זיך אריינגעגראָבן לאַנגע חדשים!

ער האָט זיך אינגאַנצן אָנגעצונדן, צוגעגאַנגען הארט צום צוהערער און, אריינקוקנדיק אים אין די אויגן אריין מיט זיינע טיפע מענטשלעכע אויגן, האָט ער שטיל און פריידיק וויטער גערעדט:

— און ווען ס'איז ענדלעך איינגעפאַלן דער לעצטער שיכט פון דער באַרג־מאַסע, און אין אַ לאָך האָט אַ שיין געטאָן אַ רויטער פייער אין עמיצנס אַ שוואַרצער פּנים, באַגאָסן מיט שוויים און טרערן פון פרייד, און נאָך פייערן און נאָך פּנימער, און ס'האָבן אַ דונער געטאָן געשרייען פון ניצחון, פרייד־געשרייען — אָ, דאָס איז דער בעסטער טאָג אין מיין לעבן און, אַז איך דערמאָן זיך אָן אים, פיל איך — ניין, ניט אומזיסט האָב איך געלעבט!

ס'איז געווען אַן אַרבעט, מיינע אַן אַרבעט, אַ הייליקע אַרבעט, זאָג איך אייך, סיניאָר, יאָ! און אַז מיר זיינען אַרויסגעגאַנגען פון אונטער דער ערד אויף דער זון, האָבן אַ סך זיך געלייגט אויף דער ערד מיטן ברוסט, זיך געקושט און געוויינט — און דאָס איז געווען אַזוי שיין, ווי אַ מעשה שיין!

יאָ, מען האָט געקושט דעם באַזיגטן באַרג, געקושט די ערד — אין יענעם טאָג איז זי מיר באַזונדערס נאָענט און צום האַרצן געוואָרן, סיניאָר, און ליב געקראָגן האָב איך זי, ווי אַ מאַמע.

אוודאי בין איך צום פאָטער געגאַנגען. אָ, יאָ! אוודאי... כאָטש איך ווייס, אַז טויטע קאָנען ניט הערן, נאָר איך בין געגאַנגען: מע דאַרף טייער האַלטן דעם ווילן פון די, וואָס האָבן אונז געהאָדעוועט, און האָבן ניט ווייניקער, ווי מיר, געליטן — ניט אַזוי?

איך בין אַוועק צו אים אויפן קבר, אַ קלאַפּ געטאָן מיטן פוס אָן דער ערד און געזאָגט, ווי ער האָט פאַרלאַנגט:

— טאַטע, פאַרטיק! — האָב איך געזאָגט — די מענטשן האָבן געזיגט!

י. ל. פרץ.

# ביים פאַקיר

צו אַ פאַקיר קומט אַריין אַ מענטש, וואָס לאָזט זיך זייער שווערליך באַשרייבן: באָרוועס, מיט אַלט-צעריסענע קליידער אויפֿן דאַרן לייב, און דאָך איז יעדע באַוועגונג זיכער, כמעט שטאָלץ. די גערונצלטע פאַרמעט-הויט אויפֿן געזיכט זאָגט, אַז ער איז אַלט, זייער אַלט, און דער בליק פון גרויסע, שוואַרצע אויגן איז שטרענג און פול קראַפט פון אַ יונגן מאַן. די ליפּן בלוילעך און צעפּלאַצט, און ביי די ווינקלען פון שמאָלן מויל בלאָנדזשעט דאָך אַ שמייכל פון בענקשאַפט, איראָניע און גוטסקייט צוזאַמען.

דער פאַקיר שטייט אויף און גייט אים אַנטקעגן, וואָס ער טוט זעלטן פאַר רייכע און גרויסע לייט.

— איך האָב צו דיר אַ בקשה, — זאָגט דער גאַסט.

— זאָג, וואָס דיין פאַרלאַנג איז, — ענטפערט דער פאַקיר.

— וועסט מיר טאָן, וואָס איך וויל?

— אויב איך וועל וועלן, — ענטפערט דער פאַקיר און גיט צו מיט ענוות — און אויב איך וועל קענען.

— דו קאָנסט, דאָס ווייס איך, — זאָגט דער גאַסט, און זיין שטימע קלינגט וואָס אַמאָל העלער און ערנסטער צוזאַמען — איך האָב עס פון דיר נישט איינמאָל געזען, נאָר נישט א ו מ ז י ס ט . . .

— און דו קאָנסט ניט באַצאָלן?

— פיליכט... דאָך...

—מיט וואָס? — פרעגט דער פאַקיר און מוסטערט נאָך אַמאָל דעם אָפּגעריסענעם שטאָלצן גאַסט — האָסטו נישט, מיין קינד, ערגעץ...

— געגנבעט? ניין... נישט מיט געלט וויל איך דיר באַצאָלן... מיט מיין אייגענער געשיכטע.

— זי איז אַזוי וויכטיק? זי וועט מיר צונוץ קומען?

— וויכטיק, ווי פאַר איינעם... צי זי וועט דיר צונוץ קומען, ווייס איך ניט... דאָך וועט זי דיך באַפרייען פון מי און מאַטער.

— ווי אַזוי?

— מיין אַריינקומען, מיין פערזאָן, האָט אויף דיר אַן איינדרוק געמאַכט. איך האָב דיך פאַראינטערעסירט. אַז איך וועל אוועקגיין מיט אַ פאַרשלאָסן מויל, וועסטו ניט איינמאָל פאַרטראַכטן זיך און

קלערן: ווער איז ער געווען? וואָס האָט ער געקאָנט ווערן? און אַ פּאַקירס צייט איז טייער, זיינע געדאַנקען — נאָך טייערער! פון צייט און געדאַנקען לעבט אַ פּאַקיר!

דער פּאַקיר האָט געקלערט אַ ווייל, ער האָט זיך געפּרוּווט, ווי ווייט ער איז ווירקלעך פאַראינטערעסירט מיטן גאַסט, צי ער וועט ווירקלעך דעריבער קלערן.

די צייט באַנוצט דער גאַסט און זאָגט ווייטער:

— דו ביסט אַלט, פּאַקיר, זייער אַלט! אַלע דיינע געפילן זיינען אויסגעטריקנט... דיין האַרץ געפינט שוין אין גאָרנישט ניט קיין פרייד... מיטן קאָפּ לעבסטו נאָך; דאָס געהירן איז נאָך דאָס איינציקע גליד אין דיר, וואָס לעבט, נישט נאָר אויס לויטער געוואוינהייט; נאָר דיין מוח האָט נאָך זיינע ליידן און פריידן, ער קלערט און וויל וויסן... טו דיין קאָפּ צוליב, — זאָל ער האָבן נאָך אַן איינדרוק פון דער וועלט, איידער ער וועט אויך בלייבן מיד און פויל צו שטאַרבן...

— גוט! — באַשטייט דער פּאַקיר.

זיי זעצן זיך, דער גאַסט פאַרציילט:

— קליינערהייט האָב איך אַמאָל שפּאַצירט מיט מיין פאָטער צווישן די בערג הינטערן שלאָס...

— איר האָט אין אַ שלאָס געוואוינט?

— יאָ. מיר האָבן איבערגעשראָקן אַן אָדלער, און ער איז ארויפגעשאָסן צום הימל. — איך וואָלט אויך געוואָלט אַזוי פליען,— האָב איך הויך געטראַכט. — דו וועסט עס אויך טאָן, — האָט מיר דער פאָטער געענטפערט — נאָר ניט אין דער לופט, די לופט איז ניט אונזער עלעמענט; מיר קענען אין איר, און דעריבער — פון איר, ניט לעבן...

— און פליען — זאָגט ער ווייטער — וועסטו צום הימל — דאָס זיינען די בלויע, די זיידענע בלויע, מיט גאָלדענע שטערן אויסגעשטיקטע טאַפּעטן אין אונזער קעניגלעכן פּאַלאַץ... און גלייך צו דער זון — דאָס איז דער קעניג אַליין... די שטראַלן פון זיין גנאָד זיינען ליכטיקער און וואַרעמער, און זיי זיינען ניט פאַר אַלע, ניט פאַר יעדן בעסטן...

— איך האָב די ווערטער דערנאָך איבערגעגעבן מיין לערער, אויך אַ פּאַקיר ווי דו. זיין געזיכט האָט זיך דערביי ניט געענדערט. קאַלט און שטרענג האָט ער מיר געזאָגט: דער אָדלער, אויב ער וויל לעבן, מוז ער עסן, און עסן — מוז ער אראָפּ אויף דער ערד... עסנוואַרג ליגט נידעריק, אָפט אין בלאָטע.

— זייער קלוג.

— איך האָב אים דאָך ניט פאַרשטאַנען און אין׳ם גאַנצן געשפּרעך פאַרגעסן.

---

— צוריק אויף די געדאַנקען זיינען מיר די ווערטער געקומען, ערשט דעמאָלט, ווען איך בין ערשטער מיניסטער געוואָרן.

— מאַנציפּוצי ?

— אַזוי פלעג איך הייסן.

— און היינט ?

— האָב איך קיין נאָמען נישט.

— ווען איז דאָס געשען ?

— שוין אייניקע יאָר... עס פריייט מיך פאַר דיר, אַז דו האָסט פון דעם אַלעם ניט געוואוסט, אַז דו האָסט געלעבט אַזוי הויך, אַזוי טיף און אַזוי ווייט פון מיין געוועזן לעבן !

— איינמאָל בין איך געשטאַנען אַזוי לאַנג און אַזוי טיף געבויגן פאַר דער זון, אַז עס איז מיר, נישט ווילנדיק געקומען דער געדאַנק אין קאָפּ אַריין, מקנא צו זיין די ויילן אין פּאַלאַץ, וואָס האַלטן אים אונטער און בויגן זיך נישט...

— דו האָסט עס געזאָגט ?

— ניין ; מיינע ליפּן זיינען נאָך ניט געוואוינט געוועזן דערצו ; נאָר דער מאַרך-ביין !... אַן אומגעדולדיקע באַוועגונג האָב איך געמאכט... די זון האָט עס באַמערקט...

— און דו לעבסט ?

— גרויס איז געוועזן זיין ליבשאַפט צו מיר ; מען האָט מיך נאָר פאַר דער לבנה געמאכט, אַ פּראָווינץ איבערגעגעבן...

— ביסט צופרידן געוועזן ?

— אַ צייט... ביז די זון איז דורכגעפאָרן, און די לבנה האָט זיך ווייניק געבוקט...

— און ?

— מען האָט מיך דעגראַדירט אויף אַ שטערן... אַ שטאָט האָב איך באַקומען...

— און האָסט רעגירט, ביז די לבנה איז געקומען...

— ריכטיק... דער מאַרך-ביין האָט וואָס אַמאָל זיך ווייניקער געבויגן... איך בין אַריין אין דער מילך-שטראַסע צווישן מיליאָנען קליינע שטערנדלעך —

— און ?

— אַלץ דער מאַרך-ביין!... מען האָט מיך באקאנט געמאכט מיטן באמבום און ארויסגעוואָרפן פון — הימל!

— און דיין פאָטער, דער שטאָלצער שלאָס-הער?

— ער האָט ניט אויסגעהאלטן און האָט מיר אַ גרויסע ירושה געלאָזט; איך האָב מיר געקאָנט פאַר זיך אַליין אַ קליינעם הימל מאַכן...

— האָסט עס נישט געטאָן?

— ניין, איך האָב אַן אַנדער ליידנשאַפט געהאַט. איך האָב געוואָלט, וואָס אַלע אייגנטלעך ווילן: אַנדערע זאָלן ענלעך זיין צו מיר; מען זאָל זיך אויפהערן בוקן.

— אַ געפערלעכע ליידנשפאַט...

—איך האָב איינגעקויפט עסנוואַרג און קליידער, געעפנט די טויערן פון שלאָס און אויסגערופן אויפן לאנד: ווער עס וויל, זאָל קומען נעמען, וואָס ער וויל... נאָר אַ באַדינג האָב איך געשטעלט: קיינער טאָר ניט דאַנקען. ווער עס וועט עס טאָן, וועט מוזן באַצאָלן...

— פיל האָבן געקאָנט?

— ווייניק, דאָך מיט דער צייט איז די צאָל פון נישט-דאנקענדיקע געוואַקסן, גרעסער געוואָרן; נאָר מיט דער צייט האָט מען מיך — —

— אַרעסטירט?

— ניין, אין דול-הויז געשיקט...

— ריכטיק, אַלס פאַרשווענדער...

---

— אז איך בין אַרויס פון דול-הויז, איז פון מיין ירושה קיין צייכן נישט געבליבן... פריינט און באַקאַנטע האָבן זיך באַמיט; שולדן האָבן זיך באַוויזן, דאָס אויפהאלטן אין קעניגלעכן דול-הויז איז געווען טייער...

„גיי אַרבעטן!" — האָט מען מיר ביים אַרויסלאָזן געזאָגט...

— און דאָס איז, נאַטירלעך, דעם געוועזענעם מיניסטער ניט געפעלן.

— אימגעגנטייל, נאָך אַזוי פיל רוען האָב איך געבענקט נאָך אַרבעט... נאָר אויסבעטלען זי האָב איך ניט געקאָנט... בעטלען און בוקן זיך איז מיר שוין אוממעגלעך געוואָרן...

דער גאַסט שווייגט אַ ווײַלע, און דער פאַקיר פרעגט:

— ווילסט, איך זאָל דיך אויסלערנען?

— דאָס — ענטפערט שטאָלץ דער גאַסט — וועסטו נישט

קאָנען; הונגער און דורשט האָבן עס ניט געקענט... נאָר דאָס לעבן איז מיר שוין איבערדריסיק...

— ווילסט, איך וועל דיך דערפון באפרייען?...

— אָ, ניין! צו דעם דארף מען נישט דיין הילף... דאָס ערשטע בעסטע וואסער, דער ערשטער בעסטער צווייג... זיי וואָלט איך אפילו נישט געדאַרפט קיין מעשיות דערציילן...

— וואָס דען?

— איך גלויב, פאַקיר, (יעדער מענטש האָט זיין גלויבן; דאָס איז דער פאָדים מיט וועלכן די געטער בינדן אונז צו צום לעבן) איך גלויב, אז עס וועט קומען אמאָל אַ צייט פון גראדע מענטשן, מיט הארטע מאַרך-ביינער; פון מענטשן, וואָס וועלן נישט וועלן און נישט קענען זיך בויגן... איך וויל עס דערלעבן!

— אַזוי לאַנג לעבן ווילסטו?

— ניין... פאר דעם שפעטערן גליק וואָלט איך אַזוי פיל ניט געצאָלט... שלאָפן וויל איך, איבערשלאָפן!...

— דו קאָנסט עס! שלעפער מיך איין, פאַקיר!...

דער פאַקיר שווייגט.

— ווילסט דיין וואָרט נישט האַלטן? — פרעגט דער גאַסט.

— נישט דאָס, — ענטפערט דער פאַקיר — איך קלער נאָר, ווער וועט דיך וועקן? איך — נישט, מיינע קינדער און קינדס-קינדער — אויך נישט... ווער וועט דיך געדענקען?

— שרעק זיך נישט... מיך וועט וועקן די צייט; גאָר שטיל וועט זי ניט קומען!



ל. קאָברין.

# דאָס טענעמענט-הויז

א טענעמענט-הויז אויף סאָפאָלק סטריט, ווי ס'רוב טענעמענט-הייזער אין דעם ניו-יאָרקער אידישן קווארטאַל. א טונקל-גרויע, מגושמ-דיק גרויסע, זעקס-שטאָקיקע געביידע. אין אַנדערע פענצטער לופטערן זיך קישן. פון אַנדערע הענגען ארונטער דאָ א ווינטערדיקע קאָלירטע דעקע און דאָרט אַ ווייס ליילעך, אַ בגד פון אַ מאַן, אַ גלאַנציק, זיידן אונטערקלייד פון אַ פרויענצימער, צי גאָר קינדערשע ווינדעלעך. עס שטייט צווישן אַ רייע אַנדערע אַזוינע הייזער מיט קראָמען און קעלערס, און

„סטענדס”, מיט אַן אַפּטייק פון איין זייט גאַס און אַ צווייטער פון דער אַנדערער... זעט אויס אַזוי גרוי און אומפּריינטלעך, ווי עפּעס אַ תּפיסה, אַזוי ווי אַ שווערער אומעט וואָלט אין אים פאַרמויערט געווען.

עס פאַרשפּאַרט דעם וועג דער זון, און אירע שטראַלן קענען זיך ניט דורכבּרעכן דורך זיינע הויכע שטיינערנע ווענט. עס פאַרהאַלט די לופט, און זעלטן־זעלטן אַמאָל גנבעט זיך דורך אַ פרישׁ ווינטעלע אין פענצטער אַריין. סיידן ווען אַ שטורם ברעכט אויס, ווען איבערן דאַך טראָגט זיך אַ כמורער וואָלקן און בליצן שלענגלען זיך, דונערן פּלאַצן, אַ רעגן רוישט און שמייסט אין די פענצטער, דורך וועלכע הענט באַוויזן זיך און פאַרשווינדן גלייך מיט די קישנס, דעקעס און די אַנדערע זאַכן, וואָס זיינען אַרויסגעהאַנגען, — שמייסט אין די פענצטער, אויף די שטיינערנע ווענט, און אַרום ציטערן און קלאַפּן די בלעכענע שילדן פון די קראָמען, — דאַן האַלט ניט אויס דאָס טענעמענט־הויז דעם דאָזיקן מעכטיקן געדראַנג, און שטראָמען פרישע לופט רייסן זיך אויף אַ ווײַלע אַריין אין זיינע קאָרידאָרן, אין זיינע צימערן דורך טירן און פענצטער.

אַזוי אָבער שטיקט דאָרט אין זיינע קאָרידאָרן און צימערן אַפילו ווינטער. אַן אייביקע האַלב־פינצטערניש לויערט דאָרט, אַזוי ווי אַ וואָלקן וואָלט אַהין פאַרבלאָנדזשעט, צעשפּרייט זיך איבער אַלע ווינקעלעך און פאַרבליבן דאָרט אויף תּמיד. און אַ באַזונדערער גערוך, אַ ספּעציפישער טענעמענט־הויז גערוך, טראָגט זיך דאָרט איבער די האַלב־פינצטערע קאָרידאָרן.

שיינט די זון אין דרויסן, גיסט אַ רעגן, פאַלט אַ שניי, קיין אונטערשייד — דאָס מגושמדיק־גרויסע טענעמענט־הויז ענדערט ניט זיין פאַרגליווערטן, אומפריינטלעכן, גרויען, שטיין־בלינדן אויסדרוק. אַרום אים גרינט ניט דער פרילינג, וואַקסט ניט דער זומער, און וועלקט ניט, און פוילט ניט, און פרירט ניט דער הערבסט און דער ווינטער.

די שטיינער אַרום בליען ניט, גרינען און וואַקסן ניט. און פון קיין ביימעלע צי גרעזעלע איז קיין סימן ניטאָ... הינטער זיינע ווענט רוט קיינמאָל ניט. דאָס לעבן קאָכט דאָרט, טומלט און לאָזט זיך הערן. תּמיד הערט זיך זיין קול פון דאָרט, זיין געלעכטער און געזאַנג, זיין זיפץ און קרעכץ. אַפילו אין די שפּעטסטע שטונדן פון נאַכט הערט זיך אויך דאָרט דאָס קול פון׳ם לעבן. אַ קינד האָט זיך צעוויינט. אַ קוואַרטיראַנט האָט זיך פאַרטאָג צוריקגעקערט פון אַ באַל, הערן זיך זיינע הילכנדיקע טריט איבער די טרעפּ, זיין קלאַפּ מיט דער טיר. אַ יונגער מאַן לויפט דורך, אויך אַ שכן פון דעם טענעמענט־הויז — די שאַנד און דער אומגליק פון ניו־יאָרקער אידן, אַ באַנדיט, וואָס לעבט פון מאָרד

און רויב, און זיינע טריט הילכן מיט חוצפּה איבערן גאַנצן הויז. און אַמאָל גייט דאָרט אין מיטן נאַכט אַ פרוי צו קינד, הערן זיך קולות. און אַמאָל שטאַרבט דאָרט אין מיטן נאַכט עמיצער, הערן זיך יללות. אַ דאָקטער גייט אַרויף די טרעפּ. אַ דאָקטער גייט אַרונטער די טרעפּ. אַ טיר טוט אַ קלאַפּ אויף דעם שטאָק, דאָ אויף אָן אַנדערן. אַ שליאַפּן פון באָרוועסע פיס דערהערט זיך, אַ הוסט, אַ פאַרשלאָפענער גענעץ... פון דער טיר אַנטקעגן טראָגט זיך אַ הייזעריק רוישן פון אַ מאַשין. דאָרט אַרבעט אַ בלייכע פרוי, אַ מאַמע פון עטלעכע קליינע קינדער, ווייל איר מאַן, דער ברויט-געבער, איז אין שפּיטאָל. זי האָט אַרויסגעקראָגן קינ־דערשע קליידלעך פון אַ שאַפּ און אַרבעט ביינאַכט, ווייל בייטאָג איז זי פאַרנומען מיטן הויז און מיט די קינדער, און אויפן שטאָק העכער טראָגט זיך איבערן קאָרידאָר פון איין טיר אַ שווערער כראָפּן און נערוועזע טריט איבערן צימער הין און צוריק, הין און צוריק... דאָרט וואוינט אָן אָרע־מער, יונגער אידישער דיכטער ביי אַן אַרבעטער פאַמיליע. דער מאַן, דער אַרבעטער, נאָך אַ שווערן טאָג האָרעווען אין דעם שאַפּ, שלאָפט איצט און פייפט און כראָפּעט. דער יונגער דיכטער איז אין זיין צימער גע־זעסן און געדיכטעט וועגן אַ פּאָר ברענענדיקע אויגן, בלומען און טייכ־לעך, לבנה-שיין און נאַכטיגאַל-טרעלן, האָט פּלוצים דאָס כראָפּן זיין רוח־הקודש פאַרטריבן, זיין יום-טובדיקע שטימונג דערשטיקט, לויפט ער אַרום איבערן צימער, צופּט זיך נערוועז די שוואַרצע האָר און קוקט אַרום זיך פאַרצווייפלט.

און גאַנץ אויבן, אונטערן דאַך, אויפן זעקסטן שטאָק הערן זיך פון אַ טיר אַנדערע טריט, לאַנגזאַמער, לאַנגזאַמער, אַזוי ווי עמיצער וואָלט דאָרט די פּאָדלאָגע געמאָסטן מיט טריט. אַ יונגער מאַן גרייט זיך צום קאָלעדזש... בייטאָג אַרבעט ער, האָט ער קיין צייט ניט צו לערנען, גייט ער איצט אַרום איבערן צימער לאַנגזאַם, לאַנגזאַם, טריט ביי טריט, מיטן בוך אין די הענט, די אויגן מיד, רויט, און זוברעט, זוברעט, ציט די ווערטער מיט אַ פאַרשלאָפענעם קול.

און אין די הייסע זומערדיקע נעכט, ווען זיינע איינוואוינער, די הונ־דערטער נפשות, פילן אַזוי ווי די שטיינערנע ווענט וואָלטן זיי געשטיקט מיט זייער גאַנצער שווערער משא, דאַן באַוועגט זיך דאָרט נאָך מער. די טירן קלאַפּן אָפטער. נאָכאַנאַנד הערן זיך טריט איבער די קאָרידאָרן, אי־בער די צימערן, באָרוועסע און אין שיך. אָן אָכצן טראָגט זיך פון אויבן און פון אונטן, אַ שילטן, אַ זידלען. מען זוכט לופט און שלאָף אויפן דאַך, אויפן „פייער-עסקייפּ", אונטן אין דרויסן, לעבן הויז, נעגן די פעסלעך מיסט, וואָס די טענעמענט-הייזער האָבן אַרויסגעשטעלט פאַר די מיסט-וואָגנס. מען זוכט דעם אָטעם אָפּצוכאַפּן, אַ טראָפּן לופט, דעם

ברענענדיקן קערפּער צו קילן, מען ווערט דערשטיקט! די קליינע עופּהלעך, נעבעך, שרייען. די אויסגעמוטשעטע מאַמעס זיינען הילפלאָז. די פאַרמאַטערטע טאַטעס בייזערן זיך...

פיר און צוואַנציק פאַמיליעס וואוינען דאָרט, צו פיר פאַמיליעס אויף אַ שטאָק, מיט זייערע קוואַרטיראַנטן און קוואַרטיראַנטקעס, צוזאַמען אַ צוויי הונדערט נפשות... די צימערן זיינען קליינע, אָפּגעצוימטע קעסטלעך, לענגלעכע און פירעקיקע, צו פיר און פינף פאַר אַ פאַמיליע. די פאַפירענע טאַפּעטן אויף די ווענט זיינען פאַרפלעקט, צי פון פעטס, צי פון שוויס, צי אפשר גאָר פון טרערן... די איינגענע ענגשאַפט און האַלבטונקלקייט אין אַלע צימערן. די איינגענע בלינדע גרויע וואַנט פון אַ צווייטן טענעמענט־הויז אין די פענצטער פון די הינטערשטע צימערן...

אידישע אימיגראַנטן וואוינען דאָ. אידן פון ליטע, פון פוילן, פון זיד־רוסלאַנד, פון גאַליציען און רומעניען. ס׳רוב אַרבעטער־מענער און אַרבעטער־פרויען, ס׳רוב ניט־אַרבעטער פון דער אַלטער היים... אויף יעדן שטאָק, הינטער יעדער טיר אַן אַנדערע פאַרגאַנגענהייט, אַ באַזונדערע געגנוואַרט, אַ באַזונדערע עקזיסטענץ, — דאָ אַ טרויעריקע, אַן אויסגעפּאַטשטע, אַ פאַרוואונדעטע, אַ האָפנונגסלאָזע, און דאָרט אַ פריילעכע, אַ זוניקע, אַ טרוימענדע, פון האָפנונגען און דערוואַרטונגען... דאָ אַן אַלטע, וואָס וועט באַלד אינגאַנצן פאַרזינקען אין דער פאַרגאַנגענהייט, און דאָרט אַ בלוט־יונגע, וואָס שפּינט ערשט די פיל־פאַרביקע פעדים פון איר צוקונפט... דאָ און דאָרט מענטשן פון פאַרשיידענעם עלטער, פאַרשיידענע כאַראַקטערס און טיפּן. דאָ דערהערט זיך פון אַ טיר אַ ליטווישער אידיש און דאָרט אַ פּוילישער; דאָרט שטייען אין קאָרידאָר אַ מאַן און אַ פרוי און רעדן אויף וואָלינישן אידיש, און דאָרט שילט זיך אַ פרוי אויף גאַליציאַנישן אידיש... אָפטער הערט זיך דער אַמעריקאַניזירטער אידיש, גאָר אָפט דער פאַראידישטער ענגליש, אויסגעמישט מיט גראָבע ווערטער פון דער גאַסן־שפּראַך.

מענטשן פון פאַרשיידענע לענדער און שטעט פאַרבאָרגן די דאָזיקע הויכע, גרויע, שטיינערנע ווענט פון דעם טענעמענט־הויז, מיוחסים און נגידים און פּשוטע מענטשן און קבצנים פון דער אַלטער היים; אידעלע מענטשן און גראָבע, היימישע למדנים און עם־הארצים. טאַטע־מאַמעס מיט קינדער, וואָס זיינען אַ נחת פאַר זייערע הערצער, און מיט קינדער, וואָס הלוואי וואָלטן זיי גאָר ניט געבוירן געוואָרן... קינדער, וואָס האָבן איבערגעלאָזט זייערע עלטערן אין דער אַלטער היים און בענקען נאָך זיי, און עלטערן, וואָס זייערע אַמעריקאַנישע קינדער האָבן זיי איבערגעלאָזט... עלטערן, וואָס שעמען זיך מיט זייערע קינדער, און קינדער, וואָס שעמען זיך מיט זייערע עלטערן... אַלטע און יונגע, מיאוסע און שיינע. זוניקע

פנימער פון מיידלעך, וועלכע זיינען באַגאָסן מיט פרילינגס־צויבער, און בלייכע, פאַרוועלקטע פּנימער פון פרויען, אויף וועלכע דער שאָטן פון אַ מידן לעבן שוועבט. פאַרחלומטע אויגן פון יונגעליים, אין וועלכע דער געדאַנק לייכט, און טעמפּע אויגן פון אויסגעמאַטערטע ארבעטער, אין וועלכע דער געדאַנק איז שוין לאַנג פאַרלאָשן — דאָס אַלעס פאַרבאָרגן די הויכע, גרויע, שטיינערנע ווענט פון דעם טענעמענט־הויז.

פאַר זעקס אין דערפרי. דאָס טענעמענט־הויז האָט זיך אײנגאַנצן אויפגעכאַפּט, מיט אַ טומל. אויף יעדן שטאָק קלאַפּן טירן, הערן זיך טריט, שטימען. עס קומען מענטשן פון דעם טענעמענט־הויז אויף דרויסן אַרויס מיטן דרימל נאָך אויף די געזיכטער, מיט פעקלעך אונטערן אָרעם, איינציקווייז, פאַרווייז און צו עטלעכע מיט אַמאָל, אַלטע און יונגע, מענער און פרויען, בחורים און מיידלעך — קומען אַרויס און מישן זיך אויס מיט די אַנדערע מענטשן, וואָס שטראָמען פון אַלע טירן, אַלע עקן גאַסן. און עס וואַקסן די לעבעדיקע שטראָמען און הויבן אַ טומל אין דער אינדערפריענדיקער לופט, פאַרפלייצן די טראָטוארן און די גאַסן און ציען זיך צווישן פערד און וועגלעך, צווישן אויטאָמאָבילס, מישן זיך ווידער אויס מיט די טונקעלע געדיכטע לעבעדיקע שטראָמען פאַר זיי, פילן אָן די טראַמווייען אויף די גאַסן, ציען זיך איבער די טרעפּ צו דער עלע־ווייטעד־באַן אין דער הייך, טראָגן זיך צו דער באַן אונטער דער ערד און ווערן פאַרלאָרן מיט אַ דומפּן טומל אין די ווייס־געמויערטע לעכער...

עס קלינגען די טראַמווייען, געפּאַקט מיט טענעמענט־הויז איינוואוי־נער. עס טראָגן זיך די וואַגאָנען אויבן, פול געפּאַקט מיט די זעלביקע מענטשן. עס פליען און הוזשען די וואַגאָנען אונטער דער ערד, געפּאַקט מיט די אייגענע פּאַסאַזשירן.

און שפּעטער וואַרפן אַרויס די טראַמווייען און די וואַגאָנעס גרויסע כוואַליעס פון אָט די דאָזיקע מענטשן אויף די עקן גאַסן, אויף די סטאַנ־ציעס. און די דאָזיקע מענטשן צעשפּרייטן זיך דאַן איבער די גאַסן, וואו די פאַבריקן שטייען, מישן זיך אויס מיט די כוואַליעס מענטשן פון אַנ־דערע געגנטן, פון אַנדערע נאַציעס.

די פאַבריקן שווייגן, די שוואַרצע טירן ברייט געעפנט פאַר די לע־בעדיקע כוואַליעס, וואָס טראָגן זיך אַהין, טראָגן זיך און טראָגן און ווערן דאָרט פאַרלוירן.

ווערט אויף די גאַסן ליידיק, ווערן די שוואַרצע טירן געשלאָסן, דער־הערט זיך באַלד דער מעכטיקער און בייזער ליאַרם פון די פאַבריקן. פון אַלע פענצטער טראָגט זיך דער דאָזיקער ליאַרם, פון אַלע עטאַזשן, פון אויבן און פון אונטער דער ערד...

**דאָס ליאַרמען אַזוי די כוחות פון די טענעמענט־הויז איינוואוינער, דאָס ליאַרמט אַזוי זייער אַרבעט.**

האַלב ניין אין דער פרי. עס ציען זיך קינדער פון דעם טענעמענט־הויז אויף דרויסן אַרויס, מישן זיך אויס מיט די קינדער פון די אַנדערע טענעמענט־הייזער און די לופט הילכט פון זייערע געשרייען און שטיפע־רישן געלעכטער. זיי ציען זיך צו די גרויסע, ליכטיקע געביידעס, וואָס שטייען מיט ברייט געעפנטע טירן. די קינדער גייען און גייען אין די ליכטיקע טירן אַריין און באַלד זיינען זייערע קינדערשע טריט פאַרלוירן הינטער די ווענט פון די דאָזיקע געביידעס — שטאָטישע שולן...

אַפילו דאָן איז אין דעם טענעמענט־הויז אויך ניט שטיל. די גאַס שרייט צו אים אַרויף. אַן עופעלע וויינט, עס איז אַרונטערגעפאַלן פון אַ שטול, שלאָגט עס נאָך די מאַמע און שרייט אויף דעם מיט טרערן אינ׳ם קול. אַ שכנה מיט אַ שכנה האָבן זיך פאַר עפּעס צעקריגט, שטייט יעדע פון זיי אין איר אָפענער טיר, דעם קאָפּ מיט די צעפּאַטלטע האָר אַרויס־געררוקט, איינע געגן דער אַנדערער, מאַכן מיט די הענט און שילטן זיך מיט אַזעלכע וויסטע קללות, זאָל מען דאָס נאָר אויף וויסטע פעלדער זען!... אַ פרוי קומט אַרויף מיט אַ שווערן עמער און קלאַפּט מיט דעם אויף יעדן שטיינערנעם טרעפּ. און דאָ לויפט מיט אימפּעט אַ פרוי פון די טרעפּ. זי דאַרף עפּעס אין קראָם און אויפן גאַז־אויוועלע קאָכט זיך דאָרט ביי איר... און דאָרט האָט זיך גאָר אַן אַרבעטסלאָזער קוואַרטיראַנט צע־זונגען אַ ימים־נוראימדיק, חזניש שטיקעלע, הילכט זיין קול אַזוי אומע־טיק איבערן גאַנצן טענעמענט־הויז.

אַזוי ביז פאַרנאַכט.

פאַרנאַכט ציט זיך צוריק דער מענטשן־שטראָם איבער די גאַסן, ציט זיך פון אויבן פון די עלעווייטעד־סטאַנציעס, פון די ווייס־געמויערטע לעכער, פון אונטער דער ערד, פון די טראַמווייען, ציט זיך פון אַלע און אין אַלע זייטן גלייך נאָך די האַלב־טונקעלע טירן פון די טענעמענט־הייזער... עס שרייט די גאַס מיט טויזנטער שטימען. עס פליען די אוי־טאָמאָבילן מיט די גרויסע פייערדיקע אויגן. עס באַוועגן זיך וואָגנס און וועגלעך, פון פערד געשלעפּט, פון מענטשן. עס קלינגען די קאַרס, די טראַמווייען... און דער מענטשן־שטראָם טראָגט זיך, שטעלט זיך ניט אָפּ, קוקט זיך ניט אום, הערט זיך ניט איין און הונדערטער, טויזנטער פיס גייען און גייען אין די האַלב־טונקעלע טירן פון די טענעמענט־הייזער...

אויף די גאַסן צינדן זיך אָן די עלעקטרישע לאַמטערנעס. פון די

קראָמען און רעסטאָראַנען ווינקען שוין פייערלעך, און דער מענטשן־שטראָם טראָגט זיך נאָך...

אונזער טענעמענט־הויז הילכט איצט. אויף יעדן שטאָק ברענט אין קאָרידאָר א גאַז־ברענער. פון יעדער טיר הערט זיך א טומל, דאָ א קלינגען פון געשיר, דאָרט א געשריי פון קינדער, דאָ א געלעכטער און דאָרט גאָר א געוויין... הינטער יעדער טיר א באַזונדער וועלטל.

(פון „פון א ליטוויש שטעטל").



ס. טשעסטער.

# טאָמאַסוויל

(א שטעטל אין די בערג)

א פירמיילי‏קע ווייטקייט ציט זיך פון דער אייזנבאַן סטאַנציע דאַנבערג צו דעם שטעטל טאָמאַסוויל.

דער געל־ערדיקער וועג מיט טיפע רעדערשניטן וויגט זיך אויף דעם צעאַקערטן ערד־רוקן, דרייט זיך אין א באַהעלטעניש־שפּיל, באַהאַלט זיך אין די טאָלן און באַווייזט זיך אַרויפקאַפּנדיק זיך אויף די בערג.

צו דער רעכטער זייט וועג שלענגלט זיך דער לוסטיקער „נעווערסינק"־טייך מיט זיין צערונצלטן וואַסער־לעבן. דער טייך האָט זיך, קענטיק, פאַרבענקט ערגעץ אין זיין איינזאַמען גאַנג, ניט געקענט אַריבערטראָגן דעם אומעט, — איז ער אַהער געקומען, צוגעטוליעט זיך צו דעם וועגס זייט, א בשותפותן וועג געמאַכט, אונטערגעפירט דעם וועג אַביסל נענטער צום שטעטל, זיך צעפּלאַפּלט און אַראָפּגערעדט פון הארצן. מיט אַמאָל איז אָבער דער טייך ברוגז געוואָרן און איבערגעריסן די פריינטשאַפט, האָט אָפּגעקערט זיך פון וועג און איז אַליין דורך אַן אַנדער זייט אין שטעטל אַוועק.

וויגט זיך דער וועג אַליין אויף דער צעקאַרבטער ערד אַזש צו דעם קרייץ־וועג. ביי דעם קרייץ־וועג שטייט א הילצערנער שטאָל מיט א פּאָר צעעפנטע ברייטע טויערן און א רויט געפּאַקטע געזאָלין־פּאָמפּע. א ווייס ברעט באַמאָלט מיט שוואַרצע ווערטער זאָגט אָן דעם נאָמען פון שטעטל און וואָרנט די דורכפאָרנדיקע וועגענער — אַז דאָ טאָר מען ניט לויפן. טאָמאַסוויל נעמט אַריין דעם וועג אין דער מיטן פון איר גאַס און עס ווערט איינס.

דאָס שטעטל זיצט אַריינגעזעצט אין אַ טאָל. פון עטלעכע זייטן האָבן זיך שטייפע בערג צעשטעלט, געמאַכט אַ קייט און לאָזן אים ווייטער ניט גיין.

וואו־ניט־וואו קריכט ארויף אַ הויז אויף אַ באַרג. עס שטייט מיט דעם שפּיציקן דאַך־היטל אויפן קאָפּ און היט פון דער הויך די פּאָר צעוואָרפענע הייזער און קראָמען, דעם פּאָסט־אָפּיס און דעם שמידס קוזניע אין טאָל.

דער טייך רייסט זיך אַריין אין שטעטל מיט אַ פריילעכן פּלאַפּ־לעריי. ער מאַכט אַ שפּאַלט אין מיטן שטעטל אַזוי ווי צווישן צוויי פּאָלעס און ער לויפט אַוועק. אַן אייזערנע בריק איבער דעם טייך פאַראייניקט דאָס שטעטל פון דאָס ניי.

אַמאָל, איידער נאָך די אייזערנע בריק איז איבער דעם טייך געלעגן, זיינען געשטאַנען הייזער מיט קראָמען אויף ביידע זייטן טייך. טאָמאַסוויל, אַ צעשניטענע פון וואַסער, האָט זיך דעמאָלט ניט געקאָנט צעטיילן; מ׳האָט זיך ביי די נעזער געריסן. איין טייל טאָמאַסוויל האָט געזאָגט: דער פּאָסט־אָפּיס דאַרף זיין ביי אים. האָט דער צווייטער טייל געזאָגט: ניין, דער פּאָסט־אָפּיס בלייבט ביי אים. דער פּאָסטמייסטער איז געבליבן אין אַ פאַרלעגנ־הייט און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. האָט ער דעם רונד־ווייכן קאַפּעליוש ווייט אויפן קאָפּ פאַרשאַרט און אַ לאַנגע צייט זיך גע־קראַצט אין פּאַטילניצע — ביז וואַנען גאָט האָט געהאָלפן דעם שכל־דיקן פּאָסטמייסטער מיט אַן איינפאַל — ער זאָל דעם פּאָסט־אָפּיס אַרויפשטעלן אויף אַ וואָגן מיט רעדלעך. אַ לאַנגע צייט איז דער פּאָסט־אָפּיס אומגעפאָרן הין און צוריק. ביידע טיילן האָבן ברעטער געגעבן און געמאַכט אַ פּראָם איבערצושווימען דעם טייך. דער פּאָסט־אָפּיס וואָגן איז געווען אַ טאָג אויף איין זייט טייך און אַ טאָג אויף דער אַנדערער זייט טייך.

דער איינפאַל פון דעם שכלדיקן פּאָסטמייסטער איז טאַקע זייער גוט געווען. נאָר ווען די ווייטע וועלט האָט עס דערהערט, האָט זי גענומען לאַכן אין די הויפנס פון טאָמאַסוויל און איר פּאָסט־אָפּיס, וואָס גייט אויף רעדלעך. טאָמאַסוויל האָט זיך פאַרשעמט. דער שכלדיקער פּאָסטמייסטער האָט די רעדלעך פון וואָגן אַרונטערגע־נומען און די ליפּן פאַרביסן. נאָר דאָס איז שוין געווען אַזוי לאַנג צוריק. איצט איז טאָמאַסוויל פאַראייניקט. קראָמען אויף איין זייט טייך, קראָמען אויף דער אַנדערער זייט טייך און אַן אייזערנע בריק אין דער מיטן.

טאָמאַסוויל האָט שוין פאַרגעסן אָן איר אַמאָליקן פּאָסט־אָפּיס אויף רעדלעך.

דער אַלטער מעריק, דער אַמאָליקער פּאָסטמייסטער, טראָגט נאָך ביז היינטיקן טאָג דעם אַמאָליקן רונד־ווייכן קאַפּעליוש אויפן קאָפּ אַראָפּגערוקט אַזש צו די אויערן. דער פופציק־יאָריקער פּאָסט־מייסטער האָט זיינע דינע אַקסל אַראָפּגעדריקט און זיין הויכקייט אויסגעבויגן אַזוי ווי אַ סערפּ. אַ גאַנץ לעבן אַ שוואַכער געווען, דער אַלטער מעריק. ער פלעגט זיך רק באַקלאָגן אויפן געזונט, אויפן מאָגן, ער קאָן קיין שפּייז ניט פאַרדייען. וואָס ער עסט, שטייט אים אונטערן האַרצן. יעדן טאָג מוז ער נעמען ביטער־זאַלץ אָדער טרינק־סאָדע, — ווען ניט, עסט ער ניט. ווינטער זיצט ער אין וואַרעמען הויז. און ווען מ׳גייט דאָרטן פאַרביי, זעט מען דורך דעם פענצטער ווי דער הוילער קאָפּ זיינער וויגט זיך איבער אַ טיש מיט פּאַפּירן און חשבונות. זומער זיצט ער אויפן אָפענעם גאַניק אין אַ וויג־שטול. דאָס אַלטע ווייב זיינס, אַ דאַרע און גלייכע מיט אַ ווייסן קאָפּ, טראָגט אַרויס אַ גלאָז מילך אין האַנט און זי שטייט לעבן אים ביז וואַנען ער טרינקט עס אויס.

ווערט אים אַמאָל מיאוס צו זיצן אין שטוב אָדער אויפן גאַניק, טוט ער אָן די הויכע טוכענע שיך אויף די פיס און ער גייט אין שטעטל אַריין קליבן גוט־מאָרגנס. ער שפּאַרט אָן זיין האַנט אויפן שטעקן און טאַפּט מיט אים אין דער נאַסער בלאָטע. די פיס מאַכט ניט אויס, וואו מען שטעלט, — די הויכע שיך וועלן קיין פאַראיבל ניט האָבן, די זאַך איז דער שטעקן — ער דאַרף זיין טרוקן. פאַרבליבן אַ שכלדיקער מענטש, דער אַמאָליקער פּאָסט־מייסטער מעריק, ביז אין דער וויטער עלטער אַריין.

איבער דעם געל־ערדיקן וועג ציען זיך פורן און מענטשן פון טאָמאַסוויל צו דאַנבערג און צוריק.

פאַלט אָן אַ שניי, עפענען די טאָמאַסווילער דעם וועג:

— אַ וועג דאַרף זיין אָפן.

טאָמאַסוויל נויטיקט זיך ניט אין איר וועג, ווינטער קומט קיי־נער ניט אַהער און צו פירן עפּעס אין דער וועלט איז נישטאָ וואָס. די געגנט איז בערגיק און הויל, די ערד שטיינערדיק און קאַלט. פאַרזייט מען עפּעס, נענזשעט עס אין דער ערד, טראַכט און חלומט — אויפגיין, צי ניט? וואַקסט אויס אַמאָל אַ זאַנג, צי אַ קאַרטאָפל־פלאַנץ, איז עס געל און קראַנק, מיט אויסגעצערטע גלידער. מענטשן זיינען אויסגערעכנט — שפּאָרט מען כוחות און געלט.

צוליב וואָס וואַרפֿן עס אין דער שטיינערדיקער קאַלטער ערד? עס איז אַ שאָד די זריעה און די מי.

ווינטער גייען דאָ אום מענטשן מיט דעם באַהאַלטענעם הונגער אין די בערג און מיט אומעט אין די קאַרבן אויף די טרוקענע געזיכטער. מ'האַלט אָפּן מיילער און מען גאַפֿט. מען קוקט אויס די אויגן — אפשר וועט גאָט צושיקן אַ שטיקל פֿאַרדינסטל. נאָך איידער דער שניי פֿאַלט אַראָפּ, צעלויפֿט שוין דאָס יונגוואַרג אין די גרויסע שטעט. טאַטעס און מאַמעס בלייבן אין די הייזער זיצן. די שייטער האַלץ פֿלאַקערן אין די הרובעס. זיצט מען מיט דעם ווייסן בלי אויף די קעפּ אַרום הרובע־פּייער, מען וויגט זיך אום אין דער שטיל און מען גענעצט אַזוי לאַנג ביז וואַנען מען דרימלט איין.

אַמאָל רוקט זיך אַרויס פֿון הויז אַן אָנגעפּעלצטער מענטש מיט דער שווערקייט פֿון אַ בער און ער צעזייט זיינע טריט איבער דעם שניי — אַזש צום פּאָסט־אָפּיס אָדער צו דער קראָם.

מען פֿאַרקלייבט זיך אַרום דעם צעהיצטן אייזערנעם אויוון און מען רעדט אַלע אין איין טומל. מען רויכערט פּאַפּיראָסן און ליולקעס. מען קייט טאַבאַק און מען שפּייט אויף דעם צעהיצטן אייזערנעם אויוון.

אַ גאַנצן ווינטער לעבט טאָמאַסוויל אָן געלט. געשעפֿט ווערט געטאָן אויף באָרג. די איינוואוינער נעמען אין די קראָמען, און די קרעמער פֿאַרשרייבן עס אויף חשבון. פֿאַלט אַמאָל אריין אַ צענדאָלערדיקע, גייט עס אום איבערן שטעטל פֿון טיר צו טיר און פֿון קראָם צו קראָם — קיינער קאָן עס ניט צעבייטן.

גאַנץ טאָמאַסוויל קוועטשט מיט דער פּלייצע: — ווער האָט עס געלט?

טאָמאַסוויל לעבט פֿון אירע זומער־געסט. זיצט דאָס שטעטל דעם גאַנצן ווינטער און האָפֿט, וואַרט אויפֿן זומער; דער קרעמער, דער פּלומער און דער פֿאַרמער, דער קצב און דער האָטעלניק, — דאָס גאַנצע שטעטל וואַרט און בעט גאָט איינער פֿאַר דעם אַנדערן — עס זאָל זיין זומער, וועט זיין מיט וואָס אויסצוצאָלן די ווינטערדיקע חובות. זיינען די זומערס ניט געראָטן, וואַקסן די שולדן פֿון יאָר צו יאָר. ליגט גאַנץ טאָמאַסוויל פֿאַרפּלאָנטערט אין חובות, קאָן איינער פֿון דעם אַנדערן ניט אַרויסקריכן מיט דעם פּראָצענט און פּראָצענט אויף פּראָצענט.

איינער וואַרפֿט די שולד אויף דעם צווייטן. דער קרעמער זאָגט: דער פֿרעמדער און דער האָטעלניק מאַכט אים אומגליקלעך.

זיי נעמען צו זיין סחורה און באַצאָלן אים ניט. זאָגט דער באַ־שולדיקטער צד: דער קרעמער איז ניט ערלעך — ער באַגזלט אים ווי אַ שאָף, נעמט פון אים אַראָפּ די וואָל מיט דער פעל צוזאַמען. קומט עס אָן אַמאָל אין געריכט — באַווייזט זיך דער „שעריף" וואַטסאָן, מיט דער אָפּגעשאָסענער האַנט און דער ריכטער האַרד־מאַן, דער אַלטער בחור וואָס הינקט אויף אַ פוס, ווערט אַ ליאַרם אין טאָמאַסוויל, קומען אַרויס צדדים און פּאַרמיטלער. מען לייגט זיך אַריין און מען מאַכט ווי עס איז שלום.

ווען איינעם פון די איינוואוינער ווערט גאַר שלעכט, גייט ער צו דעם אַלטן מעריקן נאָך אַן עצה.

מעריק גלעט זיך מיט דער דאַרער האַנט דעם וויים־גלאַנציקן שאַרבן פון דעם הוילן קאָפּ, ער זיצט אַ ווײַלע שטיל און ער טראַכט.

ער איז טאַקע אַ שכלדיקער מענטש, אָט־אָ דער אַלטער מעריק. ער הייסט אונטערשרייבן אַ „מאָרטגעדזש" און ער גיט געלט דערפאַר. וועגן „באַנוס" וויל ער ניט רעדן — דאָס איז דאָך באַשטימט. צוואַנציק פּראָצענט איז גענוג!

צוליב וואָס זאָל ער נעמען מער? ער וויל ניט באַרייסן אַ באַקאַנטן.

דער אַלטער מעריק גייט אַרום אַן אויסגעבויגענער, אַזוי ווי אַ סערפּ, און ער טראָגט דאָס גאַנצע שטעטל ביי זיך אין קעשענע.

טאָמאַסוויל באַקלאָגט זיך אויף איר לאַגע. צערעדט מען זיך ווינטער אין קראָם ביי דעם הייסן אויוון: די זומערס זיינען ניט גוט, זוכט מען אַן עצה — ווי אַזוי אויפצולעבן דאָס שטעטל, איינפירן עפּעס נייעס, וואָס זאָל צוציען די זומער־געסט. פאַלן פאָרשלאָגן פון דעם, פון יענעם, יעדער איינער האָט עפּעס צו זאָגן.

זאָגט איינער: טאָמאַסוויל דאַרף בויען אַ „דעם", פאַרהאַלטן דעם טייך און מאַכן א „לייק". דאָס וועט ראַטעווען טאָמאַסוויל, זי שטעלן אויף די פיס.

זאָגט א צווייטער: וואָס מיר „דעם", ווער מיר „דעם", זאָל מען מאַכן אַ הילצערן ראָד, אַ קאַרוסעל מיט אַ קאַסטן און עס זאָל שפּילן — אַזוי ווי דאַנבערג האָט געטאָן.

זאָגט אַ דריטער: דאָס, וואָס דאַנבערג האָט, טויג ניט פאר אונז.

קריגט מען זיך און מען אַמפּערט זיך, ביז מען ווערט איינ־געמידט און אַנטשוויגן. ווייל וואָס איז דאָ פאַראַן פון וואָס צו רעדן, אז טאָמאַסוויל האָט ניט קיין געלט!

זיצט מען ווייטער אַרום אויוון, מען קייט דעם טאַבאַק, מען רויכערט און מען שפּייט.

אַלע ווייסן, אַז שולדיק אין זייער גאַנצן אומגליק איז דאַנבערג. זי האָט געקוילעט טאָמאַסוויל אָן אַ מעסער, צוגענומען די גאַנצע פּרנסה פאַר זיך און איבערגעלאָזט טאָמאַסוויל ווי אויפן וואַסער. וואָס וואָלט געאַרט דער באַן, ווען זי גייט נאָך פיר מייל? אַז מען גייט שוין, גייט מען אַביסל ווייטער — וואָס איז דאָ פאַר אַ בייז? מענטשן דאַרפן דאָך זי ניט שלעפּן — די פאַרע וואָלט דאָך ווייטער אויך געפירט, איז דאָך דאַנבערג ניט דאָס לעצטע אָרט אויף דער ערד? זיפצט אָפּ איינער אַ איד מיט אַ קאַלטן אויפן קאָפּ: אֵי, די באַן, די באַן. עכטע רשעות. ניט פאַרגונען טאָמאַסוויל דאָס גליק. טאָמאַסוויל האָט שוין אַזאַ מזל.

האָט דער שטאַט גענומען בויען אַ וועג, איז מען אין שטעטל לעבעדיק געוואָרן. עפּעס אַ קלייניקייט, אַזאַ גליק! טאָמאַסוויל וועט האָבן אַ צעמענט-וועג, וועט פאַרבונדן ווערן מיט דער גרויסער וועלט. האָט מען די הענט געריבן און מיט אָפענע מיילער פויגל געכאַפּט — אֵי, גוט! טאָמאַסוויל ווערט אויפגעריכט.

אָבער מיט אַמאָל, קיינער האָט ניט געוואוסט ווי אַזוי דאָס איז געשען, טאָמאַסוויל איז אין דרויסן פאַרבליבן, און דאַנבערג האָט גאָר דאָס גליק ביי דעם עק געכאַפּט.

טאָמאַסוויל האָט דעמאָלט אויפגעברויזט, געזאָדן אַזוי ווי וואַסער אין אַ קעסל — אַזאַ אומרעכט טאָר מען ניט דערלאָזן. מיט אַ כיוון אויסמיידן טאָמאַסוויל און אָוועקדרייען זיך צו דאַנבערג! וואו איז דאָס געהערט געוואָרן אַזאַ זאַך?

מען האָט געכאַפּט דעם אַלטן מעריק און דעם ריכטער האַרדמאַן אין דער גיך, אויף אַ פור זיי אָוועקגעזעצט און אָוועקגעשיקט אויף דער גרויסער וועלט: פאָרט איר זיך פון טאָמאַסוויל און זעט וואָס איר קענט פאַר אונז טאָן!

די צוויי בכבודיקע שלוחים זיינען צוריק אַהיים מיט דעם בייטשל געקומען, האָט זיך דעמאָלט ערשט טאָמאַסוויל ביי דעם קאָפּ געכאַפּט: אֵי, אֵי, ווי דאַנבערג האָט זיי אָנגעפּייפט!

נאָר ס'איז שוין געווען פאַרפאַלן, מען האָט גאָרנישט ניט געקענט מאַכן.

דער אַלטער מעריק און דער ריכטער האַרדמאַן האָבן געזאָגט: טאָמאַסווילער, מיר האָבן זיך פאַרשפּעטיקט! דער וועג האָט טאַקי געדאַרפט זיין ביי אונז, נאָר... און דאָ זיינען ביידע בכבודיקע שלוחים שטיל געוואָרן. דער סוד איז פאַרבליבן אין טאָמאַסוויל און

עס איז פון ליפּן צו ליפּן געגאַנגען — דאַנבערג האָט אַ גאָלד־מינץ געזאַמלט — און דעם וועג פון זיי אוועקגענומען.

אָפּגעטאָן, איז פאַרפאַלן! טאָמאַסוויל האָט זיך איבערגעכעסט, זיך נאָכדעם די ליפּן אָפּגעווישט און געשוויגן. וואָלטן זיי ניט זיין קיין נאַראָנים. נאָר די באָן, וואָס וויל זי פון זיי האָבן? יעדעם מאָל, ווען די באָן קומט אין דאַנבערג, הויבט זי אָן צו פייפן, דערגרייכט די הילכיגע פּייפעניש צו טאָמאַסווילער בערג, שלאָגט זיך אָן זיי אָפּ, דרייט זיך אום אין דער לופט און פייפט איבער די שטעטלדיקע — אַזוי ווי זי וואָלט זיך מיט זיי געררייצט:

טאָמאַסוויל! דאַנבערג האָט צוגענומען די באָן, האַ? צו־גענומען!



א. ראובני.

# אויף דער וואַך

גלייך ווי וועלוועלע איז אַרויס פון דער קאָלאָניע־גאַס, האָט אים אַ זעץ געטאָן אין פּנים אַ שטאַרקער ווינט. ס'איז אויסגעקומען, ווי ער וואָלט נאָר געוואַרט אויף אים, אויף זיין אַרויסגיין, כדי ער זאָל האָבן אויף וועמען צו וואַרפן זיך. אַלץ אַרום איז אַנטשוויגן געוואָרן, ווי וועלנדיק איבערוואַרטן דעם הודענדיקן לויף פון'ם ווינט. אַלע פאַרשייַ־דענע קלאַנגען, אַלע שאָרכן און פּיפּסן פון דער נאַכט זיינען פאַרשלונגען געוואָרן פון זיינע בייזע, פייפנדיקע אויסרופן. אַפילו די הינט האָבן אויפ־געהערט צו בילן און דערשראָקן באַהאַלטן זיך אין זייערע הויפן, אין זייַ־ערע ווינקעלעך. אַצינד איז אוממעגלעך געווען עפּעס צו הערן, אויסער זיין נידעריקן וויִטן וואויען און זיינע ווילדע ווײַ־געשרייען ביים דערנענטערן זיך. דער ווינט האָט אָנגעפילט די פוסטקייט פון דער נאַכט. ער איז אַראָפּגעפאַלן פון'ם שוואַרצן הימל און אַרומגעבלאָנדזשעט איבער דער נאָך מער שוואַרצער ערד. און די ערד איז שוין געווען אַ ביינאַכטיקע — אַ שטומע, דורכאויס אַ פינצטערע, אָן דעם הימלס גלאַנציקע פונקן. נאָר אין דער לופטן האָט נאָך עפּעס אַרומגעשוועבט אַ לייכטער, לייכטער, קוים־געזעענער, קוים־געפילטער בלוי־שטאָלענער שאָטן פון ליכטיקייט, און ער איז אויך געוואָרן מיט יעדער רגע קלענער, מינדער.

וועלוועלע איז מיט זיינע געוואוינטע טריט געגאַנגען פון איין טירל

צום אנדערן. מיט די פיס האט ער געפילט זיין שטעגל, דעם שטעגל, וואס זיינע חברים האבן דא אויסגעטראטן במשך פון צוויי יאר וועכטעווען. מיט די פיס האט ער געפילט די גריבלעך און קאנאלעכלעך, וואס ער האט געזאלט אריבערשפאנען. דאס שטעגעלע האט זיך געשלענגלט אין דער לענג פון דער גאנצער וואנט, הארט ביי דער פאדעשווע פון דער וואנט. און אויב עס האט זיך אין אייניקע ערטער עטוואס אפגערוקט, פלעגט עס ביי יעדן טירל אומבאדינגט צוריקקומען צו דער וואנט. ביי די טירלעך פלעגט זיך וועלוועלע אפשטעלן אויף א ווייל. דאס זיינען געווען די הינטערשטע טירלעך פון די שטאלן אדער פון די הויפן. וועלוועלע פלעגט ארומטאפן דאס טירל פון אלע זייטן — צי ס'איז ניטא אין אים קיין בראך, קיין פארדעכטיקטער שפאלט, פרואוון עס א שטויס טאן — צי ס'עפנט זיך ניט? ביי דער זייט פונ'ם שטעגל זיינען געוואקסן „סידרעס", — נידעריקע, געדיכטע קוסטעס, דראענד־שווארצע ביי דער נאכט — די פיינט פון די וועכטער און די בעסטע פריינט פון די גנבים. דארטן, הינטער די סידרעס, קאנען זיי אמאל אפליגן שעהנווייז, נעכט, און אפילו וואכן, היטנדיק דעם וועכטער און אפווארטנדיק א פאסיקן מאמענט אויף צו מאכן די גנבה. און אמאל אזוי לויערנדיק, קאנען זיי אויך אנפאלן אויפן וועכטער אומגעריכטערהייט, פרואוון ביי אים צונעמען דאס געווער, הרגענען אים... ערטערווייז האבן זיך די סידרעס גאר נאענט צוגערוקט צום שטעגל, אזוי נאענט, אז דער וועכטער האט, פארבייגייענדיק, אלעמאל זיך פארטשעפעט אן זייערע שטעכעדיקע צווייגן.

וועלוועלע איז צוגעקומען צום ראג פון דער וואנט, וואו ער האט זיך געדארפט נעמען רעכטס. דא איז ער ווידער געווארן פארזיכטיק. ס'האט זיך שוין געטראפן עטלעכע מאל, אז די רויבערווארטן אפ דעם וועכטער הינטערן ראג, און געבן זיך אויף אים א ווארף ארויף ביים פארקירעווען זיך. ער האט זיך לאנגזאם און אנגעשטרענגט ארומגעקוקט. אפשר ערגעץ פון הינטן אדער פון דער זייט א פארדעכטיקע באוועגונג, א שאטן פון א לעבעדיק באשעפעניש? ער האט זיך אפגערוקט אויף א דריי־פיר שפאן פון דער וואנט, געגעבן א טראט פארויס און א קוק אריין אויף יענער זייט פונ'ם ראג. רואיק. ליידיק. אלץ די זעלביקע שווייגנדיקע, טונקעלע וואנט, די זעלביקע טעמפ־שווארצע פעלדער און נידעריקע, שטעכעדיקע, פיינטלעכע סידרעס ביי דער זייט פון זיין שטעגל. ער האט אויך ניט געווארט, עס זאל זיין אנדערש. גנבים באגעגענען זיך זעלטן. נאר אמאל... אמאל מאכט זיך, אז זיי באגעגענען זיך יא...

פון דאנען האט זיך די וואנט געצויגן לאנג — דאס איז געווען די לענג פון דער גאנצער קאלאניע. פון דעם ראג ביז דעם צווייטן האט ביי אים דער גאנג שטענדיק געדויערט א קארגע האלבע שעה. און צייטנווייז,

ווען מען האָט זיך געדאַרפֿט אָפּטער אָפּשטעלן און מער צוהערן זיך, פֿלעגט דאָס נעמען אַ שעה אויך — דורכגיין זי. נאָר דאָס גיין דאָ איז אים ניט געווען לאַנגווייליק. צווישן אים מיט דער וואַנט — און דווקא מיט אָט־דעם הינטערשטן און ווייטסטן טייל פֿון דער וואַנט — האָט זיך שוין פֿון לאַנג איינגעשטעלט עפּעס אַ באַזונדערע נאָענטקייט. אים איז געווען געפֿעלן, וואָס ער באַגעגנט זיך מיט איר נאָר ביי דער נאַכט. ער האָט ניט געוואוסט, אַוועלכע זי איז, און ווי זי זעט אויס בייטאָג — און ביי־נאַכט איז זי תמיד געווען אַ טונקעלע, אַ שטומע און אַ האַרטע. ער האָט ניט געוואוסט, וואָס פֿאַר אַ קאָליר זי האָט, ווי זיינען באַפֿאַרבט אירע שטיינער. אין די פֿינצטערע נעכט זיינען זיי געווען שוואַרצע, גאָר שוואַר־צע, און אין די ליכטיקע לבנה־נעכט האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז זיי זיינען רויטע, געדיכט־רויטע, בלוט־רויטע, און אַרומגעפֿירט מיט שוואַרצע קאַנטן. גייענדיק פֿאַרביי, פֿלעגט ער אַמאָל ביי זיך אָפּמאַכן אומיסטן צוגיין בייטאָג זען, וואָס זי שטעלט מיט זיך פֿאָר אין דער אמתן. און בייטאָג פֿלעגט ער דאָס פֿאַרגעסן, אָדער פֿוילן זיך גיין אין דער היץ, אָדער אַליין שעמען זיך פֿאַר זיין „נאַרישן געדאַנק“. און ווען ס'איז אים אויס־געקומען צופֿעליק איינציקע מאָל פֿאַרבייגיין די וואַנט בייטאָג, איז אים גראָד דאַן אַרויס פֿון זינען זיין אינטערעס צו איר; ער איז פֿאַרבייגעגאַנגען און ניט אומגעקוקט זיך אויף איר. און שפּעטער, דערמאָנענדיק זיך וועגן דעם, האָט ער געשמייכלט מיט אַן אומבאַוואוסטזיניק צופֿרידענעם שמייכל און געזאָגט צו זיך אַליין: „מן אללא“! ס'איז פֿון גאָט!... ניט אַנ־דערש!... ער האָט ליב געהאַט צו טראַכטן, אַז אויך זי קען ניט אים, דעם בייטאָגיקן. זי זעט קיינמאָל ניט אים, דעם שוואַכן, דעם פֿיבער־דיקן, דעם שלאָפֿנדיקן, דעם ליידיקגייער. זי זעט אים נאָר אין זיין בעסטן אויסזען — דעם שטאַרקן, דעם באַוואָפֿנטן, דעם אומגעווייגלעכן, דעם ביינאַכטיקן. יעדע נאַכט באַשיצט ער זי, מען זאָל זי ניט אָנרירן, מען זאָל זי ניט דורכברעכן, און זי ווייסט, אַז זי קאָן זיך פֿאַרלאָזן אויף אים. און זי אים — ווייניק טוט זי דען פֿאַר אים? וואו דען לויפֿט ער וועגן שוץ בעת אַ סכנה? סיידן ניט צו איר פֿאַלט ער צו מיטן רוקן, זי זאָל אים פֿאַרהיטן פֿון הינטן, ווען ער גרייט זיך צו אַ קאַמף פֿון פֿאָרנט? דאַן שטייט ער אַזוי נאָענט און אַזוי צוטרויליך צוגעטוליעט צו איר! אין איר קאַלטער שטייפֿקייט שעפּט ער מוט און כוח. דאַן פֿילט ער, ווי אַ טייל פֿון איר שטיינערנער נשמה וואָלט אַריבער אין אים, און ער ווערט אַליין אַ שטייפֿער און אַ קאַלטער, און שטייט ווי אַ פֿאַרשטיי־נערטער אַנטקעגן די קוילן פֿון פֿיינט... וועלוועלען איז ניט לאַנגווייליק הינטער דער וואַנט; ער פֿילט זיך פֿאַרבונדן מיט איר.

וועלוועלע האָט פֿלוצלונג אַרויפֿגעטראָטן אויף אַ שטיק בלעך — אַ

דעקל אָדער א זייטל פון א בלעכענעם נאַפט־קעסטל. דאָס בלעך האָט אונטער זיין פוס אַ קלונג געטאָן מיט א צעבראָכענעם, קרעכצנדיקן קלונג. ער האָט זיך מיט אַמאָל געגעבן אַ שטעל אָפּ און אַ קוק אַרום. ער האָט זיך שטילערהייט צוגעזעצט, גענומען דאָס שטיקל בלעך אין די הענט און אַוועקגעלייגט אָן אַ זייט פון'ם שטעגל. אויפן שטעגל דאַרף מען גיין לייכט, קלאַנגלאָז — דאָס שטעגל דאַרף זיין ריין. פון וואַנען איז דאָ דאָס בלעך? אַוודאי האָט מען אים בייטאָג אַרויסגעוואָרפן פון אַ הויף. נאָר עס טרעפט זיך אַנדערש אויך. אַמאָל לייגן „זיי" אונטער אומיסטן אַ בלעך אָדער וואָס עס איז קלאַפּעדיקעס דעם וועכטער אונטער די פיס, כדי צו הערן ווען ער גייט דורך. און אַצינד הייבט ער שוין טאַקע אָן ווערן אומרואיק. אין געגנט האָבן זיך שוין געמאַכט „צופאַלן". מיט אַ פּאָר נעכט פריער, זיינען דריי אומבאַקאַנטע רייטער באַפאַלן אַ פעלאַך, וואָס איז געפאָרן מיטן וועג, טאַקע אויפן אידישן באָדן, אַ האַלבע שעה פון דער קאָלאָניע, און צוגענומען ביי אים אַ שקאַפּע פון פופצן לירעס. און אין דער קאָלאָניע האָט מען פון קיין זאַך ניט געוואוסט ביז אין דער פרי!... שייך סעיד, דער באַוואוסטער אָנפירער פון די גנבים אין געגנט, האָט אים שוין מודיע געווען, דעם פעלאַך, אַז פאַר ניין לירעס קאָן ער האָבן צוריק זיין שקאַפּע. ער וועט זי שוין אויסדינגען פאַר אַ פינף לירעס אויסלייז־געלט!... אַ ווײלע איז וועלוועלע געזעסן אויף די קני און שאַרף זיך צוגעהערט. דערנאָך האָט ער זיך אויפגעהויבן און לאַנגזאַם גלייכגילטיק אַוועק ווייטער. אַמאָל, די ערשטע צייט, פלעגן די אַלע קליינע שרעקן און פאַרדאַכטן מאַכן אים שטאַרק נערוועז. אַצינד איז זייער ווירקונג אַ סך אַ קלענערע און אַ קירצערע. ער נעמט זיי אויף פאַרבייגייענדיק, ווי אַ שטאָטישער מענטש די גאַס איינדרוקן, די מעגלעכקייט איבערגעפאָרן צו ווערן, צוזאַמענשטויסן זיך מיט עמיצן, אַריינפאַלן אין אַ געשלעג.

וועלוועלע איז באַלד ווידער געוואָרן אומרואיק. ער האָט שוין דערגרייכט כמעט ביזן צווייטן עק פון דער וואַנט. דאָ איז געווען אַן אַלט, שוואַך טירל, וואָס האָט זיך ניט גאָר פעסט געהאַלטן אין זיין ראַם. ביי אַ שטופּ פלעגט עס קלאָגעדיק סקריפּן און אַזוי ווי נאָכגעבן אַביסל. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז מיט איין שטאַרקן שטויס קאָן מען עס אינגאַנצן אַרויסרייסן. שוין ניט איין מאָל האָט וועלוועלע געמאַכט אויף דעם אויפמערקזאַם דעם בעל־הבית, אָבער יענער, אַ פּאַראָרעמטער און אָפּגעלאָזענער קאָלאָניסט, פלעגט נאָר מיט אַ האַלב מויל צוזאָגן פאַרריכטן דאָס טירל. און אַזוי איז עס געבליבן ניט פאַרריכט. יעדע נאַכט פלעגט וועלוועלע מיט אַ באַזונדערן פאַרדראָס אַרומטאַפּן די אַלטע, פאַרשטויבטע און אײַנגעקנייטשטע ברעטער פון'ם טירל און לייכט אַ שטופּ טאָן עס ביים שלאָס —

ער האָט מורא געהאַט, עס זאָל זיך ניט עפענען, און אַצינד איז גראָד אַזוי געווען. קוים האָט ער דאָס טירל אַ ריר געגעבן, ווי עס האָט, מיט אַ שטיל סקריפּען, גענומען אָפּטרעטן פאַר זיין האַנט. ווען ער וואָלט געוועלט, וואָלט ער מן־הסתם געפונען איין אַנ־ סטינקטיוו אוועקגעריסן די האַנט. זיין קין איז עפּעס ווי שאַרפער גע־ וואָרן און אַרויסגערוקט זיך פאָרויס, אַריינגעשניטן זיך אין דער פינצ־ טערניש. די נאָזלעכער האָבן אַ ציטער געטאָן, פאַנאַנדערגעברייטערט זיך און דורשטיק אַריינגעשעפּט די לופט. אים האָט זיך אַפילו אויסגעדאַכט, אַז די אויערן זיינען ביי אים געוואָרן שטייף און אויפגעשטעלט, ווי ביי אַ יאַגד־הונט. ער האָט אַרויסגענומען פון שיידל דעם נאַגאַן און גע־ האַלטן אים גרייט אין דער רעכטער האַנט. נאָך אַ שוואַכער פּרוּוואונדי־ קער שטופּ אין דער טיר. זי האָט ווייטער געגעבן אַ טרעט־אָפּ אויף צוריק. מיט אַ שטאַרקן זעץ, אַביסל אומגעריכט פאַר זיך אַליין, האָט ער זי ברייט געעפנט. ער איז געשטאַנען מיט איין פוס אויפן שוועל, אַ דינער, אַ גלייכער, אַן אָנגעשטרענגטער, די האַנט מיטן רעוואָלווער עטוואָס אַרויסגערוקט פאָרויס, און מיט אויפגערעגטע אויגן געעקבערט דעם חושך. דער הויף האָט געשוויגן, נאָר אַ הונט האָט זיך, ווי צע־ טומלט, אַ וואָרף געגעבן צו אים, און ביים פאַנאַנדערגעבילט זיך, אָבער ניט צוגעקומען נאָענט. וועלוועלע האָט געגעבן אַ לויף אריין אין הויף. ער האָט זיך אומגעקוקט, אַ דריי געטאָן זיך אַרום זיך, און מיט גרויסע שטייפע טריט, ניט זאָרגנדיק זיך מער וועגן פאַרזיכטיקייט, אַרומגעשפּאַנט דעם הויף, צוגעגאַנגען זען, צי ביי די מויל־אייזלען, וואָס זיינען געשטאַנען לעבן אַ וואָגן, זיינען געפּענטעט די פיס, אַרומגעקוקט די שטאַלן, גע־ פּרוּווט די שלעסער... ער האָט אַזוי טאַקע געטראַכט: אַוודאי האָט דער קאָלאָניסט אַליין געלאָזט אָפן דאָס טירל.

אויפן גאַניק האָט זיך באַוויזן דער קאָלאָניסט מיט אַ לאַמטערן, וואָס האָט זיך געוויגט און געטרייסלט ביי אים אין האַנט. מיט דער צווייטער האַנט האָט ער צוגעהאַלטן די אָפענע טיר, און הינטער זיין אַקסל האָט אַרויסגעקוקט אַ צעשראָקן ווייבערש פּנים.

— מן האד? — האָט דער קאָלאָניסט אויסגעשריען אין אַראַ־ ביש — ווער איז דאָ?

— קוש אַ בער! — האָט אַ ברום געטאָן וועלוועלע זיך אונטערן נאָז און איז ביז צוגעגאַנגען צום גאַניק.

— ווער איז — דער וועכטער? — האָט אומרואיק אַ פרעג געטאָן די קאָלאָניסטקע.

— דער וועכטער, דער וועכטער... ר' משה, איר האָט שוין גאָר אויפגעהערט צו פאַרשפּאַרן דאָס טירל? צום שוואַרצן יאָר! אַזוי קאָן מען דאָס אַרויסזעצן מיט איין בלאָז — נעמט איר און לאָזט עס גאָר

אָפּן! מ׳וועט ביי אייך אוועקפירן די בהמות — זיינען מיר שולדיק?... אַז איר לאָזט הפקר, זיינען מיר ניט פאַראַנטוואָרטלעך... מיר וועלן אַזוי ניט צאָלן פאַרן שאָדן, זאָג איך אייך פאָרויס... איך האָב געמיינט גנבים זיינען אינווייניק, איר פאַרשטייט דאָס? צום טייוול!...

נאָר דער קאָלאָניסט האָט ניט פאַרשטאַנען, ער האָט געפרעגט אומ־רואיק:

— ס׳איז גאַנץ? אַלץ איז גאַנץ? אַלע בהמות?

ער איז אוועקגעלאָפן צו די מויל־אייזלען, וואָס לעבן וואָגן, צו די שטאַלן, צו דער הינער־שטייג.

— גאַנץ. כ׳האָב שוין געזען, — האָט ברוגזדיק געזאָגט וועל־וועלע.

— נו, דאַנקען גאָט! — האָט מיט אַ דערלייכטערונג אָפּגעזיפצט די קאָלאָניסטקע און אריין אין שטוב.

וועלוועלע איז נאָכגעגאַנגען דעם בעל־הבית. זיי זיינען צו צום טירל.

— ר׳ משה, איך זאָג אייך נאָכאַמאָל... מיר וועלן זיך קלאָגן צום קאָמיטעט פון דער קאָלאָניע... מיר דאַרפן ניט ליידן פאַר אייך!

דער קאָלאָניסט האָט זיך אָפּגעשטעלט און מיט אַן איינגעהאַלטע־נער פיינטלעכקייט געגעבן אַ קוק אויפן וועכטער.

— כ׳וועל פאַרריכטן דאָס טירל! כ׳האָב דאָך אייך שוין געזאָגט!... וואָס ווילט איר פון מיר? וואָס, איך האָב עס אומיסטן געלאָזט אָפן? ווען זאָל איך עס מאַכן? כ׳וועל פרייער זיין פונ׳ם שייער, וועל איך עס פאַרריכטן.

וועלוועלע איז אַרויס פון הויף און אוועק ווייטער צו דער וואַנט. אַצינד איז ער געוואָרן רואיק, מיט אַן אַפּאַטישער רואיקייט, אַזוי ווי אויסגעליידיקט אינווייניק. ביי יעדן טירל פלעגט ער, ווי פריער, כאַפּן אַ קוק אַרום און אויף הינטער זיך; פאַרביי די סידרעס איז ער גע־גאַנגען מיט לאַנגזאַמערע טריט און שאַרפער זיך צוגעהערט — אָבער דאָס אַלץ האָט ער געטאָן מעכאַניש, ווי מעכאַניש אַ מענטש טרעט אי־בער מיט די פיס בעתן גיין. ער האָט געוואוסט אויף זיכער, אַז קיין גנבים וועלן זיך היינט ניט באַגעגענען. אַצינד האָט ער איבער אַ נייעם דערפילט דעם קאַפּוויטיק, און נאָך שטאַרקער ווי פריער. מיט אַמאָל איז אים קלאָר געוואָרן, פאַרוואָס ער איז אַזוי „אָנגעדרייט", אַזוי ברוגזדיק דעם גאַנצן אָוונט. ער פיבערט דאָך!... אָט כאַפּט אים אָן אַ קאַלטער ציטער, עס טרייסלט אים שוין היבשלעך... מאָרגן וועט ער שוין האָבן אַ טאָג... אָ, ווען ער זאָל זיך קאָנען אוועקליינגן!...

(פון „הינטערן וואַנט.")



נאָכן טאָג     ברעטאן

א. ראובני.

# אַ וועכטערס וואונטש

כ'וועל זיין שוין אַלט, נאָר ווי אַ יונגער — מונטער,
אַ גרויע באָרד וועט דעקן מיר די ברוסט,
די האַנט — נאָך שטאַרק, דער קערפּער — אַ געזונטער,
נאָך פריש און קרעפטיק, פול מיט לעבנס־לוסט.

פינף זין וועלן זיין ביי מיר, און אַלע — וועכטער,
ווי יונגע פערדלעך היציק, שנעל און פלינק...
פינף זין וועלן זיין ביי מיר, פינף זין — ניט טעכטער! —
ווי וועלף — ווייטזיכטיק, און ווי הירשן — גרינג.

איך רוף זיי צו. איך זאָג זיי: „היידאַ, קינדער!"
אין איין מינוט — מיר זיינען אויף די פערד.
און איך — פאָרויס. איך טרייב דאָס פערד געשווינדער.
זיי האַלטן נאָך — עס טרייסלט זיך די ערד...

דורך באַרג און טאָל, דורך פעלדער, איבער גריבער...
עס גייען גמלים: „קריכט אייך, גמלים, קריכט!..."
און מיר — פאַרביי!... אַ וואַסער־שטראָם — אַריבער!...
עס פייפט דער ווינט און שלאָגט אונז אין געזיכט...

מיר זעען אַ פריינט — מיר גיבן אָפּ אים שלום,
אַ פיינט — אַנטלויף! פאַרטרדוי ניט אויף קיין נס!...
— — — — — — — — — — — —
דאָס איז מיין וואונטש! ס'איז מיין געהיימער חלום —
אַ חלום פון אַ וועכטער — אַ טשערקעס...

ו. קאַראָלענקאָ.

# דער ים

1

די זון איז אונטערגעגאַנגען און עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ ווינט.

די מערב-זייט האָט זיך מיט אַ פורפורנעם שלייער פאַרצויגן. וואָס ווייטער און וואָס טיפער עס האָט געפלאַקערט דער האָריזאָנט, איז אַלץ קעלטער און טיפער געוואָרן די בלויקייט פון ים. די וואַסערן האָבן זיך צעשפּילט. דער ים האָט זיך געוויגט, און גאַנצע קאָמען פון רוישנדן שוים ווי פון סאַמען אָפּגרונט אַרויפגעשטיגן, ברייך פון פאַרהאַלטענעם צאָרן.

ווייט אויפן ים האָט זיך געצאַפּלט אַ לייוונט פון אַ שיף, ווי פליגלען פון אַ דערשראָקענעם פויגל: אַ פאַרשפּעטיקטער פישער האָט זיך געאײלט צו אַנטלויפן פון שטורם און געיאָגט זיין שיפל צום האַפן.

דער שטורם איז שוין געווען נאָענט, און דער ברעג נאָך אַזוי ווייט, אַז מען האָט אים קוים געקענט זען. דער ים האָט זיך געוויגט, טיפע שאָטנס האָבן זיך צעלייגט אַרום... דער פישער האָט געטריבן זיין שיפל צום ברעג, וואו עס האָט זיך געזען די הויכע פעסטונג.

די כוואַליעס שלאָגן זיך אָן אָן דער שטיינערנער וואַנט; דער ווייסער שוים כאַפּט אַרום דעם שטיינערנעם ברעג פון אינזל; די וואַסערן שפּילן און הייבן זיך העכער און העכער און פאַלן אָפּ און הייבן זיך ווידער און רוישן.

אין אַ פענצטער פון פעסטונג האָט זיך באַוויזן אַ רויטלעך פייערל. באַלד איז אָבער די פעסטונג מיט דעם אינזל פאַרשוואונדן אין טונקל הינטער די רוישנדע וועלן... נאָר דאָס פייערל ציטערט דאָרט אויבן איבערן רוישנדן ים... אַ קליינער אומעטיקער פונק איבער אַ שרעקלעכן, צאָרנדיקן אָפּגרונט.

— האַלט!... ווער איז דאָ? — רופט די וואַך פון וואַל צו דעם שיפל, און אַ טונקעלע געשטאַלט פון אַ סאָלדאַט צילט אָן אויף אים די ביקס. דער ים איז אָבער נאָך שרעקלעכער פאַרן מענטשן. דער פישער קען דעם לייוונט און רודער ניט לאָזן פון האַנט און זיין קול ווערט פאַרהילכט דורכן רוישן פון ים. זיין שיפל וואַרט אָפּ אויף אַ

נייעם קלאַפּ פון די וועלן, ווייכט צוריק, גיט פלוצים אַ ציטער — און אין איין אויגנבליק פאַלט דער לייוונט אַראָפּ און דאָס שיפל פליט אַריין אין בוכטע.

— ווער איז דאָ? — רופט דער סאַלדאַט נאָך אַמאָל און קוקט פריינטלעך אויפן שיפל, וואָס וויגט זיך שוין אויף דעם רואיקן וואַסער פון בוכטע.

— ברודער... זע, וואָס עס טוט זיך... עפן!

— וואַרט, באַלד! איך וועל נאָר רופן דעם אָפיצער.

אויפן וואַל דערשיינען נייע געשטאַלטן. איבערן רוישן פון ים הערט מען קוים די שטימען פון די מענטשן. אָבער וואָס מער עס רוישן די וועלן, ווערן די שטימען אַלץ פריינטלעכער... באַלד עפנט זיך דער טויער פון דער מויער-וואַנט, און דער פישער טרעט אַריין אין פעסטונג.

דאָרטן, אין דעם סאָלדאַטסקן שטיבעלע, וועט אים זיין רואיק און וואַרעם און אנגענעם צו דערמאָנען זיך אָן דעם ווילדן שטורם פון ים, אָן דער פינצטערער נאַכט, וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט איבערן טיפן אָפּגרונט, דאָרטן וואו ער איז נאָר וואָס געווען.

הינטער דער וואַנט ליגט נאָר דער ים און די פינצטערע תפיסה מיט דעם רויטלעכן פייערל. די כוואַליעס קרעכצן און רוישן און שלאָגן זיך ווילד צווישן זיך און אָן די ברעגן, און דער שטורמווינט באַרעט זיך מיט זיי...

און דאָס קליינע שיפעלע וויגט זיך אויף אַ קורצער קייט אויפן וואַסער לעבן דעם מויער, ווי אַ לעבעדיקע באַשעפעניש, וואָס ווערט זיך קעגן די מוראדיקע וועלן.

2

דאָס קליינע ליכטל אין פענצטער פון טורעם איז אויף אַ מינוט פאַרשוואונדן.

אַ קאָפּ פון אַ מענטשן האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף דער אייזערנער גראַטע. דער געפאַנגענער האָט אַרויסגעקוקט אויפן ים און איז האַסטיק צוריק אָפּגעשפּרונגען פון פענצטער. דער ים האָט געגרוישט — און אונטן, לעבן ברעג, האָט זיך געוויגט און געשאָקלט אויף די וועלן אַ קליין שיפעלע.

דאַכט זיך דאָס אים? איז דאָס נאָר אַ בילד פון זיין צעהיצטער פאַנטאַזיע? ער לויפט אַרום הין און צוריק אין זיין ענג קאַמערל, און זיין שאָטן ציט זיך דורך דער אייזערנער גראַטע פון פענצטערל. און ער שפּרינגט ווידער אַרויף און קוקט מיט אַ

זשעדנעם בליק אַראָפּ אין דעם טונקל. די וועלן שלאָגן זיך אָן ברעג, און דאָס שיפל וויגט זיך, מאַניעט און רייצט דעם געפאַנגענעם. דער מאַסט קרעכצט אונטער די מעכטיקע וועלן, וואָס שלאָגן אָן די פלאַנקען פון לייוונט. דעם געפאַנגענעם אָבער קלינגט דאָס ווי אַ זיסער געזאַנג, וואָס מאַניעט אים ווייט אַהין, אַרויס. ער שפּרינגט ווידער אַראָפּ, טוליעט זיך צו צו דער ערד אין אַ ווינקעלע און זויגט זיך איין מיט די אויגן אין פענצטער.

עטלעכע מינוט זיינען פאַרבייגעגאַנגען.

דער געפאַנגענער האָט זיך פּלוצים אויפגעהויבן און צוגעגאַנגען צום וואַנט, אַרויסגענומען אַ שטיין און אַרויסגענומען פון דאָרטן אַ באַהאַלטן קליין פּיילכעלע; איז צוגעגאַנגען צו דער טיר, צוגע־לייגט דעם אויער און האָט זיך צוגעהערט. עס איז אַלץ געווען שטיל; אין קאָרידאָר האָט זיך קיין טריט ניט געהערט, עפּעס אָקוראַט ווי דאָס גאַנצע לעבן אין תפיסה איז אויסגעשטאָרבן, און מען האָט נאָר געהערט דעם גערויש פון דעם שטורם. ער איז צוגעגאַנגען צוריק צו דער גראַטע. שוין לאַנג, אויך אין אזעלכע שטורמישע נעכט, האָט ער אָנגעפּיילט די אייזערנע גראַטע. דער שטורם האָט פאַרהילכט זיין האַסטיק פיילן, און די וואַך האָט גאָרניט ניט גע־קענט הערן.

צוליב וואָס ער האָט דאָס געטאָן, האָט ער אַליין ניט געוואוסט אָקוראַט. איבערן קאָפּ ביי אים איז הין און צוריק אומגעגאַנגען דער סאָלדאַט, וועלכער האָט מיט איין בליק געקענט אַרומכאַפּן דעם גאַנצן ברעג. די שיפלעך פלעגן שטענדיק שטיין ביינאַכט אויף דעם אַנדערן ברעג, און ער פלעגט נאָר אין שטורמישע נעכט קענען אַרבעטן, ווען דער סאָלדאַט באַהאַלט זיך אין בודקע און וויקלט זיך איין אין שינעל און מיינט, אַז אין אַזאַ וועטער וועט קיין שיפל ניט צוגיין נאָענט און קיינער וועט זיך דעם ים ניט פאַרטרויען. אין אזעלכע נעכט נאָר האָט דער געפאַנגענער געקענט האָפן די גראַטע דורכצופיילן און פון דער תפיסה אַנטלויפן...

— ווי? וואוהין? ווי אַזוי?...

ער האָט די אַלע קשיות געוואוסט, אָבער אַ טונקעלע, אַן אומבאַשטימטע האָפנונג האָט אין אים נאָך געלעבט; און קוקנדיק אויפן ים, בעת ער איז געווען רואיק און גלאַט ווי אַ שפּיגל, האָט ער מיט אומגעדולד געוואַרט אויף אַ שטורמדיקער נאַכט. און אַז דער ווינט פלעגט אָנהייבן צו פייפן, און דער ים מיט א ווילדן רעש צו שלאָגן זיינע וועלן אָן שטיינערנעם ברעג, פלעגט ער אָנ־הייבן אַרבעטן. גאַנצע נעכט פלעגט ער פאַרברענגען ביי זיין אַר־

בעט, און אַז ער פלעגט זיך דערנאָכדעם אַ וואָרף טאָן אויף זיין הארטן געלעגער, פלעגט ער איינשלאָפן שטאַרק און זען אין חלום — די פרייהייט. אָט דאָרטן איז זי! נאָר עטלעכע פיילן אין לעצטן שטאָב טיילן אים אָפּ פון איר. יאָ, נאָך עפּעס: די אוממעגלעכקייט דעם שטורמישן ים איבערצושווימען. דעם שטאָב וועט ער באַלד אינגאַנצן דורכפיילן און נאָכדעם בלייבט אים נאָר איין איינציקער שטער — נאָר איין איינציקער!

און ער פאַלט ווייטער.

דער ים גרוילט, דאָס שיפל ווינגט זיך לייכט אויפן וואַסער, דער געפאַנגענער פיילט, און אויבן אויפן מויער־וואַנט זוכט דער סאָלדאַט אין זיין בודקע שוץ פון דעם משונהדיקן ווינט.

אַז ער האָט די גראָטע דורכגעפיילט, האָט ער זי פאָרזיכטיק אַרויסגענומען און אַנידערגעשטעלט אויפן בריק. געשווינד, ניט טראַכטנדיק, האָט ער אַ שפרונג געטאָן אויפן פענצטער און פון דאָרט אויף דער ערד. און ערשט דאַן האָט ער פאַרשטאַנען, וואָס עס שטייט אים פאָר.

דער שטורם האָט אויך אים אַ טרייסל געטאָן. דאָרטן אין קעמערל האָט ער זיך גאָר ניט געקענט פאָרשטעלן, ווי גרויס עס איז דער כוח פון שטורם, און ערשט איצט, פאַרכאַפּט פון דעם כוח, באַטויבט פון דעם ווילדן רעש פון ים, האָט ער זיך געפילט שלאַף און שוואַך. די פינצטערקייט האָט זיך אים איצטער נאָך פינצטערער געדאַכט, דער ווינט נאָך מוראדיקער.

און דער ים האָט אין גרויס צאָרן געטענהט מיט די פעלזן אויפן ברעג, און דער מענטש איז געזעסן, געציטערט און צוגעהערט זיך מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ.

אָט טרעט דער ים צוריק. זיין רעש פאַרשטומט. די מיט שוים באַדעקטע וועלן גלעטן זיך אוים און די אָפּגעריסענע שטיינער פון הויכן ברעג פאַלן און קייקלען זיך מיט אַ טייוולישן געלעכטער אין ים.

דער מענטש, אָנגעשפּאַרט אָן מויער, בייסט זיך איין מיט די אויגן אין דער וועלע, וואָס לויפט צוריק צום ברעג. אים דאַכט זיך, אַז מיט איר פּליאָסק רופט זי אים אַרוים צו דער פרייהייט.

אָבער ווי נאָר די פינצטערניש רוקט זיך אָן ווידער, און די כוואַליעס גיבן ווידער אַ קלאַפּ אָן דעם ברעג, דריקט ער זיך ווידער צום וואַנט. ער הייבט אויף די אויגן און קוקט מיט אַ דערשראָקענעם בליק אויף דעם טויטן שרעקלעכן געבוי. הויך איבער דעם ים

הויבט זיך אויף דער פעלז און קוקט, דאכט זיך, מיט אַ שמייכל אויף זיין ליאַרם.

בלייב דאָ! — זאָגן די מויערן — הינטער אונז איז רואיק און שטיל — דאָרטן איז אומרואיקייט און געפאַר!

די האַרמאַטן שטרעקן אויס איבער אים זייער האַלז און קוקן שטום אויף דעם שונא און וואַרטן. די אויפגערעגטע אכזריותדיקע נאַטור האָט זיין פאַרשלאָגן האַרץ מיט שרעק אָנגעפילט.

ניין, — טראַכט ער — אַזוי רעדט נאָר צו מיר דער אונטער־גאַנג מיט זיין שרעקלעכן קול; דאָס איז דער טויט, וואָס שוועבט איבערן ים און רופט נאָך זיין קרבן.

און ער האָט זיך אויפגעהויבן, מיט ציטערדיקע טריט צוגע־גאַנגען צו זיין קעמערל. האַסטיק שפרינגט ער אַרויף אויפן פענצטער און קוקט זיך נאָך אַמאָל אַרום אין זיין קעמערל.

3

דאָס ליכטל האָט געברענט ווי פריער. אין זיין רואיקן טויטלעכן שיין האָט מען געקענט אַרומקוקן דאָס גאַנצע קעמערל מיט יעדן ווינקעלע. פון די מויער־ווענט און פון דעם געוועלבטן באַלקן האָבן געקוקט אויף דעם מענטשן אַ סך יאָרן פון זיין לעבן, און די שטיל־קייט, וואָס דאָ האָט געהערשט, האָט זיך אים אויסגעוויזן נאָך שרעקלעכער, ווי דאָס ווילדע ברויזן פון ים.

ווידער האָט אים אַרומגעכאַפּט דער שטורם, ווידער האָט איבער זיין קאָפּ געקוקט דער אָפענער האַלז פון די האַרמאַטן, ווידער האָבן געברוישט די כוואַליעס. נאָר דאָס ווילדע ברויזן פון ים האָט אים איצטער געקלונגען ווי אַ פריילעכער קול פון אַ ברודער...

4

ער וואַרפט זיך צום שיפל און בינדט אָפּ האַסטיק די קייט. ער האָט אַרומגעקוקט דאָס שיפל, עס איז געווען אין אָרדנונג: דער לייוונט איז געלעגן אינווייניק, די רודערס אָנגעטשעפּעט אָן די שליסלען אין דער לענג פון שיפל. דער רודער האָט זיך געשאָקלט אין די כוואַליעס, אַקוראַט ווי ער וואָלט געוואַרט אויף אַ שטאַרקער געניטער האַנט.

נאָך אַמאָל אַ קוק אין דעם חושך פון ים.

אוים אַלע ספקות! ער האָט זיך אַנטשלאָסן!

א נייער שטורם האָט אַ קלאַפּ געטאָן. דער מאַן איז אַריינ־געשפּרונגען אין שיפל, האָט עס אַ קער געטאָן צום ווייטן ברעג, האָט אָנגעצויגן דעם לייוונט און גענומען אין האַנט דעם רודער. דאָס שיפל גיט זיך אַ הייב, גיט אַ ציטער, בלייבט אַ רגע שטיין, און ווי אַ פייל פון בויגן פליט עס פּלוצים אין דעם ווילדן חושך אַריין. דער לייוונט בלאָזט זיך אָן, און דעם מאַן ביים רודער פאַרכאַפּט דער אָטעם.

עטלעכע רגעם פאַרגייען... אינסטינקטיוו קערט ער זיך אום. אָבער וועגן צוריקקערן זיך אין פעסטונג קומט אים קיין געדאַנק אין מוח נישט אַריין. די פינצטערע מוראַדיקע געשטאַלט פון דער פעסטונג איז געשטאַנען הויך איבערן ים און איז פאַרשוואונדן מיט אַן אומגלויבלעכער געשווינדקייט.

און ווי אַ היפּוך צו דעם ווילדן טרייבן דאָ, איז פאַר דעם מאַן אויפגעשטאַנען די תפיסה, די טויטע שטילקייט אין איר. די באַ־לויכטענע ווענט, דער נידעריקער באַלקן, דער שטרויזאַק אויפן בריק. די טויטע רו און שטילקייט איז געוועזן נאָך שרעקלעכער פאַר דער ווילדקייט פון ים. דאָ וואַרט אויף אים אַ קאַמף מיט דעם טויט — פאַר זיין לעבן, דאָרטן קוקט שוין דער טויט אַליין מיט זיין קאַלטן רויטלעכן שיין!

ער וויגט זיך מיט דעם שיפל צוגלייך און זינקט מיט אים אין דער טונקעלער טיפקייט.

— פאָרוועַרטס, מיט מוט!

מיט אַמאָל גיט אַ קלאַפּ אַ דונער הינטער אים; די לופט ווערט דערציטערט, דער טאָן צעקייקלט זיך איבערן ים, און דער ווידער־קול פון מוראַדיקן שאָס צעברעכט זיך אָן די ווילדע כוואַליעס... העל באַלויכטן האָבן זיי די וועלן, גלענצן אין דעם רויטן ליכט, לעשן זיך אויס און פאַרשווינדן אין דער אַרומיקער פינצטערניש.

דאָס שיפל פליט אַראָפּ אין דעם אָפּגרונט, הייבט זיך ווידער און פליט אַרויף אויף אַ באַרג פון וועלן. דער מאַן האַלט זיך שטאַרק און קוקט זיך אַרום. דער אינזל מיט דער תפיסה זיינען לאַנג פאַרשוואונדן, און נאָר איין אויגנבליק האָט געציטערט פון ווייטן דער שוואַכער שיין פון דעם צווייטן האַרמאַטנשאָס, וועלכער האָט געפאָדערט צוריק זיין גערויבטן קרבן פון ים.

די האַנט פון דעם מאַן האָט געדריקט פעסט אויפן רודער פון שיפל. אים האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס אייזן מוז צעשמאָלצן ווערן

אונטער אַזאַ דרוק. אין זיין האַרצן האָט זיך אויפגעהויבן אַ געפיל פון פרייד, ווי ער האָט נאָך ניט געהאַט. און אַ הויכער, אַ שטאַרקער געשריי האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיין ברוסט און צעגאָסן זיך איבערן ים...

ער איז געווען אַליין — אַליין ווייט און ברייט: אַליין אויפן מוראדיקן אומבאַגרענעצטן ים. ער האַלט זיין שיקזאַל אין זיין אייגענער האַנט, — און די האַנט ציטערט נישט. זיין אויג וועט אים נישט פאַרפירן. פון וועלע צו וועלע, פון אָפּגרונט צו אָפּגרונט... ווער וועט אַנטקעגן אים שטרייטן?... קיינער נישט, קיינער נישט!...

דער הימל איז געווען טונקל, דער ים האָט גערוישט, און ווייט און ברייט האָט מען גאָרנישט געקענט זען אַ חוץ דער פינצטערניש און דעם ווילדן טאַנץ פון די וועלן.

5

אויף מאָרגן איז די זון אויפגעגאַנגען איבערן קלאָרן בלאַסן הימל. דער שטורם האָט זיך געלייגט, דער ים האָט זיך באַרואיקט.

אויף דער וואַנט פון מויער איז געשטאַנען אַ נייע וואַך. אַ קליינער דאַמפער איז צוגעגאַנגען צום ברעג און אויסגעשפּרייט נאָך זיך אַ לאַנגן פּאַס פון רויך.

דער נעכטיקער פישער איז געשטאַנען אויפן ברעג און געקוקט פאַרטראַכט אויפן ים.

זיין שיפל איז פאַרלאָרן געגאַנגען; אָבער נישט וועגן שיפל האָט ער געטראַכט: ער האָט געקוקט אויף דעם פינקלדיקן לאַכנדיקן ים און האָט געטראַכט וועגן נעכטיקן שטורם און וועגן — דעם מאַן.

וואו קען ער איצט זיין? צי ליגט ער ערגעץ אויפן טיפן גרונט פון׳ם ים? צי וואַנדערט ער ערגעץ דאָרט ווייט אויף יענעם ברעג און קוקט צוריק אויף דעם פינצטערן געבוי?

אָבער וואו ער זאָל נישט זיין, וואוהין ס׳האָט אים ניט פאַר־טראָגן דער שיינער, אכזריותדיקער מוראדיקער ים — ער האָט געלעבט! אָנשטאָט יאָרן לאַנג אויסצוגיין אין דער פינצטערער תפיסה ווי אַ שטילע ליכט, האָט אים דער ים געשענקט אַ רגע. אָבער אַ רגע פון אַ פול גאַנץ לעבן!

א. רייזען.

# די וואַנט

די אויגן — פול צאָרן, פאַרגאָסן מיט בלוט,
די הערצער — זיי שלאָגן מיט קראַפט און מיט מוט —
מיר שטייען ביי אַ הויכער, געמויערטער וואַנט, —
מיט העק און מיט האַמערס, און אייזנס אין האַנט —
מיר ברעכן די וואַנט!

די וואַנט איז געמויערט גאָר פעסט און גאָר דיק,
פאַרצוימט אונז די וועגן צום לעבן, צום גליק:
פאַרשטעלט אונז די ליכטיקע זון און זי מאַכט
פון פריילעכן טאָג אונז א פינצטערע נאַכט —
מיר ברעכן די וואַנט!

און פאַלט פון דער שטיינערנער וואַנט ווען אַראָפּ
אַ שטיין, צי אַ ציגל, טרעפט וועמען אין קאָפּ, —
די איבריקע בלייבן דאָך שטיין גאָר אָן שרעק
און אַרבעטן ווייטער, מען לויפט נישט אַוועק —
מיר ברעכן די וואַנט!

די אַרבעט דאַרף דויערן, די אַרבעט איז שווער —
פאַרזאַמלט זיך ברידער, קומט אַלע אַהער,
זאָל יעדערער צולייגן פעסטער זיין האַנט,
מיר וועלן די הויכע, די פינצטערע וואַנט —
צעברעכן, צעברעכן די וואַנט!...



רובין　　　　　　　　　　　　　　　　　　　　　　　　　　אין גליל

אַבטליון.

# צווישן זאַנגען

(זכרונות)

די נאכט איז געווען א זומערדיקע, אָן אויסגעשטערנטע. אויבן איז געשוואומען א פולע, העלע לבנה און באַשיינט די ברייטע פעלדער פון מרחביה. ס׳האָט א בלאָז געטאָן א קיל ווינטל און די פולע זאַנגען באַוועגט. אין דער לופט האָט זיך געטראָגן א געשמאַקער ריח פון פולע צייטיקע זאַנגען, וואָס האָבן זיך הויך איבערן פעלד אויפגעהויבן און זיך שוין גענומען בייגן צו דער ערד.

עס איז געווען א פּאָר טעג פאַרן שניט.

אויף א קליינעם שטעגעלע, אָן א זייט פון דעם מרחביהער ארבעטער הייזל, בין איך מיט יצחקן ארומגעגאַנגען און געשמועסט, דערמאָנט זיך אמאָליקע טעג.

ס׳איז שוין געווען א פּאָר שעה אין דער נאַכט, און דאָס קליינע

מרחביהער אַרבעטער־געזינדל האָט שוין לאַנג גערוט נאָך דעם הייסן שווערן אַרבעטס־טאָג.

— נו, יצחק, ווי גייט עס דיר דאָ, אין מרחביה ?

נאָר יצחק האָט ניט געענטפערט, בלויז אַ שמייכל געטאָן, אַ שמייכל פון צופרידנהייט. מיר זיינען געגאַנגען ; דאָס געשפּרעך האָט אונז פאַר־פירט ווייט־ווייט פון דאַנען.

אָט זע איך אים, יצחקן, אין יענע ענגע שמוציקע געסלעך פון ירושלים, פאַראומערט, באַטריבט. ער בלאָנקט אַרום איבער דער אַלטער שטאָט ; ער זוכט אַרבעט. שווער צו געפינען אין ירושלים, נאָר ער געפינט. ער אַרבעט. אַ פינצטערע, שמוציקע דרוקעריי. די געשטיקטע לופט וויל פאַרסמען זיין יונגינקן קערפּער, און אַ טיפער טרויער באַהערשט אים. נאָר אָט — נייע חברים, נייע לידער, אַ רוף צו אַ פרייען געזונטן לעבן ביי דער ערד פון דעם פּאָטערלאַנד. און יצחק פאַרטראַכט זיך ניט לאַנג. עס ציט אים, דעם יונגן קינד פון דער אַלטער שטאָט, אַרויס פון די שמאָלינקע געסלעך, אַרויס צו דער פרייער נאַטור. ער איז דאָך נאָך אַזוי יונג, אַזוי פריש און מונטער. איז דען נישט זיין אָרט דאָרטן, צווישן די פעלדער ? !

איך עפן אויף מיינע אויגן — יצחק צווישן די זאַנגען פון מרחביה...

די לבנה איז שוין געהאַנגען נידעריק אויפן האָריזאָנט. ווי דער ליבער כנרת, איז דער עמק יזרעאל געלעגן צעשפּרייט און זיך שטיל געשושקעט מיט זיינע פולע זאַנגען. יצחק האָט זיך צעפלאַמט — שוין ניט דער יצחק פון ירושלים.

— פאַרשטייסטו מיך, פריינט, ניט אַזוי גרינג איז מיר אָנגעקומען, ביז איך האָב זיך צוגעפּאַסט. שווער איז געווען, די אַרבעט אַ שווערע, אינגאַנצן ניט קיין באַקאַנטע פאַר מיר. די היץ גרויס — און איך בין דאָך פון אַ שטאָט אָנגעקומען, פרעמד פון דעם אַלעמען. אין די דושנע דרוקערייען אין ירושלים — ווען האָב איך די זון געזען ? נאָר איך האָב זיך צוגעוואוינט. איך האָב זיך מיט דער ערד פאַרבונדן, און די אַרבעט איז מיר גרינג געוואָרן. איך בין שוין געוואָרן אַ בירגער, אַ תושב פון דעם עמק יזרעאל. און די ליידן, ווען זיי קומען, און די שוועריקייטן — איך האָב אין זיי אַ גרויסע, אַ הייליקע טרייסט — אָ ט ד אָ ס א ל ץ א י ז א ו נ ז ע ר ס.

יצחק האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אין דער לופטן, באַווייזנדיק דעם געגנט אַרום. אין זיינע שוואַרצע אויגן האָט זיך נאָך העלישער דאָס פייערל אָנגעצונדן.

— און גוט איז מיר געווען ווי קיינמאָל ניט פריער. איך האָב גע־

פילט, אז איך פאַרמאָג דאָס, צו וואָס איך האָב אַזוי פיל געגאַרט. נאָר — מיט אַמאָל איז עס אַנדערש געוואָרן.

— געווען איז דאָס אין איינער פון די ווינטער־נעכט ביי אונז. אין דרויסן איז געגאַנגען אַ רעגן. אין מיין קליינעם חדרל זיינען מיר אויף אַ ראָגאָזשע געזעסן — עטלעכע יונגע אַרבעטער־חברים. מיר האָבן גערעדט וועגן אַרבעט, וועגן לעבן, נאָר דאָ האָט זיך דוד דער גאַליציאַנער צעפלאַמט: — וואָס ווייסט איר, וואָס ווייסט איר פון אַרבעט? וואַרט, עס וועט קומען דער שניט און דער שייער וועט אָנגעפילט ווערן מיט אונזערע פרוכט — ערשט דאַן וועט איר פילן, וואָס אונזער אַרבעט באַטייט. דוד דער גאַליציאַנער האָט לאַנג ניט אויפגעהערט צו רעדן — ער האָט אַלץ דערציילט וועגן דעם שניט. אַלע חברים האָבן זיך צו אים גוט צוגעהערט. און פון דאַן אָן, מיין פריינט, רוט אין מיר ניט מיין בלוט — זאָל שוין קומען דער שניט, זאָל ער קומען! — נאָך אַ פּאָר טעג און ער וועט שוין קומען.

יצחק האָט אויפגעהויבן זיינע שוואַרצע אויגן פון די זאַנגען און אין מיר זיין יונגן דורכדרינגענדן בליק אַריינגעשטאָכן.

— בלייב דאָ, בלייב דאָ מיט אונז ביזן שניט. דער ערשטער אידישער שניט אין דעם עמק יזרעאל, אין אונזער מרחביה. פרי, מיטן מאָרגנשטערן, וועל איך צו דער אַרבעט אַרויסגיין, און ווען מיר וועלן אַלע ווי איינער דעם גרויסן וואָגן מיט תבואה אָנפילן, — דאַן וועל איך אויבן אַרויף, אין דער הויך, איך וועל נעמען די לייצעס אין האַנט און וועל פירן אונזער ערשטן וואָגן תבואה צום שייער.

מיר זיינען נאָך לאַנג אַרומגעגאַנגען אויפן שטעגעלע וואָס הינטער דעם אַרבעטער־הייזל. עטלעכע מאָל האָט אונז מאַירקע דער פעלד־וועכטער באַגעגנט און איז לאַנגזאַם, טריט ביי טריט, אויף זיין הויכער שטאָלצער „אצילה" פאַרבייגעריטן.

יצחק האָט שוין מער ניט גערעדט, — ס'איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט. די לבנה איז שוין לאַנג פאַרגאַנגען. אַ פינצטערניש איז געהאַנגען איבערן עמק. מיר האָבן זיך ביידע אויפן דאַך שלאָפן געלייגט. איך בין נאָך לאַנג ניט איינגעשלאָפן. אין מיין פאַנטאַזיע האָבן זיך פאַרשיידענע בילדער געפלאָנטערט. נאָר יצחק איז באַלד איינגעשלאָפן. אים האָט דער שאָרך פון די זאַנגען פאַרוויגט...

* * *

גיך ווי דער ירדן צווישן די בערג, לויפט דורך די צייט ביי דעם גליל־אַרבעטער. מיטן פיאַש, מיטן אַקער־אייזן פאַרטרייבט מען זי דאָרט. און די פּאָר טעג זיינען גיך דורכגעלאָפן, ס'איז געקומען דער שניט.

יצחק האָט אויסגעפירט זיינס. באַגינען איז ער צו דער אַרבעט אַרויס. און ווען דער ערשטער וואָגן איז געווען אָנגעפילט, איז יצחק אַרויפגעשטיגן הויך, אויפן שפּיץ פון'ם תבואה הויפן, האָט גענומען די לייצעס אין האַנט און ער האָט געפירט דעם ערשטן אידישן תבואה־וואָגן אין עמק יזרעאל.



## א. אויערבאַך.

# רעגן־לידער

## א) מיין גרוב איז טרוקן.

כ'לאָז אַראָפּ אין גרוב דעם עמער
און איך צי אים לער אַרויס.
דאָרשטיק זיינען מיינע קינדער,
וואַסער פעלט ביי מיר אין הויז...

ס'טריקענען די מאַנדל־בוימער
און די זאַנגען אויפן פעלד.
גאָט האָט הייַנטיקס יאָר דעם הימל
מיט אַ קופּער־דעק פאַרשטעלט.

קוק איך גאַנצע טעג צום הימל,
זוך אַ וואָלקן דאָרט און דאָ,
שווינדן וואָלקנס אויפן הימל,
און קיין רעגן איז נישטאָ.

שיק איך אַ געבעט צום הימל:
— שיק אַ רעגן מיר אַראָפּ,
וועל איך הונגעריקע געבן
פון מיין פעלד דעם בעסטן סנאָפּ.

ס'וועלן פון מיין גרוב דאָס וואַסער
טרינקען וואַנדערער אין וועג,
און מיין טיר וועט בלייבן אָפן
פאַר די מידע גאַנצע טעג...

## ב) ס'רעגנט.

ס'איז ביינאַכט געווען דער הימל
טיף אַזוי און בלוי,
און געלייגט האָב איך זיך שלאָפן
אין אַ סקירדע שטרוי...

איז מיר פּלוצלונג קאַלט געוואָרן:
פאַלט שוין איצט דער טוי?
טיפער האָב איך זיך געטוליעט
אין דעם ווייכן שטרוי...

ווער האָט זיך געריכט אויף רעגן
אין אַ נאַכט אַזאַ?
בין איך איצטער נאַס געוואָרן,
נאַס, כאַ־כאַ, כאַ־כאַ...

בין איך פריילעך פונ'ם רעגן,
ס'וועט אַ שפע זיין,
ווייץ און דורא — פון די פעלדער,
פון די גערטנער — ווייַן...

ס'וועלן גרינע מאַנדלבוימער
ווערן ווייס ווי שניי,
אין „קעפּיעס" וועלן מיידלעך
קומען רייסן זיי...

קומען רייסן, און די לידער
וועלן קלינגען וויַט, —
יונגע פערדלעך וועלן פירן
ווענגן פול פאַרשייט...

# די רייד פון די נביאים

## נחמו, נחמו עמי.

א. טרייסט, טרייסט מיין פאָלק,
זאָגט אייער גאָט.

ב. רעדט צום האַרצן פון ירושלים,
און רופט צו איר,
אַז זי האָט דערפילט איר צייט,
אַז אָפּגעצאָלט איז איר פאַרברעך;
אַז זי האָט געקראָגן פון גאָטס האַנט
טאָפּל פאַר אַלע אירע זינד.

ג. אַ קול רופט:
ראַמט אָפּ אין מדבר דעם וועג פון יהוה,
גלייכט אוים אין דער וויסטע
אַ שטעג פאַר אונזער גאָט.

ד. יעטוועדער טאָל זאָל דערהויבן ווערן,
און יעטוועדער באַרג און הייך זאָל דערנידערט ווערן;
און דאָס קרומע זאָל ווערן גלייך,
און די באַרגקייטן אַ פּלוין.

ה. און דער כבוד פון גאָט וועט אַנטפּלעקט ווערן,
און אַלע לייבער אינאיינעם וועלן זען;
וואָרום דאָס מויל פון גאָט האָט גערעדט.

ו. אַ קול זאָגט: רוף!
און ער זאָגט: וואָס זאָל איך רופן?
אַלע לייבער זיינען גראָז,
און אַל זייער חן ווי אַ בלום פון פעלד;

ז. פאַרטריקנט ווערט דאָס גראָז,
פאַרוועלקט ווערט די בלום,
אַז דער אָטעם פון גאָט בלאָזט דערויף;
פאַרוואָר, גראָז איז דאָס פאָלק.

ח. פאַרטריקנט ווערט דאָס גראָז,
פאַרוועלקט ווערט די בלום,
אָבער דאָס וואָרט פון אונזער גאָט
וועט אויף אייביק באַשטיין.

ט. אויף אַ הויכן באַרג גיי דיר אַרויף,
אָנזאָגערן פון ציון;
הייב אויף מיט כוח דיין קול,
אָנזאָגערן פון ירושלים;
הייב אויף, האָב ניט מורא,
זאָג צו די שטעט פון יהודה:
אָט איז אייער גאָט!

י. זע, גאָט דער האַר קומט אַ מאַכטיקער,
און זיין אָרעם געוועלטיקט פאַר אים;
זע, זיין שכר איז מיט אים,
און זיין לוין אים פאָרויס;

יא. ווי אַ פּאַסטוך וואָס פיטערט זיין סטאַדע;
אין זיין אָרעם קלייבט ער אויף די לעמער,
און טראָגט אין זיין בוזעם;
די זייגעדיקע פירט ער פּאַמעלעך.

(ישעיה, פרק מ: א־יא.)



ש. ניגער.

# לייענען

אן אומפארגעסלעכער פארגעניגן און א דויערנדיקער נוצן — יע, אט דאס איז דער פארגעניגן און דער נוצן, וואס מיר האבן פון גוטע ביכער, ווען מיר לייענען זיי ווי געהעריק איז.

מיר קאנען פארגעסן די נעמען, די איינצלהייטן, אפילו די אידעען פון דעם בוך, אבער ניט די שעהן, וואס מיר האבן פארבראכט אויף דעם, ניט די פרייד, ניט דעם וואונדער, ניט די טיפקייט פון יענע שעהן. זיי בלייבן אין אונזער זיכרון ווי אן אויסערגעוויינלעכע פאסירונג, ווי א יום־טוב. זיי בלייבן אין אונזער לעבן, אין אונזער פילן, אין אונזער דענקען, ווען אפילו מיר געדענקען נישט אקוראט וואס מיר האבן געלייענט, בפרט נאך ווען מיר געדענקען. זיי בלייבן — און אט דאס איז די הויפטזאך, דאס איז דער וויכטיקסטער אונטערשייד צווישן די פולע, זאטע רגעס, וועלכע עס לעבט איבער אן אמתער לייענער, און יענע מאגערע שעהן, וועלכע עס פארברענגען די, וואס א בוך איז ביי זיי א מיטל צו פארטרייבן די צייט.

דער אמתער לייענער פארטרייבט ניט די צייט; פארקערט, ער היט זי אויף. ער היט זי אויף, ווי א געבענטשטע דעראינערונג — און נישט נאר ווי א דעראינערונג אליין. יענע שטילע אנטציקטע מינוטן, וואס ער פארברענגט אין דער געזעלשאפט פון גוטע ביכער, זיינען מינוטן פון גייסטיקער נערונג, מינוטן פון באפרוכפערונג. ווי קאנען זיי פארשווינדן? דאס, וואס נערט און באפרוכפערט אונזער גייסט, געהערט צו אונזער זיין, צו אונזער שפעטער זיין, צו אונזער ו ו ע ר ן, ניט צו דעם, וואס איז ג ע ו ו ע ן.

א פוסט בוך אדער אפילו א גוט בוך, געלייענט פון א פוסטן לעזער, פארגייט ווי א שאטן און לאזט איבער נאך זיך א פוסטקייט. פון א גוט־געלייענטן בוך גייען מיר אוועק פולע, — ניין, מיר גייען ניט אוועק פון אזא בוך, מיר נעמען דאס מיט, דאס ווערט איינער פון אונזערע לעבנס־באגלייטער, דאס ווערט פאר אונז וואס מרימס ברונעם איז געוועז פאר די אידן אין מדבר — אומעטום און תמיד העלפט דאס אונז שטילן אונזער דורשט...

א בוך, וואָס מען לייענט נאָר פון מאָמענטאַלן פאַרגעניגן אָדער פון פּראַקטישן נוצן וועגן (מען וויל זיך, א שטייגער, אויסלערנען עפּעס א טעכנישע זאַך) — איז אַזוי ווי א בלום, וואָס מען האָט אָפּגעריסן פון וואָרצל: עס לעבט ניט לאַנג. אַנדערש זיינען די ביכער, וואָס גיסן זיך צונויף אויף שטענדיק מיט אונזער דענקען און פילן, די ביכער וואָס ווערן פאַר אונז א קוואַל פון אומאויסשעפּלעכן גייסטיקן פאַרגעניגן און דויערנדיקן אינטעלעקטועלן נוצן — זיי זיינען ווי טיף־פאַרוואָרצלטע פלאַנצונגען, וואָס בליען אָפּ און בליען אויף צוריק. זיי זיינען פאַר אונז דאָס, וואָס שפּייז איז פאַר א קינד, ד. ה. זיי זיינען נויטיק און נוצלעך פאַרן וואוקס, נישט נאָר פאַר דער אויפהאַלטונג פון דעם אָרגאַניזם.

מיר זיינען צופרידן מיטן אמתן בוך צוליב דער הנאה און דער געשמאַקקייט פון לייענען און „צעקייען" און פאַרדייען דאָס געלייענטע; נאָך מער אָבער האָבן מיר דערפון שפּעטער, ווען דאָס ווערט אויפגעלייזט, צעגאַנגען אין אונז, ווען דאָס ווערט, ווי א קערנדל אין שוים פון דער ערד, גרייט ארויסצושפּראָצן, פאַנאַנדערצובליען זיך און טראָגן פרוכט.

וואָרום נישט נאָר ג ע ד א נ ק ע ן גיט אונז דאָס אמתע לייענען; עס העלפט אונז ד ע נ ק ע ן. נישט נאָר באַקענט עס אונז מיט די ג ע פ י ל ן פון פאַרשיידענע סאָרטן מענטשן; עס לערנט אונז אַליין פ י ל ן פיינער, שאַרפער, טיפער. נישט נאָר פירט עס אונז אריין אין די וואונדערלעכע ספערן פון א דיכטערס פאַנטאַזיע: עס וועקט און צינדט־אָן אונזער אייגענע פאַנטאַזיע. עס באַנייט און מאַכט ברייטער און פרייער אונזער אינוויייניקסטע וועלט, נישט נאָר עפנט עס פאַר אונז פרעמדע וועלטן.

עס מאַכט ברייטער אונזער אינוויייניקסטן לעבן — אין דעם ליגט די העכערע פרייד און דער הויפּט־זין פון לייענען. וואָס איז אונזער לעבנס דערפאַרונג אָן ביכער? די דערפאַרונג פון א י י ן מענטשן. זייער א באַגרעניצטע דערפאַרונג. אַפילו דער, וואָס לעבט א רייכן און א פילזייטיקן לעבן, טרעפט זיך און ווערט נאָענט מיט א סך מענטשן, פאָרט אום איבער דער וועלט און זעט זיך אָן אַלערליי הימלען, חיות, קאָלירן, בלומען, — אַפילו דער קאָן ניט זען אַלץ. ער מוז אָנקומען צו די דערפאַרונגען פון אַנדערע, אויב ער וויל זיך נישט באַגנוגענען מיט דעם ביסעלע, וואָס ער האָט אַליין געזען, געהערט און אויסגעפּרואווט. ער מוז איינשטעלן אין זיין וועלט אַזעלכע געהיימע אַפּאַראַטן, וואָס זאָלן דערנענטערן צו אים די קלאַנגען, וועלכע ער האָט נישט פאַרנומען, די פאַרבן, וואָס זיינען געבליבן פאַרהוילן פון אים, די לעבנס, וואָס ער האָט נישט געלעבט. אַזעלכע וואונדערלעכע אַפּאַראַטן זיינען די ביכער פאַר אונז. זיי זיינען ווי שלוחים, וואָס קומען צו אונז פון אַלע עקן וועלט. זיי

ברענגען אונז גרוסן פון די ווייטסטע שטערן, פון די פרעמדסטע נשמות. זיי באקענען אונז מיט די ווילדסטע שבטים, זיי פארבינדן אונז מיט די וואונדערלעכסטע גאונים...

א רייזנדער האט אויסגעפארשט דאס לעבן פון ערגעץ א פארוואר־פענעם אינזל, אן אסטראנאם האט אנטדעקט אין די הימלישע רוימען א נייע וועלט, א דיכטער האט א נייע וועלט באשאפן, — וואס וואלט דאס געווען פאר אונז אן ביכער? א דאנק זיי ווערט עס א בארייכערונג פון אונזער וויסן, א לייטערונג פון אונזער באוואוסטזיין, א ניי ליכט אויפן שמאלן און טונקעלן וועג פון אונזער עקזיסטענץ, א נייער שטראלנדיקער פאדים, וואס ציט זיך צו אונז פון די אייביקע געהיימנישן...

אונזער לעבן ווערט אויסגעצויגן דורך לייענען גוטע ביכער אין דער לענג און אין דער טיף, נישט נאר אין דער ברייט. צו דער קורצער און פלוצלונג זיך איבעררייסנדיקער קייט פון אונזערע באשערטע „זיבעציק יאר" ווערט צוגעלייגט, א דאנק די כראניקעס, דער געשיכטע, דער מיטא־לאגיע, אן אומענדלעכע צאל פריערדיקע רינגען — די רינגען פון די אבות. עס ווערט פאר אונז מעגלעך צו לעבן (אין אונזער באוואוסטזיין) אויף צוריק. מיר וואקסן אריין אין דער פארגאנגענהייט. דאס דארע צווייגל פון אונזער לעבן ווערט א טייל פון א טיף איינגעווארצלטן און מעכטיקן יחוס־בוים. אלע דורות, וואס האבן ביז אהער געלעבט, ווערן אונזער משפחה.

און עס ווערן אריינגענומען אין איר אויך די קומענדיקע דורות. די נביאים, די אוטאפיע־דיכטער, די אלע גרויסע בעלי־חלומות רופן זיי ארויס מיט זייער כישוף פון די פארבארגענישן פון די שפעטערדיקע צייטן... מיר וואקסן אריין אין דער צוקונפט... מיט אונזער באוואוסטזיין יאגן מיר איבער אונזער ז י י ן און פארלענגערן עס.

דאס ווארט פון טרוים (וואס זיינען דען אלע גרויסע דיכטונגען, אלע וויזיעס פון דער מענטשהייט, אויב נישט קיין חלומען אויפן וואר?), דער טרוים פון ווארט וועבט אונז אריין אין א געוועב, וואס פארלירט זיך מיט זיין אנהויב און זיין סוף אין דער אומענדלעכקייט.

אונזער לעבן ה י י נ ט ווערט טיפער, אינטענסיווער, ווען עס הערט אויף צו זיין א צופעליקער ברוכשטיק פון דער וועלט און ווערט א רינג אין דער קייט, וואס באהעפט אונז מיט אמאל און שפעטער. א דאנק די אלע נייע דערפארונגען, מיט וועלכע עס באקענען אונז די ביכער, ווערט אינטענסיווער אונזער אייגענע דערפארונגס־פעאיקייט. „דאס לייענען, זאגט געארג בראנדעס, קאן שארפער מאכן אונזערע חושים און שטאר־

קער — אונזער כשרון אויפצונעמען דאָס ווערטפולע"... מיר נעמען אויך פולער און באַנעמען בעסער די איינדרוקן פון אונזער אייגענעם לעבן, ווען מיר ווערן באַקאַנט מיט די לעבנס פון אַנדערע — פון אַנדערע מענטשן, אַנדערע דורות, אַנדערע פעלקער, אַנדערע נאַטור־ספערן.

אָט דער קוואַל פון וואונדערלעכער פרייד, אָט דעם כּישופדיקן קוואַל קאָנען מיר געפינען נאָר אין די ווערק פון קינסטלער און דיכטער, צו וועלכע עס געהערן אָפּט אויך, אגב, דענקער און פילאָזאָפן. נאָר זיי אַליין קאָנען שטילן אונזער דורשט נאָך אמתער פרייהייט, נאָר זיי אַליין קאָנען אַזוי פאַנאַנדערדרוקן די גרעניצן פון אונזער באַוואוסטזיין, אַז אונז זאָל זיך דאַכטן, אַז עס זיינען נישטאָ גאָר קיין גרעניצן. נאָר זיי אַליין קאָנען זאָגן: „עס זאָל זיין ליכט!" — און עס זאָל ווערן ליכט, וואו עס איז געווען טונקלקייט און כאַאָס...

גובר זיין דעם כאַאָס אינאיינעם מיט די גרעניצן פון דעם דרויסנדיקן לעבן — דאָס איז אַ וואונדער, וואָס נאָר קינסטלער, פּאָעטן און פילאָזאָפן קאָנען ווייזן. נאָר זיי אַליין קאָנען אונז פאַרשאַפן אָט די אומבאַגרעניצטע פרייד.

ביכער זיינען דאָס בעסערע, העכערע און מער געלייטערטע א י ך פון די מענטשן, וועלכע האָבן זיי געשאַפן. ביכער צייכענען זיך אָבער אויס אויך מיט אַן אַנדער גרויסער מעלה: זיי פירן אונז אַריין אין דער געזעלשאַפט פון יענע גרויסע מענטשן, מיט וועלכע מיר וואָלטן נישט געקאָנט קומען אין פערזענלעכער באַרירונג, ווען אַפילו מיר זאָלן וועלן. זיי דערנענטערן אונז צו די געניאַלע פערזענלעכקייטן פון די וויטסטע לענדער און וויטסטע, שוין לאַנג פאַרגאַנגענע, צייטן... אַ גוטע ביבליאָטעק איז אַ פּאַלאַץ, אַ פּאַלאַץ, וואו די הויכע גייסטער פון אַלע פעלקער און אַלע דורות באַגעגענען זיך. איז עס נישט קיין וואונדערלעכער פּאַלאַץ? איז נישט קיין פרייד צו זיין דאָרטן? איז נישט קיין צענפאַכע פרייד צו פילן זיך ראוי צו זיין דאָרטן?

(פון געקליבענע שריפטן, באַנד 1.)





ד. פרישמאן.

# מענדעלע־מוכר־ספרים

איך געדענק: מיט דער אייזנבאן, אין דעם דריטן קלאס, פארט א יונגערמאן און האלט אין דער האנט א בוך. דער יונגערמאן איז זייער פארטיפט אינ׳ם לייענען. דרויסן ליגט אויסגעגאסן דער גליענדער זומער אויף פעלד און בארג, אויף בוים און שטיין און אויף די טעלעגראפן־שטאנגען, וועלכע לויפן פארביי, און די פינק־פויגל און די לערך־פויגל טשוויטשערן, אז עס נעמט אזש אן ביי דער נשמה — דער יונגערמאן אבער זעט נישט און הערט נישט. זיין גאנצער זין איז געפאנגען גענומען פונ׳ם בוך. עפעס האט ער דארט פאר זיך איינעם, א לייב מלמד, וועלכער גייט זוכן פרנסה, דען ער איז געוואר געווארן, אז עס זיינען, ברוך השם, פאראן פרנסות אויף דער וועלט אויך חוץ מלמדות. א וואונדערלעכע בריה איז דער דאזיקער מלמד. פון איין זייט איז קיין מניעה נישטא, ער זאל זיך נעמען צו וואס פאר א מלאכה עס איז, צו א שניט־קראם אדער צו א פאבריק, צו ווערן באנק־דירעקטאר אדער צו האנדלען מיט אתרוגים. וואס איז דא די נפקא־מינה? א איד איז, ברוך השם, פעאיק צו אלצדינג; השם־יתברך מוז נאר געבן, ער זאל האבן א שטיקעלע מזל און אזוי ווייטער. לייב מלמד שטעלט זיך אפ ביי א תבואה שפייכלער, נעמט א האנטפול ווייצן און זיפט זי דורך די פינגער, ווי איינער, וועלכער קוקט דורך א פראבע, אום צו וויסן וואס זי איז ווערט. א צווייטער איד שפרינגט אונטער און פרעגט, אויב ער וויל קויפן, און ר׳ לייב דערלאנגט א שאקל מיטן קאפ און א צי מיט דער נאז, יענעם צי, פון וועלכן עס הערט זיך א „ניין" אן ווערטער. ווער מיר ווייצן, וואס מיר ווייצן — אלא וואס דען האט ער געזיפט? א קשיא אויף א מעשה! א איד דארף זיך קענען אויף אלצדינג, טאמער מאכט זיך א מעשה, ער וועט אמאל דארפן ווערן א תבואה־סוחר, זאל ער קענען זאגן: אין ווייצן האב איך, ברוך השם, א שטארקע ידיעה; גענוג ווייצן איז מיר אין מיין לעבן דורך די הענט געגאנגען און אז. וו., און אז. וו. ר׳ לייב ליגט אין דער אכסניא אויפן בעטל מיטן פנים ארויף, פארזונקען אין שלאף, און בלאזט און טראמפייטערט מיט דער לאנגער און קרומער נאז ווי א שופר, און זיין קאלעגע שטייט איבער אים מיט א ליכט אין דער האנט און באטראכט אים און מעסט אים מיט די אויגן

אַלע זיינע אבֿרים. דער גוף, מישטיינס־געזאָגט, עפּעס אַ שטיק שאַרבן, טרוקן ווי אַ טרוקענער בוים, דאַר און אָן אַ כזית פליייש. די הענט, ווי די דינע אויסגעדאַרטע שפּענדלעך, און די בלויע אָדערן זיינען אָנגעשוואָלן און טרעטן שטאַרק אַרויס. דאָס פּנים איז אַ מין אַלטע חורבה: איינגע־פאַלענע באַקן, איינגעזונקענע אויגן, אַ לאַנגע נאָז מיט אַ האָרב, וועלכע הויבט זיך אויף און שטאַרט אַרויס פון דער מיט, ווי אַ קוימען פון אַ הויז נאָך אַ שׂרפה, אין וועלכער דער דאַך איז פאַרבערענט געוואָרן, און נישט ווייט פון דאָרט אַן אָרעמער, דאַרער בעזים — דאָס קורצע, גרוי־געוואָרענע בערדל. דער חבר מיטן ליכט אין דער האַנט קוקט, און פּלוצלונג פאַרשטייט ער, און ער באַטראַכט אים מיט אַ געפיל פול פאַר־אַכטונג און טראַכט זיך: „ווי שיין איז דער דאָזיקער בריה, ווי גרויס איז די בריהשקייט פונ׳ם דאָזיקן „אַרבעטער״! וואָס האָט עס געטויגט אַזעלכן צו גיין אין דער וועלט אַריין און צו זוכן אַ נייעם לעבן?״ באַלד אָבער זאָגט דער דאָזיקער באַטראַכטער צו זיך אַליין: „און דו אַליין, צו וואָס האָט דיר געטויגט די דאָזיקע נאַרישקייט?״ און אַז. וו., און אַז. וו.

דער יונגערמאַן האָט צופעליק אויפגעהויבן די אויגן פונ׳ם בוך און האָט זיך פאַרחלומטערהייט אַרומגעקוקט. עפּעס אַ איד, אויסגעוווייקט און אויסגעדאַרט, זיצט אינ׳ם וואַגאָן אויף איינער פון די בענק און רעדט מיט זיינעם אַ חבר און איז אים מסביר אַן עסק וועגן אַ שטעל פון אַ דירעקטאָר פונ׳ם עלעקטרישן טראַמוואַי, צו וועלכער ער באַדאַרף נאָר די האַנט אויס־צושטרעקן, האָט ער זי שוין. אַ צווייטער איד זיצט אויף אַ צווייטער באַנק מיט זיינעם אַ באַקאַנטן און בשעת רעדן טאַפּט ער אים ביי דער פּאָלע פון זיין קאַפּאָטע און זאָגט אים מבֿינות אויפן טוך און וויפל עס איז ווערט און דרך־אגבֿ ווי לאַנג עס וועט אויסהאַלטן. אויף דער דריטער באַנק שלאָפט אַ איד מיטן פּנים אַרויף און שנאַרכט און בלאָזט, און זיין גוף איז עפּעס אַ שטיק צעבראָכענער שאַרבן, דאַר און אָן אַ כזית פליייש.

דער יונגערמאַן האָט באַלד ווידער אַראָפּגעלאָזט די אויגן אין בוך אַריין און האָט ווייטער געלייענט.

וואונדערבאַר! ער האָט גאָר נישט געפילט, אַז ער האָט געהאַט אויף אַ מינוט מפסיק געווען. אַלעס, וועלכעס ער האָט דאָ געזען אינ׳ם וואַגאָן אַרום און אַרום, איז אים פאָרגעקומען, ווי עס וואָלט געווען נאָר אַ שורה פונ׳ם בוך אַרויס און דערזעלביקער מחבר האָט אויך זי געשריבן. ער האָט זיך גאָרנישט געפילט אונטערבראָכן.

און דער יונגערמאַן פאַרטיפט זיך ווידער אין זיין בוך און לייענט ווייטער: „. . . . די היץ פּלאַקערט, אַ הונט ציט זיך אויס אויפן בויך און אָטעמט שווער פאַר גרויס וואַרעמקייט. צייטנווייז הויבט ער אויף דעם קאָפּ, שטעקט אַרויס די צונג און דערלאַנגט פּלוצלונג אַ כאַפּ — און האָט אַ

פליג אינ׳ם מויל. אַ הון מיט אויסגעשפּרייטע פליגלען קויערט אין אַ ווינקל, און פון אונטער איר הערט זיך דאָס פּיפּטשען פון די יונגע הינדע־לעך, די דאָזיקע משפחה האָט איצט איר אָפּרו צייט נאָכן אַרומלויפן און אַרומנאָרען אינ׳ם מיסט. עס זעט זיך קיין לעבעדיק נפש, אַלעס איז שטיל און ווי פאַרגליווערט. קי פּאַשען זיך אין פעלד, די קינדער זיינען איינגע־שלאָפן אין די חדרים, און די גרויסע גענעצן און שטרעקן זיך, ווער אין דער היים און ווער אין קראָם, און גייען אוים פאַר אַ קאַלטן טרונק וואַסער. אויף אַ וואַנט קלעטערט אַ קאַץ, און פּלוצלונג אין דער מיט וואַנט שטעלט זי זיך אָפּ, דרייט אוים דעם פּנים און קוקט און טראַכט, אויב זי זאָל ווייטער קלעטערן אָדער צוריק אַראָפּ. פון ווייטן ציט זיך אַ גרינער פּאַס פון בוימער דאָרט, וואו דער הימל לאָזט זיך אַראָפּ...״

דער אייזנבאַן־צוג האָט זיך אין דער דאָזיקער מינוט אָפּגעשטעלט אויף עפּעס אַ סטאַנציע אויפן פעלד. דער יונגערמאַן לייגט אַוועק דאָס בוך אויף אַ ווייל, און קוקט אַרוים דורכן פענצטערל. עפּעס אַ הונט ליגט אין דער זון מיט אַן אַרויסגעהאַנגענער צונג און כאַפּט אַ פליג. אַ הון קויערט אויף אירע הינדעלעך. אין פעלד פּאַשעט זיך אַ קו און שטעקט אַרוים די צונג און זוכט קאַלט וואַסער. אַ קאַץ קלעטערט אויף אַ וואַנט. פון ווייטן לייכט זיך אַ גרינער פּאַס פון בוימער דאָרט, וואו דער הימל לאָזט זיך אַראָפּ...

און וואונדערלעך! ווען דער יונגערמאַן האָט ווידער אָנגעהויבן לייענען אינ׳ם בוך, האָט ער גאָרנישט ניט געפילט, אַז ער האָט מפסיק געווען. די גאַנצע סצענקע, וועלכע ער האָט דאָ געזען דורכן פענצטער, איז אים פאָרגעקומען נאָר ווי אַ שטיק פונ׳ם בוך אַרוים. דערזעלביקער מחבר האָט אַוודאי געמוזט אויך זי שרייבן...

און דער יונגערמאַן פאַרטיפט זיך ווידער אינ׳ם בוך און לייענט ווייטער: — די גאַנצע ביטערקייט פון אידישן לעבן, דאָס גאַנצע פאַר־שאָלטענע גלות־לעבן פון מיליאָנען אידן אין רוסלאַנד, וויבלט און שוויבלט אים דאָ אַנטקעגן פונ׳ם דאָזיקן בוך אַרוים. און דאָס אומגליק איז אָן אַ ברעג, און אַליין זיינען זיי זיך שולדיק. און עס איז קיין אויסוועג און קיין רעטונג נישט פאַראַן. זאָלן זיי דאָרט אונטערגיין אין זייער שמוץ! — די פירכטערלעכע אָרעמקייט האָט זיי געמאַכט פאַר מנוולים, אַז עס נעמט אָן אַן עקל. די גרויסע, אַלטע טאָרבע — דאָס איז דער הויפּט עיקר פון אַלע זייערע חלומות און געשעפטן און פּרנסות און באַגריפן און דער אינ־האַלט פון זייער גאַנצן לעבן. און זייער לעבן — דאָס איז גאָר קיין לעבן נישט. אַ מפּיל־קינד ביי די אומות העולם האָט אין זיין קלענסט פינגערל מער לעבן, ווי מיר געפינען אין אַלע רמ״ח גלידער און שס״ה אָדערן פון דער גאַנצער כנסת־ישראל. ביי דער כנסת־ישראל אין דער ענגער גאַס איז קינדהייט אַ זעלטנהייט. די קינדער פון דער אידנגאַס „זיינען אַלטע אידן אין

יעדער הינזיכט: אין זייער קליידונג, זייער טרויעריקייט, זייער זארגן און מורא האבן און פארזיכטיק זיין, — דאס אלעס ליגט זיי אויף די פנימער אויסגעגאסן, נאר מיטן אונטערשייד, אז זיי זיינען קליין און אן בערד און קינדלען נישט; און די קליינע אידישע מיידעלעך זיינען אלטע אידענעס הן אין זייער שפראך, הן אין זייער אויפפירונג און אונטערטעניק זיין און איינגעהאלטנקייט און ליידן קענען און אפילו אין זייער קלוגשאפט, נאר מיטן אונטערשייד, אז זיי זיינען קליין און נאך נישט חתונה געהאט. קינדער אן א קינדהייט איז א טרויעריקע און שרעקלעכע דערשיינונג, וועלכע ברעכט דאס הארץ און מאכט אומעטיק די נשמה, דערוועקט עקל און רחמנות צוגלייך!" — און פלוצלונג, צוזאמען מיט דעם דאזיקן בייסנדיקן און ביטערן שפאט, וועלכער פרעסט זיך איין ביז אין דער נשמה און גראבלט זיך אריין ביז אין דעם אפגרונד און רייסט מיט אייזערנע צוואנגען שטיקער פלייש פון דער גאנצער אומה — פלוצלונג פלייצט אויס אויך א גאנצער ים פון רחמנות און פון מיטלייד, און עס הערט זיך דער קרעכץ, וועלכער דערשיטערט און באוועגט דאס הארץ ביז צום וויינען...

דער יונגערמאן לאזט דאס בוך ארויספאלן פון דער האנט און פארמאכט די אויגן און הויבט אן צו חלומען: יענער גרויסער עקל צום דאזיקן לעבן, צום הינטישן, אן א ברעג און אן א סוף און אן א תכלית, נעמט אויך אים ארום. דער בייסנדיקער שפאט הויבט אן צו קאכן אין אים און פלאצט ארויס. פלוצלונג אבער גיסט זיך אויס אין זיין גאנצער נשמה א שטראם פון אומענדלעכן מיטלייד מיט דעם דאזיקן צעוויי טאגטן און געקוועלטן פאלק, וועלכעס ליידט אזוי אומענדלעך און פאר וועלכן עס איז קיין אויסוועג און קיין רעטונג נישט פאראן — און זיין הארץ וויל אים פלאצן פאר גרויס ווייטאג...

און ווידער איז דאס וואונדער! דער יונגערמאן האט גאר נישט געפילט, אז ער האט געהאט מפסיק געווען. אויך זיין שפאט און אויך זיין מיטלייד זיינען נאר געווען א מין „פארטזעצונג" פונ'ם אינהאלט פונ'ם בוך. ער האט נישט מער געשפירט קיין שום אונטערשייד צווישן זיך און צווישן דעם מחבר פונ'ם בוך, און צווישן דעם בוך און צווישן דער וועלט, וועלכע איז ארום און ארום אים — אלעס האט זיך דורכגעמישט און צונויפגעגאסן און איז געווארן איינס...

דער מחבר פון יענעם בוך האט געהייסן מענדעלע־מוכר־ספרים, און דער יונגערמאן, וועלכער האט געלייענט, דאס בין איך געווען.

איך האב דענסטמאל פלוצלונג אנגעהויבן צו פארשטיין, אז א קינסטלער, אזא איינער ווי מיר האבן זיין גלייכן נישט, רעדט צו אונז פון יענעם בוך און פון אלע אנדערע ביכער, וועלכע ער האט אונז געשריבן. ווען ביים לייענען א בוך פילט דער לעזער נישט דעם אונטערשייד צווישן דער

שילדערונג פון טיפן, פון דער אויסערלעכער וועלט און פון דעם אינער־לעכן לעבן און צווישן דער ממשותדיקער וועלט מיט אירע באַשעפעניש און אירע חיות און עופות און איר זונענליכט און נאַכט־פינצטערניש און אַלעס, וואָס אַ מאָדערנער מענטש טראַכט און פילט — איז עס אַ באַווייז, ווי קיין גרעסערער קאָן שוין נישט זיין, אַז מיר האָבן דאָ פאַר זיך אַ גרויסן קינסטלער. אַזאַ קינסטלער איז אין אונזער מאָדערנער ליטעראַטור נאָך נישט געווען.

זינט דענסטמאָל זיינען די ביכער פון מענדעלע־מוכר־ספרים נישט מער אַראָפּ פון מיין טיש, און איך לייען זיי און לייען זיי אויפסניי, און וואָס מער איך לייען אין די דאָזיקע ביכער, אַנטדעק איך אַלץ מער אין זיי נייעס... (אַריינפיר צום עסיי וועגן ממו"ס.)



## בעל־מחשבות.



# וועגן שלום־עליכמס „מעשות פאַר אידישע קינדער"

נאָך איידער שלום־עליכם איז מפורסם געוואָרן מיט זיינע הומאָ־ריסטישע דערציילונגען האָט ער שוין געוועקט צו זיך דעם אינטערעס פון דער קריטיק דורך זיינע מעשיות פון אידישן קינדער־לעבן, וואָס זיינען היינט באַקאַנט אונטערן נאָמען „מעשיות פאַר אידישע קינדער". אין די אַכציקער יאָרן איז צום ערשטן מאָל אַרויס אין אַ באַזונדער אויסגאַבע זיין דערציילונג „דאָס מעסערל", און וועגן דעם האָט דער באַקאַנטער קריטיקער און היסטאָריקער ש. דובנאָוו געשריבן דעמאָלט אַ וואַרעם אַרטיקל אין „וואָסכאָד", דאַכט זיך, דער ערשטער קריטישער אַרטיקל, וואָס איז געשריבן געוואָרן וועגן שלום־עליכמען.

אין'ם מעסערל, ווי שפּעטער אין „די פאָן", „חנוכה־געלט", „אַרבע כוסות", „אויפן פידל", „דער מלך אחשורוש" א. אַז. וו. — איז דער הויפּט העלד דאָס אידישע קינד פון אונזער פּאַטריאַרכאַלישער צייט. די טאַטעס מיט די מאַמעס טרעטן אָפּ אין אַ זייט; פאַרן לעזערס אויגן טרעטן אַרויס די שטומע עדות פון אַ אידישער קינדהייט, די סביבה פון אַ אידיש

הויז, אָנהויבנדיק פון אַ קאָטשערע און ענדיקנדיק מיט דעם מלמד „ישראל דער מלאך־המות." און אַזוי ווי אין דער פרום־פאַרצייטיקער וועלט האָט די פרוי נישט געשפּילט קיין ראָליע, דאַרום איז דאָס אידישע קינד ביי שלום עליכמען — דאָס אידישע אינגל.

ענג און פינצטער איז די וועלט פון אידישן אינגל. נאָך איידער ער שטייט נאָך פעסט אויף די פיסלעך, וויקלט מען אים איין אין אַ טלית, און טאַטע און מאַמע טראָגן דאָס עופעלע אין חדר צום רבין, ר' ישראל דעם מלאך־המות. צוויי פיינדלעכע קרעפּטן רינגלען אַרום דאָס קינד פון די ערשטע יאָרן אָן. אַ בייזער, פאַראומערטער טאַטע איז אים מדריך אויף טריט און שריט, און לאָזן אים אָפּ די טרוקענע עלנבויגנס פון טאַטן, פאַלט ער אַריין אין די הענט פון ר' ישראל דעם גזלן. די פּאַטריאַרכאַלישע וועלט ביי קריסטן ווי ביי אידן ווייסט ניט פון קיין קינדהייט. דאָס קינד איז ניט קיין צוועק פאַר זיך אַליין, נאָר אין דעם מאָמענט, וואָס עס הויבט אָן איבערצונעמען די טראַדיציעס פון טאַטן און זיידן — קריגט עס אַ שטיקל ווערט. אין דער פרום־פאַרצייטיקער וועלט, ווי אין דער מיטלאַלטערלעכער אייראָפּע, איז ניטאָ קיין חילוק צווישן אַ קינד און אַ גרויסן. זיי ווייסן ניט פון אן איבערגאַנג פון דער קינדהייט צו אַ העכערן עלטער. אין דעם טאָג, וואָס מען טוט אָן אַ קינד ציצית און ער מאַכט שוין אַ ברכה, איז ער שוין געגליכן צו די טאַטעס און צו די זיידעס. די קינדער־יאָרן פאַרלעבט עס אין אַ דאָפּלטער תפיסה. די שטוב איז איינע, דער חדר — די צווייטע. דאָס קינד ווערט מיט גוואַלד דערווייטערט פון לופט און קינדער־שפּיל. איטלעכער טריט זיינער איז שוין באַשטימט פאָרויס, און ער ווערט אַרומגעצוימט מיט טויזנטער דערציאונגס־רעגלען, וואָס פאַרוואַנדלען זיין קינדהייט אין אַ שווערן, פינצטערן לעבנס־פּעריאָד.

נאָר אין געווויסע טעג פון יאָר, ימים־טובים צייט, בעת די טאַטעס און די זיידעס ווערן אַליין אויף אַ ווײַלע קינדער און הויבן זיך אַליין אָן צו שפּילן פאַר גאָט מיט כוסות, לולבים, אתרוגים, הדסים, המן־טאַשן, ספרי־תורה א. אַ. וו. — דעמאָלט ווערט דאָס אידישע קינד באַפרייט פון זיין תפיסה; דעמאָלט ווערט דאָס אידישע אינגל, וואָס איז אַ גאַנץ יאָר פאַרכישופט אין דער קאַריקאַטור־געשטאַלט פון אַ גרויסן אידן, פאַרוואַנדלט אין אַ נאַטירלעך, ליבנד, לעבעדיק אידיש קינד.

אין שלום עליכמס „מעשיות פאַר אידישע קינדער", וואָס זיינען שטענדיק צוזאַמענגעבונדן מיט איינעם פון די אידישע ימים־טובים, טרעט דעמאָלט אַרויס דאָס אידישע קינד מיט אַלע זיינע מעלות און חן־גריבלעך. אַלע די „מאָטעלעך", „יאָסעלעך" און „טאָפּעלע טוטעריטו"

באַלעבן די אידישע שטוב, טראָגן אַריין אין איר אַ ריינע, נאַטירלעכע פרייליכקייט און באַשיינען מיט די שטראַלן פון קינדער־יוגנט דעם שוואַרצן „זכר־לחורבן” אויפן טאַטנס וואַנט. ל”ג בעומר דערזעט דאָס אידישע קינד אַביסל גרינס, גייט אַרויס מיטן פייל און בויגן אין וואַלד אַריין. חנוכה גיסט עס אויס אין אַ הילצערנעם פורעם די צינענע דריידלעך. פסח שפּרייזט דאָס מיט פולע קעשענעס וועלישע ניס, שמחת־תורה טראָגט עס אַ פאָן און אויף דעם שפּיץ שטאָק פון פאָן אַ בולבע, אין וועלכן עס ברענט אַ גראָשן ליכטל. און די פאָן איז ניט קיין פּשוטע: משה און אהרן שטייען דאָ אויסגעמאָלט אין זייער גאַנצער גרויס, און משה האָט נאָך דערצו צוויי שטראַלנדע הערנער אויפן שטערן. אויפן מאָגערן טיש פון טאַטע און מאַמע באַווייזן זיך זעלטענע זאַכן. פסח — אליהו הנביאס כוס און גלאָט כוסהלעך און זילבער, און גלאַנצעדיקע כלים, און אַ סדר־טישטוך. סוכות — הדסים, אַ לולב, אַ זילבערן קעסטעלע מיט פלאַקסענע לאָקן, אין וועלכן עס דרימלט דער אתרוג מיטן פאַרבאַהאַלטענעם פיטום, די גרינע מעשענע הענג־לייכטער זיינען בלאַנק געפּוצט, — אַ ריינקייט, אַ ציכטיקייט אין דער גאַנצער שטוב; און דערצו נאָך די זעלטענע מאכלים און משקות, וואָס אַ קינדעריש האַרץ בענקט נאָך דעם אַ גאַנץ יאָר, און באַקומען באַקומט ער עס נאָר אין אַ יום־טוב טאָג.

דאָס אידישע קינד, וואָס האָט אַ גאַנץ יאָר פאַרבראַכט אין אַ גרויער סביבה, ווערט ווי ניי־אויפגעלעבט, און אַלץ, וואָס דרימלט אין זיין נשמה, פלאַקערט אויף מיט אַ העלן פייער. די טויטע אותיות פון חומש ווערן עפּעס לעבעדיק. אַלטע מעשיות און לעגענדעס ווערן לכבוד יום־טוב אָפּגעפרישט פאַרן קינדערשן געמיט. די אידישע ימים־טובים זיינען דאָך היסטאָרישע ימים־טובים, און אפילו די גרויסע טאַטעס ווערן מיט אַמאָל שטאַרק באַרעדעוודיק און הויבן אָן צו דערציילן און דערציילן.

די אידישע ימים־טובים — דאָס איז די פריינדלעכע קראַפט, וואָס לאָזט אויף אַ רגע אָפּאָטעמען אַ אידיש קינד, און לאָזט אים נישט אינ־גאַנצן אומקומען אונטער די טרוקענע אומגעלומפּערטע הענט פון די טאַטעס און די רביים.

חוץ די ימים־טובים זיינען פאַראַן נאָך צוויי פריינדלעכע קרעפטן, וואָס דערלאָזן ניט, אַז אַ אידיש קינד זאָל אינגאַנצן צעדריקט ווערן אונטער דער שווערער דערציאונג פון טאַטן און רבין.

אידן האָט געטראָפן אַ נס, וואָס אַ האַלבער טייל פון פאָלק איז פּטור געוואָרן פון תרי”ג מצוות. דער אשה האָט מען געשאָנקען בלויז אייניקע מצוות, און דעריבער האָט די גייסטיקע ירושה ניט געדריקט אַזוי אויף איר נשמה, ווי אויף דער נשמה פון דעם מאַנסביל. די פרוי

ווייסט ניט אזויפיל פון די אלע שווערע, דריקנדיקע אמונה־זאכן, און איר געפילס־לעבן איז נאטירלעכער און פרייער. הינטער דער מאמעס שירץ ראטעווען זיך די יאסעלעך און מאטעלעך פון די טאטעס און די רביים, און דאס, וואס ווערט ביי אונז אויסגעטריקנט בייטאג דורך דער דערציאונג פון די מענער, הויבט ווידער אן צו שטראמען אונטערן ווארעמען בליק פון דער ליבהארציקער מאמען.

חוץ דעם, איז נאך, אויסער לומדים, דא ביי אידן עם־הארצים. די גרויסע אידישע מאסע, כאטש שטאַרק אונטער דער השפעה פון די טרוקענע, פאראומערטע לומדים, איז פארט געווען צו עם־האַרציש, אז זי זאל ווערן אזוי אויסגעטריקנט און אזוי פארפרעמדט פון דער וועלט, ווי די לערנער, לומדים און אלערליי כלי־קודש. אין די גרויסע מאסן פון פאלק איז נאך ניט אויסגעגאנגען דער חשק צו טאן א לאך, פריילעכער און נאטירלעכער צו געניסן דאס לעבן. און שלום עליכמס קינדער אנטלויפן אפט פון די טאטעס און רביים צו די גראבע עם־הארצים, צו עפעס א קלעזמער אין א הינטערגעסל, אדער גלאט צו עפעס א פריילעכן, לעבעדיקן חברהמאן. די צוויי פינצטערע כוחות טרעפן זיך אן מיט די דריי ליכטיקע, און ווען א אידיש פארצייטיק קינד איז אויסגעוואקסן נאטירלעכער, בעסער, פרייער, האט ער דאס צו פארדאנקען דער מאמען, דער פריילעכער עם־הארצות פון דער מאסע און די אידישע ימים־טובים.

(פון עסיי וועגן שלום־עליכם).



ש. א. האראָדעצקי.

# רבי ישראל בעל־שם־טוב

ישראל בעל־שם־טוב איז געבליבן א יתום, אָן א פאָטער און אָן א מוטער, בעת ער איז נאָך געווען א קליין אינגל; די שטאָט־לייט האָבן אויף אים רחמנות געקראָגן און האָבן אים אָפּגעגעבן אין חדר, אָבער ער פלעגט אַנטלויפן פונ׳ם חדר, און אַז מען האָט אים געזוכט, פלעגט מען אים געפינען, ווי ער זיצט איינער אליין אין וואלד. אַז זיינע אַפּעקונעס האָבן געזען, אַז זיי קאָנען מיט אזא „ווילדע בריאה" גאָרנישט ניט מאכן, האָבן זיי זיך מיאש געווען און אים געלאָזט צורו. און אזוי האָט זיך דאָס קינד „אויפגעהאָדעוועט אָן תורה און אָן דרך־ארץ". ער איז דערנאָך

געוואָרן אַ באַהעלפער. זיין אַרבעט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס „ער האָט די דרדקי־קינדער געפירט אין חדר, און דערנאָך אויך אין שול אַריין, כדי זיי זאָלן זאָגן בנעימותדיק: אָמן, יהא שמיה רבא, קדושה און אָמן". גייענדיק מיט די קינדער אין שול אַריין, פלעגט ער „מיט זיי זינגען מיט אַ זיס קול און מיט גרויס חשק, אַזוי אַז מען פלעגט הערן פון דערווייטן".

פאַר מיינע אויגן שטייט אָט וואָס פאַר אַ בילד: אַ קליין אינגל פון דעם אָרעמען טייל פון דער באַפעלקערונג גייט איבער די גאַסן פון שטאָט בראש פון אַ מחנה קינדער און זינגט מיט אַ קינדערשן ברען: „יהא שמיה רבא מבורך". און אַלע ענטפערן אים אויפן קול. און די שטאָט־לייט שטייען און קוקן, שטייען און וואונדערן זיך, שטייען און טראַכטן וועגן תשובה און חרטה... אָט דאָס זיינען די יסודות פונ'ם חסידיזם. דאָ צייכענען זיך אָפּ די דינע און איידעלע שטריכן אין דעם פּרצוף פון יענעם, פון וועמען עס האָט געזאָלט אַרויסקומען דער בעל־שם.

איינע פון די חסידישע ספורי־מעשיות דערציילט, אַז די שטים פון דעם אומשולדיקן קינד האָט זיך אַרויפגעהויבן אין דער הויך, האָט גע־שפּאָלטן דעם הימל און גורם געווען דערצו, אַז מען האָט דאָרטן אין די העכערע וועלטן געהאַט דערפון פונקט אַזאַ תענוג, „ווי פון דעם זמר, וואָס די לויים פלעגן זינגען אינ'ם בית־המקדש". אַז ישראל איז אַלט געוואָרן דרייצן יאָר, איז ער געוואָרן אַ שומר אין בית־מדרש. אין דער מיט פון אַ רבנישער און לומדישער סביבה האָט ער אין אַ משך פון אַ געוויסער צייט געקאָנט זען און הערן אַלץ, וואָס האָט זיך אָפּגעטאָן צווישן דעם לומדישן אידנטום. ער האָט זיך צוגעהערט צו די פאַרשיידענע „פּילפּולים" און „חילוקים", די יסודות פון דעם דאָזיקן אידנטום, און האָט זיך צוגע־קוקט צו דעם גאַנצן לעבנס־שטייגער פון די „לומדים". די לעגענדע דערציילט, אַז שוין אין יענער צייט האָט ער אָנגעהויבן צו פילן, אַז דאָס איז נישט דער ריכטיקער וועג, דאָס אמתע, פשוטע אידנטום, וואָס גייט אַרויס פון האַרצן.

אַזוי זיינען אַוועק אַ סך יאָרן אין פאַרשיידענע אַרבעטן און אין פאַר־שיידענע ערטער. און אומעטום וואו ער האָט זיך אַ קער געטאָן, און אומעטום וואו ער איז געקומען, האָט ער נישט געקאָנט געפינען קיין רו פאַר זיין נשמה. און ער איז אַוועק פון דער שטאָט און פון די מענטשן. ווייט פון די פאַרחושכטע בית־מדרש ווענט, ווייט פון דעם גאַנצן רבנישן טומל, האָט ישראל אַרומגעבלאָנקעט אין פעלדער און וועלדער, אין בערג און טאָלן. און דאָ אונטער דעם בלויען הימל־געצעלט, אין דער מיט פון דער ברייטער נאַטור, האָט זיך אים אַנטפּלעקט דער גאָט פון דער גאַנצער וועלט, דער גאָט פון די נביאים און מקובלים, דער גאָט פונ'ם פאָלק

ישראל. אַט אַזוי זיינען אַריבער זיבן יאָר פון אָפּגעזונדערטקייט און אַליין זיין, פון פאַרטיפונג און טראַכטעניש, ביז עס איז געקומען די צייט, ווען ער האָט זיך געדאַרפט באַווייזן פאַר דער וועלט.

עס האָבן זיך פאַרענדיקט די זעקס און דרייסיק יאָר, אין וואָסערער צייט ער האָט געדאַרפט בלייבן אַ נסתר, און עס האָט זיך געלאָזט הערן אַ בת־קול: קום און קער זיך אום צו דיינע ברידער, כדי דו זאָלסט זיי ווייזן דעם וועג, וואָס פירט צו גאָט. די שעה איז שוין געקומען. און ער האָט געפּאַלגט די דאָזיקע שטים און האָט זיך אומגעקערט צו זיין פאָלק. ער האָט עס געפונען צעמישט און פאַרטומלט. די בית־מדרש ווענט זיינען געווען אָפּגעבליאַקירט און טונקל מחמת אַלטקייט... דאַן האָט ער אַרויסגעשריען זיין גרויסן אויסרוף: ווי געשריען, די וועלט איז פול מיט וואונדערלעכע און שרעקלעכע סודות און פּאַסירונגען, און די קליינע האַנט פאַרשטעלט די אויגן און לאָזט זיי נישט זען די גרויסע ליכטיקייט. און ער האָט אָנגעהויבן צו לערנען מיט דעם עולם, ווי אַזוי מען דאַרף קומען צו דער דערקענטעניש פון גאָט. אַ סך האָבן פאַרלאָזן די בית־מדרש ווענט, האָבן צוגעמאַכט די גמרות, האָבן אויפגעהערט זיך צו ברעכן דעם קאָפּ איבער פּילפּולים און חילוקים און האָבן זיך געצויגן צו אים, כדי צו הערן תורה פון זיין מויל. און אַפילו באַוואוסטע רבנים, וואָס דאָ ניט לאַנג האָט זיך זייער גאַנצע אידישקייט געהאַלטן אויף גמרא לערנען און תעניתים, פאַרצאַמונגען און דינים, זיינען געוואָרן זיינע תלמידים. און אויך אַ סך מקובלים פון די אַזוי אָנגערופענע „אנשי־מעשה", די מקובלים פון דער תענית־ און סגופים־פּראַקטיק האָבן פאַרלאָזט זייערע צימערן און זייערע פאַרשטויבטע ביכער און האָבן זיך געצויגן צו אים, כדי צו הערן תורה פון זיין מויל. און די דאָזיקע תורה איז נישט געווען קיין נייע. דאָס איז געווען די אַלטע תורה פון די נביאים, די אגדתות, דער קבלה, די פּשוטע און אָן חכמותדיקע תורה פון איבערגעבנקייט צו גאָט ביז צום פאַלקאָמענעם אויסטאָן זיך פון זיך אַליין, די תורה פון ליבשאַפט און געפיל, וואָס איז דורך אים באַנייט געוואָרן. דאָס איז געווען אַ תורה שבעל פּה.

דער בעל־שם־טוב האָט פיינט געהאַט די טויטע אותיות. ער האָט אויסגעקליבן די הויכע געדאַנקען, וואָס זיינען געלעגן באַגראָבן צווישן גאַנצע הויפנס פון טויטע אותיות, האָט זיי איבערגעצויגן מיט פלייש און אָדערן, האָט אין זיי אַריינגעבלאָזן אַ שטאַרק לעבן און האָט זיי געבראַכט צום פאָלק, צו דער מאַסע פון פאָלק. ער איז אַרומגעפאָרן און האָט געדרשנט אין דערפער און שטעט, אין מאַרק און גאַסן. אַלע די הויכע רעיונות און הייליקע ווערטער, וואָס נאָר אויסדערווײלטע מענטשן, יחידי־

סגולה, האָבן זיך ביז אהער אין זיי געניוטיקט, האָט ער איצט פאָרגעלייגט פאַרן פאָלק, אין דעם לשון פון פאָלק, צוגעבנדיק זיי מער טעם דורך פאַר־שיידענע מעשיות פונ׳ם פשוטן טאָג־טעגלעכן לעבן. אָט קומט ער אויפן מאַרק און טרעפט פאַרהאַוועטע אידן. זיי האָבן פאַרגעסן אָן גאָט און אָן זייער אידישקייט. ער הויבט מיט זיי אָן צו שמועסן מכח גאָט און זיינע וואונדער, מכח דעם מענטשן און זיינע מידות, מכח דעם גייסטיקן באַ־העפט צווישן דעם מענטשן און גאָט. דער שמועס ווערט געפירט אויף אַזאַ פשוטן אופן, אַז איטלעכער איינציקער פון די דאָזיקע פאַרהאַוועטע אידן קאָן אים פאַרשטיין. און באַלד טאַקע ווערט ארום אים אַ רעדל: „אָט איז דער בעל־שם". ער שטייט אין דער מיט און גיט זיי אַ משל פון זאַכן, וואָס זיינען זיי נאָענט, פון פערד, קעלבער, תבואה און פאַרשיידענע סחורות. ער זאָגט, אַז „אין יעטווידער זאַך איז פאַראַן גאָט, זיינען פאַראַן נשמות און וועלטן". ער טרייסט זיי: „גאָט וויל, מען זאָל אים דינען אויף אַלע אופנים"; מען קאָן זיך באהעפטן מיט גאָט דורך איטלעך וואָרט, „עס מוז נישט זיין דווקא אַ וואָרט פון תורה אָדער דאַוונען, עס קאָן זיין אַ וואָרט, וואָס מען זאָגט ארוים, רעדנדיק מיט דעם צווייטן אויפן מאַרק". און די מאַרק־לייט קערן זיך אום אהיים צופרידענע. זיי, די פאַרלאָזענע, די מאַרק־לייט, פורמאַנעס, זיינען נישט פאַרפאַלן, — אַזוי האָט זיי געזאָגט דער בעל־שם. און דאָס פאָלק האָט אינ׳ם בעל־שם געגלויבט און אים געהאַלטן פאַר אַ הייליקן, פאַר אַ „העכערן מענטשן", פאַר אַ צדיק.

אָט אַזוי אַרום איז ער געוואָרן אַ מיטלפונקט פאַר טויזנטער מענטשן. און מען האָט אָנגעהויבן וועגן אים צו דערציילן פאַרשיידענע מעשיות און לעגענדעס. דער פאָטער האָט זיי דערציילט דעם זון, און די מוטער דער טאָכ־טער, ביז זיי האָבן דערגרייכט צו אַזעלכע מענטשן, וואָס האָבן זיך געפונען גאַנץ ווייט, און האָבן אויפגערודערט די הערצער. און אינ׳ם פאָלק האָט מען אָנגעהויבן צו מורמלען: „עס איז אויפגעשטאַנען אַ נייער אויס־לייזער, אַ נייער גואל פאַר אידישקייט".

---

לויט אַלעם דעם, וואָס מיר לייענען און הערן מכח דעם בעל־שם, מוזן מיר זיך אים פאָרשטעלן אָט אין וואָס פאַר אַ געשטאַלט: אַ געזונ־טער און פרייליכער מענטש, וואָס גייט אָפט שפּאַצירן, האָט ליב צו שמועסן און געפינט ארוים אין איטלעכער זאַך אַ גייסטיקן תוך; ער האָט ליב דעם וואַלד און דאָס פעלד, די ריינע און קלאָרע לופט. און אַז ער טרעפט אמאָל קופּקעלעך אידן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, קרומע רוקנס און פאַרחושכטע פּנימער, ווענדט ער זיך צו זיי מיט זיין שאלה: וואָס

זייט איר עפּעס אזוי פאַראומערט, וואָס האַלט איר אַראָפּגעלאָזט אייערע קעפּ? — מיר האָבן נישט געדאַוונט, ווי עס באַדאַרף צו זיין. און בכלל, וואָס זיינען מיר, מ'שטיינס געזאָגט, און וואָס איז אונזער לעבן? מיר האָבן נישט דערפילט אפילו אַ קליינעם טייל פון אונזער חוב בנוגע צו גאָט ברוך־הוא. — לאָזט געמאַך, — ענטפערט זיי דער בעל־שם מיט זיין ליבלעכער שטים — טרויער איז אַ מין יצר־הרע. אויב איר האָט נישט געגנוג געלערנט — נו, מילא, לערנען איז נישט דער עיקר; אויב איר האָט נישט געדאַוונט כדבעי, טאָ גלויבט זשע מיר, אַז ווען אַ איד גייט אַלע טאָג אויפן מאַרק און אין אָוונט־צייט ווערט ער אַ פאַרציטערטער און זאָגט: ווי איז מיר, איך וועל פאַרשפּעטיקן מנחה, — און גייט דערנאָך ערגעץ־וואו אַריין און דאַוונט מנחה, נישט פאַרשטייענדיק דעם פּירוש המלות — ציטערן פאַר אים אפילו שרפים און מלאכים. ניין, דער עיקר איז די כוונה, די ריינקייט פון האַרצן און פון'ם געדאַנק. און דערפאַר מאַכט אַ סוף צו אייער עגמת־נפש, דער מענטש מוז שטענדיק זיין פריילעך, ער מוז שטענדיק זיין אַ שמח בחלקו".

דער בעל־שם — הערן מיר פון אַ חסידישער לעגענדע — האָט אַמאָל זיינע תלמידים דערציילט אָט וואָס פאַר אַ מעשה:

אַ למדן און אַ פּשוטער אידישער אַרבעטער האָבן געוואוינט אין איין הויז. אַלע טאָג פלעגן זיי אויפשטיין באַגינען. דער למדן איז געגאַנגען אין בית־מדרש, און דער אַרבעטער צו זיין שווערער אַרבעט. שעהנווייז פלעגט דער למדן אָפּזיצן אין בית־מדרש, לערנענדיק די הייליקע ספרים און דאַוונענדיק ביז צום מיטאָג; דערנאָך פלעגט ער אַוועקגיין אַהיים אַ צופרידענער מיט זיך, וואָס ער האָט דערפילט זיין חוב בנוגע צו גאָט. אויפן וועג פלעגט ער זיך באַגעגענען מיט זיין שכן, וואָס פלעגט אויך גיין אַהיים, אַ פאַרמאַטערטער פון זיין שווערער פּראַצע, און ערשט איצט פלעגט ער זיך קענען אַריינכאַפּן אין בית־מדרש אַריין, כדי אָפּצודאַוונען שחרית. דער תלמיד־חכם פלעגט אויף אים אַראָפּקוקן מיט ביטול, טראַכטנדיק בשעת מעשה וועגן דעם גרויסן חילוק צווישן אים און דעם אַרבעטער: ער, דער תלמיד־חכם, האָט היינט אַזוי פיל געלערנט אין די הייליקע ספרים און אַזוי פיל געדאַוונט, און אָט דער דאָזיקער אָדם מן השוק איז ביז איצט פאַרנומען געווען מיט גראָבער אַרבעט און קאָן ערשט איצט, אין דער מיטאָג־שעה, אויף גיך אָפּדאַוונען שחרית. דער פּועל אָבער פלעגט אָפּזיפצן אַ דערשראָקענער, דערזעענדיק זיין שכן, דעם למדן, וואָס איז אַוועקגעגאַנגען אין איין צייט מיט אים פון דער היים און איז ביז אַהער פאַרטאָן געווען אין הייליקע ענינים, בשעת ער, דער פּועל, האָט געמוזט האָרעווען ביי זיין אַרבעט. אַזוי זיינען זיך אַוועקגע־

גאַנגען וואָכן, חדשים, יאָרן. דער תּלמיד־חכם איז געשטאָרבן, און תּיכּף נאָך אים איז אויך געשטאָרבן דער אַרבעטער. דעם ערשטן האָט מען גערופן אין בית־דין של מעלה: מיט וואָס האָסטו זיך מתעסק געווען דיין גאַנצן לעבן? — האָט מען אים געפרעגט. — איך — האָט געענטפערט דער תּלמיד־חכם אַ צופרידענער מיט זיך — האָב פאַרבראַכט מיין גאַנץ לעבן אין גמרא־לערנען און דאַווענען. איך האָב מקיים געווען אַלע מצוות אין אַלע זייערע פּרטים. בקיצור, איך בין עוסק געווען אין תּורה און תּפילה און האָב מדקדק געווען במצוות. — דאָ האָט זיך דער קטיגור אָפּ־גערופן: ער האָט מבטל געווען זיין שכן, דעם אַרבעטער, וואָס האָט נישט קיין צייט געהאַט צו דאַווענען און נישט פאַרמאָגט די ידיעות, וואָס זיינען נויטיק צום תּורה לערנען. מען האָט געבראַכט אַ וואָגשאָל. אויף איין וואָגשאָל האָט מען אַוועקגעלייגט זיין גמרא־לערנען און זיין דאַווענען, און אויף דער אַנדערער שאָל זיין ביטול צום אַרבעטער. און וואָס איז געווען? דער ביטול האָט אַריבערגעוואויגן, און אַ בת־קול האָט זיך געלאָזט הערן: דעם תּלמיד־חכם קומט נישט קיין גן־עדן. — דערנאָך האָט מען געבראַכט צופירן דעם אַרבעטער: וואָס האָסטו געטאָן, בשעת דו האָסט געלעבט? — האָט מען אים געפרעגט. מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ האָט ער געענטפערט: מיין גאַנץ לעבן האָב איך געהאָרעוועט אָן אַן אויפהער, מיט ביטערן שווייס האָב איך געמוזט זאָרגן וועגן פּרנסה פאַרן ווייב און קינד, איך האָב דערפאַר נישט געהאַט קיין צייט צו דאַווע־נען. — דער סניגור האָט דערביי באַמערקט: ער האָט אָבער געקוקט אויף זיין שכן, דעם תּלמיד־חכם, מיט יראת־הכבוד און זיפצנדיק. — און וואָס איז געווען? עס האָט זיך געלאָזט הערן אַ בת־קול, מען זאָל דעם אַרבעטער תּיכּף אַריינפירן אין גן־עדן אריין.

דעם בעל־שם האָט מען אַמאָל געפרעגט: „אין וואָס באַשטייט דער עצם דאַווענען, די עבודת הבורא? מיר האָבן דאָך אַ קיימאַ־לן פון אונ־זערע עלטערן, אַז פרומע גאָטספאָרכטיקע לייט פלעגן זיך פאַרצייטן פייניקן משבת לשבת, און איר זענט מבטל די גאַנצע זאַך, זאָגנדיק, אַז איטלעכער, וועד עס פאַסט, וועט מוזן אָפּגעבן דין וחשבון, וואָרום דער, וואָס פאַסט און פייניקט זיין נשמה, איז אַ זינדיקער; טאָ זאָגט אונז, אין וואָס באַשטייט דער עצם דאַווענען? און דער בעל שם האָט דערויף גע־ענטפערט: איך בין געקומען צו וויזן אַ וועג, כדי דער מענטש זאָל זיך פלייסן צו באַקומען אָט וואָסערע דריי מידות: ליבשאַפט צו גאָט, ליב־שאַפט צום פאָלק ישראל און ליבשאַפט צו דער תּורה. אַ נזיר באַדאַרף מען נישט זיין.

(פון בוך: „חסידיזם“).

י. אַסמאַן.

# משיח־האַפנונגען אין מיטלאַלטער

דעמאָלט איז אידיש האָב און גוטס געווען הפקר, און דאָס בלוט פון די קינדער פון ישראל האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער. די חיה אינ׳ם מענטשן האָט צעבראָכן איר שטייג, זיך ארויסגעריסן, און זיך באַוויזן אין איר ריכטיקער געשטאַלט. אויסגעלאָשן איז געוואָרן יעדער פונק פון רחמנות אין דעם מענטשלעכן האַרץ, און גסיסה־קרעכצן פון אַ דערשלאָגענעם, וואָס האָט זיך געראַנגלט מיטן טויט, האָבן געקלונגען פאַר דעם אויער, ווי די זיסטע טענער פון פידלען און האַרפן. אויס ליבשאַפט צו אַלע קינדער פון דער ערד, אין דעם נאָמען פון אַ גאָט, וואָס איז געוואָרן אַ קרבן פאַר דער וועלט, האָט מען אַקעראייזנס איבערגעשמידט אויף שווערדן און שפּיזן, און מ׳איז געגאַנגען פאַרזייען ליבע און פאַרצייאונג איבער נאָענטע און ווייטע לענדער און דעם הימל אַראָפּברענגען אויף דער ערד. מיט צלמים און בילדער פון מענטשן, וואָס זיינען פאַרמאַטערט געוואָרן צום טויט ווי קדושים, פון די וואָס האָבן זיך געלאָזן פּייניקן פאַר זייער גלויבן, פון מענטשן, וואָס זיינען אומגעקומען, כדי צו ברענגען אביסל גליק פאַר שפּעטערע דורות, וועמעס לעצטער וואונטש איז געווען, אַז גאָט זאָל מוחל זיין זייערע פּייניקער פאַר זייער ריין־פאַרגאָסן בלוט, ווייל זיי ווייסן אַליין ניט וואָס זיי טוען, — איז מען געגאַנגען אומברענגען מענטשן צוליב זייער גלויבן, און איבער גוואַלד זיי אַוועקשיקן, מיט אומגעהויערע יסורים, צו דעם קעניגרייך פון הימל, דאָרט צו געניסן די אמתע ליבע און גליקזעליקייט.

פון ענגלאַנד, פראַנקרייך און דייטשלאַנד האָבן זיך אַ לאָז געטאָן מחנות בלוטדורשטיקע מענטשן־חיות צום הייליקן לאַנד, ארויסצוטרייבן פון דאָרט די אומבאַרעמהאַרציקע, אומריינע, די פון גאָט פאַרשאָלטענע אומגלויביקע, און צוגרייטן די וועלט, דורך פייער און שווערד, צו גאָטס קעניגרייך, וואָס דאַרף אַראָפּקומען אויף דער ערד. און פאַרגעסן האָבן זיי היים און לאַנד, ווייב און קינד, זיך געלאָזט אין דער גרעסטער געפאַר, אין דעם ווילדן ווייטן וועג, אָן שפּייז און אָן קליידער. און געגאַנגען זיינען זיי בלינד און לייכט, ריין אָן זינד, מיט צעטלען פון סליחה און מחילה פון דעם „הייליקן פאָטער" אויף די הערצער, און האָבן זיך געלאָזט אין דער ווייטער וועלט אריין צו רויבן און צו מאָרדן פאַר גאָטס וועגן, צו באַפרייען דעם קבר פון יענעם טרוימער פון גליל, וואָס איז געוואָרן

דורך זיי אַ פֿאַלשער משיח, און אין זיין נאָמען דערשטיקן די וועלט פֿאַר ליבשאַפֿט. אויף דעם וועג האָבן זיי זיך באַטראַכט:

נאָכוואָס זאָלן מיר גיין אַזוי ווייט, צו זוכן אָרעמע און אומגליקלעכע זיי צו באַגליקן, ווען זיי בלאָנדזשען ארום צווישן אונז, ווי די פֿאַרווירטע שאָף, און דער רחמנות אויף זיי איז נישט אַריבערצוטראָגן?

און מ׳האָט זיך גענומען צו דעם אומוויסנדן, אומגליקלעכן פֿאָלק, פֿון וועמעס לענדן עס זיינען ארויסגעקומען די יעניקע טרוימער און קדושים, וועמעס בילדער מ׳האָט געטראָגן אין די הענט, און וועמעס ווערטער מ׳האָט געהאַט אויף די ליפּן, און מ׳האָט אין זייער נאָמען געלערנט מיט זייער בלוט און פֿלייש, מיט פֿייער און שווערד, די תורה וואָס הייסט זיך ניט ווידערשטעלן דעם שלעכטן, און ליבן דעם שונא ווי זיך זעלבסט. האָט אָבער דאָס האַרטנעקיקע פֿאָלק, מיט אַ טעמפּער איינגעשפּאַרטקייט, נישט געוואָלט צונעמען די לייטזעליקייט; האָט נישט געוואָלט עפֿענען די אויגן און זען די וואונדער, וואָס זיינען געשען. עס האָט פֿאַרעקשנטערהייט ווייטער געוואַרט און געהאָפֿט, אַז משיח זאָל קומען און דערלייזן די וועלט, און נישט געוואָלט און נישט געקענט גלויבן, אַז ער איז שוין געקומען און געריייניקט און געלייטערט די וועלט און אויסגעלייזט זי דורך גלויבן. דאָס דאָזיקע פֿאָלק האָט ווייטער געלעבט מיט דער איינגעבוירענער האַרטנעקיקייט, האָט זיך נישט געלאָזט פֿאַרבלענדן די אויגן און פֿאַרשפּרעכן די אויערן, און געפֿאָדערט פֿון אַ ריינער, אומשולדיקער וועלט כאָטש אַ קליין ביסל גערעכטיקייט און איין טראָפּן שיין לעבן אַנשטאָט ניין מאָס פֿון שיין רעדן. עס איז ווידער געווען אַ לעבעדיקער פּראָטעסט געגן דער רעכט פֿון מאכט און גוואַלד, און ער האָט ווידער גערופֿן די וועלט, צו גיין זוכן גאָט, יעדער איינער אויף זיין שטייגער, ערלעך און פֿריי זוכן אים, און נישט ארויפֿצווינגען דעם אייגענעם גלויבן אויף יענעם. און דאָס דאָזיקע פֿאָלק, וואָס האָט גערעדט, מיט אַ האַרץ קראַנק פֿון ליבשאַפֿט, פֿון אַ גאָט פֿון נקמה, אונטער וועמעס פֿיס ימים ווערן אויסגעטריקנט און בערג צעגייען ווי וואַקס, האָט זיך איינגעקאָרטשעט ווי אַ שילדקרעט אין דעם פּאַנצער פֿון גלויבן און איז געבליבן ליגן איינגעשפּאַרט, טויב און בלינד, און אויסגעשטאַנען אַלע צרות און פּיין; געשפּרונגען אין פֿייער און אין וואַסער אַריין, כּדי צו אַנטלויפֿן פֿון דער ליבע און אויסלייזונג. דאָס דאָזיקע פֿאָלק איז אויך געוואָרן אַן אַכזר, און האָט ארויסגעריסן רחמנות פֿון זיין האַרצן, און פֿאָטערס האָבן אומבאַרעמהאַרציק געשאָכטן אייגענע קינדער מיט אַ ברכה אויף די ליפּן. מיט געזאַנג און טענץ זיינען זיי געלאָפֿן מקריב זיין מענטשן־קרבנות, און אויף די בית־עלמינס, אָדער ביי טייכן, פֿריש געטובלטע, אין ווייסע קיטלען, האָבן זיי אויסגעשטרעקט די העלזער צו חלפים, און איינער האָט זיך געבעטן ביים אַנדערן, ער זאָל

טאָן מיט אים אַ חסד און אים שעכטן, איידער ער פאַלט אריין אין די הענט פון די הייליקע, פון די זינד־ריינע, וואָס גייען פארזייען ליבע און פארצייאונג אויף דער ערד.

און דאָס פאָלק, וואָס מ׳האָט געוואָלט אָפּרייסן פון דער זינדיקער ערד און רייניקן און הייליקן עס פאר דעם קעניגרייך פון הימל, און עס האָט זיך בשום אופן נישט געלאָזט, איז אַליין אנטלאָפן און פארמאַכט זיך אין הימל־שלעסער, זיך אינגאנצן אָפּגעזאָגט פון דער וועלט; עס איז אוועק פון מענטשן און האָט געלעבט מיט מלאכים און שרפים; עס האָט אָן זיך זעלבסט פארגעסן, און איז געזעסן און געקלאָגט אויף גלות־השכינה און אויפן צער פון גאָט כביכול. דאָס דאָזיקע פאָלק האָט ווייטער געקוקט מיט גרוים רחמנות אויף דער אומגליקלעכער וועלט, וואָס זוכט און בלאָנ־דזשעט, רייסט זיך צום גוטן און פאלט אריין אין אַ נעץ פון שלעכטס, און טוט, און ווייסט אַליין נישט וואָס זי טוט; און אין די הייליקסטע מינוטן, ווען די וועלט איז געשטאַנען צום משפט, געבעטן פאר איר, געוואונטשן איר, זי זאָל געהאָלפן און אויסגעלייזט ווערן, און פול ווערן מיט דער דער־קענטניש פון גאָט, ווי די וואַסערן באדעקן דעם ים.

דעמאָלט האָבן אידן אָנגעהויבן חלומען אויף דער וואָר. פליגל זיינען זיי אויסגעוואַקסן, און זיי האָבן ארומגעשוועבט אין די הימלען. און ווען די שונאים האָבן געוואָלט אראָפּברענגען דעם הימל אויף דער ערד, דורך אכזריותדיקער ליבע, האָבן זיי זיך אינגאנצן אָפּגעריסן פון דער ערד און געצויגן זיך צום הימל. עס איז דעמאָלט פארשפרייט געוואָרן די קבלה, און יונג און אַלט האָט זיך גענומען צו איר. מ׳האָט זיך פארטיפט אין קבלה עיונית, און געזוכט אויסצוגעפינען די טיפע סודות פון דער באשאַ־פונג; מ׳האָט געלייגט גרויסע האָפנונגען אויף דער קבלה מעשית, מיט וועלכער מ׳קען באשווערן אַלע מלאכים אין הימל, זיי זאָלן טאָן דעם באַגער פון מענטשן.

דעמאָלט איז אַנטפּלעקט געוואָרן דאָס גרויסע בוך פון הימל, דער זוהר; עס איז געוואָרן דאָס הייליקסטע ספר, און ס׳האָט זיך פארשפרייט מיט בליץ־שנעלקייט. עס איז דאָס ספר, וואָס דער גרויסער תנא רבי שמעון בן יוחאי האָט געזאָלט האָבן געשריבן אין דער סודותדיקער אראַמעאישער שפּראַך — צו פארבאָרגן עס פון די אויגן פון די מלאכים און נישט צו דערוועקן זייער קנאה — אין פארלויף פון די דרייצן יאָר, וואָס ער האָט זיך באַהאַלטן פאר די רוימער, אין אַ הייל צווישן די בערג פון גליל.

און דער משיח, וועמען דאָס פאָלק האָט געטראָגן אין זיך דורות־לאנג, איז רייף געוואָרן און זיינע געבורטס־ווייען האָבן זיך שוין געפילט. עס האָט זיך געטראָגן אין דער לופט דאָס קלינגען פון משיחס גאָלדענע קייטן,

וואָס האָבן זיך געהאַלטן ביים צערייסן; עס האָט זיך געהערט זיין יאָמער־לעכער געוויין, וואָס קומט אַרויס פון היכל־קן־צפור און דערציטערט די גאַנצע וועלט. עס האָט זיך געפילט אַ שטאַרקע בענקשאַפט צו באַ־פרייען משיחן; עס האָט זיך געהערט זיין רייסן זיך, מיט אַלע כוחות, צו באַפרייען זיין פאָלק.

און אַ בענקשאַפט האָט דעמאָלט ארומגעכאַפּט דאָס אידישע האַרץ, עס האָט געגאָגט און געצויגן קיין ארץ־ישראל. עס האָט זיך געוואָלט באַפרייען די שכינה, פאַרריכטן דעם כסא־הכבוד, פאַרגענצן זיין נאָמען כביכול. עס האָט זיך געוואָלט לויפן צום כותל־מערבי, און אין די אייביקע שטיינער, די מצבה פון אַמאָליקן גליק און פּראַכט, אריינגיסן די טרערן, און אָנפילן דעם טרערן־בעכער, ביז ער זאָל איבערגיין דעם ראַנד. עס האָט זיך געוואָלט פליען צו דער מערת־המכפלה, צו דערציילן די אָבות דעם צער פון זייערע פאַרוואָגלטע און געפייניקטע קינדער. עס האָט גע־צויגן צום ברעג פון ירדן, ארומצוגיין דאָרט און שרייען: „שטיי אויף עמרמס זון, טרייער הירט, און זע דיינע שאָף, וואָס וועלף האַלטן אין צערייסן!“ עס האָט זיך געוואָלט אויפשטורמען וועלטן, אויפוועקן צדיקים און קדושים פון זייערע קברים, שיקן זיי פאַרן כסא־הכבוד הימלען איינ־צורייסן, משיחן באַפרייען פון זיין געפענגניש, זיינע קייטן צעברעכן און זיינע וואונדן אויסהיילן.

(פון „דאָס בוך פון נסיונות“).



## מענדעלע מוכר ספרים.

# דער שטורם

מיין לעבן איז א שטורמדיקער ים, מיינע יאָרן — רווישנדיקע כוואַליעס, און די נשמה מיינע — דאָס שליידערנדיקע שיפל. און דאָס ערשטע מאָל, ווען איך האָב מיך אָנגעהויבן צו דערקענען, איז אויך געווען מיט שטורם.

ס'איז פרילינג־צייט. פּלוצלונג ווערט א כמארע, און צווישן גערטנער אויף פריש־גרינעם גראָז לויפט זיך א אינגעלע, באָרוועס, אין איין העמדל, מיט א היטעלע אויפן קאָפּ — לויפט געשווינד, אָפּשטעלנדיק זיך צו ווײַלן, די אויגעלעך וואַרפן זיך אין אַלע זייטן, און אויערלעך הערן צו אויפגעשטעלט ווי ביי א העזעלע. יענעם קינד — דאָס בין איך מיט מיין כבוד אַליין. דאָס מאָל עפענען זיך מיר צום ערשטן מאָל אויף די אויגן מיינע, און איך אָנטפּלעק מיך צו מיר אַליין אינגאַנצן ווי איך בין — איך אַנטפּלעק מיך און בלייב פאַרגאַפט אויף דעם בילד, וואָס שטייט פאַר מיר. איינער אַליין געפין איך מיך דאָ. קיין לעבעדיק באַשעפעניש ארום נישטאָ. נאָר הימל און ערד. א פּלויט פון איין זייט, א פּלויט פון דער אַנדערער זייט. אָט גיט א זעץ, א קלאַפּ אויבן אין דער הויך. דאָס קול קייקלט זיך, אין ענדע וועלט צעפּאַלנדיק זיך אויף א סך שטאַרקע קולות דאָרט. און פייערדיקע שלאַנגען פליען מיט א צוק אין הימל. — אָט דאָס קלאַפּן רעדער פון גאָטס רייטוואָגן, — טראַכט איך ביי מיר — גאָט פאָרט עס דאָרט אין הימל, טראַסקעט מיט דער בייטש, אַזש פונקען פליען. א זייל פון שטויב הייבט זיך אויף פון דר'ערד, עס יאָגט זיך, עס דרייט זיך ווי א דריידל. נאָר באַלד גיט א גאָס א רעגן, א ליבער, וואַרעמער רעגן — גאָר א דערקוויקעניש, גרויסע טראָפּנס פּויקן אויף גרינוואַרג אין די גערטנער; רעטעכלעך, ציבעלע, קנאָבל יונגעטשקע בויגן איין די קעפּלעך, ווי קינדער ביי מאַמען אין שוים, און צוואָגן זיך מיט פאַרגעניגן. אין דרויסן לאָיען פון הונדערטער ערטער קליינע רינעלעך, נעמען זיך אויפן וועג צונויף, פליסנדיק ווייטער, ווייטער, זוזנדיק אין די אויערן. און אָט טוט זיך א ווייז דער ראָד פון זיין רייטוואָגן, א ראָד, א גרויסער, דאָרט אין הימל. נאָר אָבער א האַלבער זעט זיך אַרוים וואונדערשיין געפאַרבט, א פאַרגעניגן צו קוקן, און עפּעס א ליכטיקער שיין אַנטקעגן. די זון גייט אַרוים דאָרט פון אונטער דעם ראָד, ווי א חתן פון אונטער דער חופּה, גיט א קוק צו דער ערד, שיינט זי, א וואונק צו די וואָלקנס — ווערן זיי רויט...

דאָס איז דער אָנהויב פונ'ם דערקענען מיך אַליין, גאָט און די וועלט זיינע. מיט דונערן און בליצן איז מיר דאָס אַלצדינג אַנטפּלעקט געוואָרן צום ערשטן מאָל, און דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד האָט אין מיר אַ שיין געגעבן דורך דעם שטורם. אָט דאָס וואונדערלעכע בילד האָט זיך מיר איינגעשניטן אין הארצן. אייביק וועל איך, וויל איך, עס נישט פאַרגעסן. די גאַנצע פּאַנאָראַמע פאַר מיר, און דעם לשון פון דער נאַטור אַרום מיר, האָב איך דאַמאָלסט פאַרשטאַנען און האָב עס געפילט מיטן האַרץ פון אַן אומשולדיק קינד. איך האָב פאַרשטאַנען דעם לשון פון די קרייטעכצער און געוויקסן פון גאָרטן, דאָס ליד, וואָס די רינעלעך וואַסער פּלאַפּלען, און וואָס פראָש קוואַקעט ליגנדיק אין בלאָטע ביזן האַלז, אויסשטעלנדיק אַ פּאָר גרויסע אויגן — האָב איך גוט פאַרשטאַנען, איך האָב דאָך איר אָפּגעענטפערט קוואַקנדיק אויך אויף אַ קול ווי זי. און אַז איך בין געקומען אין הויף פון אונזער הויז, איז אַרוים דאָס קעלבל פון דער שטאַל אויסגלייכנדיק די ביינער, אַראָפּלאָזנדיק דעם קאָפּ און אויפהייבנדיק דעם עק און געמעקעט, און ס'איז אויך אַרוים די הון מיט אירע קינדערלעך און געפּיקעט אין מיסט פּישטשענדיק, און דער האָן גייט מיט פאַרוים קוממיות זייער האָפערדיק און מאַכט קוקעריקו. אויך די קאַץ זע איך, ווי זי גייט אַראָפּ פונ'ם דאַך, קאַראַבקעט זיך אויפן וואַנט און מיאַוקעט. האָב איך געוואוסט, וואָס זיי ווילן און האָב איטלעכן אָפּגעענטפערט אויף זיין לשון: געמעקעט, געמיאַוקעט, געפּישטשעט הויך אויפן קול. פאַרשטאַנען האָב איך נאָר ניט דעם פּאַטש, וואָס דער טאַטע האָט מיר געגעבן און וואָס באַטייט דער מאַמעס געשריי אויף מיר, אַז זי האָט מיך דערזען פּיטש־נאַס פונ'ם רעגן; וואָס זיי זיינען אויסן געווען דענסטמאָל, און וואָס מיין רבי און אַנדערע מענטשן זיינען אויסן געווען פון מיר דערנאָך — דאָס האָב איך נישט געקענט פאַרשטיין.



יהואָש.

# גראָז

האָסטו אַמאָל אויפן בעט אין דער פינצטער געהערט,
האַלב אין שלאָף און האַלב וואַך, אין אַ מיטן דער נאַכט,
טאַפּ־אַ־טאַפּ, טאַפּ־אַ־טאַפּ, אויף די שויבן באַזאַכט —
דעם רעגן וואָס וואַשט פאַרן פרילינג די ערד?

טאַפּ־אַ־טאַפּ! טאַפּ־אַ־טאַפּ,
פֿונ'ם בעט זיך אַ כאַפּ,
און אַ שפּרונג אין דער שטיל
מיטן נאַקעטן פוס אויפן נאַקעטן דיל,
און געעפנט דאָס פענצטער, ווי ווייט עס קען גיין,
און געזעסן אַליין,
מיטן אָפענעם האַלז אין דרויסן גערוקט,
און געהאָרכט און געקוקט,
ווי פון טריף נאָך אַ טריף,
ווערט אַ פולער און שוואַרצער און וואַרעמער גוס...

אַ געשאַר, א געשאָרך, אַ גערויש, אַ גערום
פון דער ווייט, פון אַמאָל, פון דער הויך, פון דער טיף,
פון אַ שטערן וואָס פאַלט,
פון אַ בלאָנדזשענדער שיף,
פון אַ גרינעם און קרויזיקן וואַסער, וואָס קוואַלט
איבער לאַכיקע לייבער און שוימיקע בריסט,
פון אַן אוצר אין וואַלד,
און אַן עלפנביין־פּאַלאַץ אין מיטן דער וויסט...
טאַפּ־אַ־טאַפּ, טאַפּ־אַ־טאַפּ,
ווי עס פליַיצט און עס גיסט...
פאַרמעקט די לאַמטערן, געשטאָרבן די גאַס,
און דו זיצסט, און די זיצסט,
די שלייפן דיר נאַס,
די אויגן געוואַשן, דער נאַקן באַשפּריצט,
און דו הערסט, ווי עס ציט און עס צאַפּלט און גרינט,
און דו אָטעמסט דעם נאַסן און גראָזיקן ווינט,
און מיט איטלעכן בלאָז,
ווערסטו רעגן, ווערסט ווינט, און ווערסט ערד און
ווערסט גראָז.

יהואש.

# איך האָב אַ קעניגרייך

איך האָב אַ קעניגרייך,
אונ וואָס איז דיין באַגער ? —
צו זיין אַ וואַסער־בלום אין טייך,
אונ מיטן טייך זיך וויגן הין אונ הער...

איך האָב אַ צויבערשטאָק,
אונ וואָס איז דיין פאַרלאַנג ? —
צו זיין אַ זום־זום דורכן טאָג,
אונ שלומערן אין אָוונט אויף אַ זאַנג...

איך קום מיט אַלצדינג אָן,
וואָס קלייבסטו אוים דערפון ? —
צו זיין אַ טוי אויף רויטן מאָן,
אונ שימערן אונ אויסגיין אין דער זון...

▲▲▲▲▲

ד. איינהאָרן.

# פאַרנאַכט

פון די ברייטע גאָלד'נע פעלדער ווייט אַ ווינטעלע אַ זאַנפטעס,
אונ דאָס קלאָרע טייכל מורמלט, ווי פון שלאָף אַ קינד.
טיף פאַרזונקען אין געדאַנקען, שטייען דרעמלענדיק די בוימער
אונ די טונקלע לאַנקע הילט אַ ראָזער נעפל איין.

ווייט אין מזרח, וואו עס קען שוין ניט דער לעצטער שטראַל
דערגרייכן,
צינדן, צינדן קליינע, בלאַסע שטערנדלעך זיך אָן.
וועמעס וועג באַלייכטן וועלן זיי, די ליכטיקע, די ווייטע ?...
וועמען וועלן זיי פאַרפירן דאָרט מיט זייער ליכט ?...

בלאַסער, בלאַסער ווערט דער רויטער פלעק אין בענקענדיקן מערב,
אונ אַ שאָטן אַ געהיימער הילט די פעלדער איין.
ווייט אין מזרח הייבט אָן בלייכן, עמיץ הויבט דאָרט אָן צו האָפן...
וואַרט, עס וועט זיך באַלד צעגיסן דער לבנה־שיין...

ש. אַש.

# לבנון

דער ים אַרום און אַרום איז געלעגן אויסגעצויגן אין זיין טונקעלן, סודותפולן שלאָף, געלעגערט ווי אַ שוואַרצע שרעקלעכע חיה, וואָס איז געקומען צולויפן און האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבער דער ווייטער אומענדלעכקייט, אַריינגעמענדיק אונטער איר ברוסט דעם גאַנצן לאַנגן, ברייטן שטח און פאַרשטעלט אים מיט אירע שוואַרצע וואַסערדיקע קאָלטענעס, וואָס זי האָט אויף זיך. און עס האָט זיך געדאַכט, אַז יעדע מינוט כאַפּט זיך די חיה אויף פון איר געלעגער און טרייסלט אַלץ פון זיך אַראָפּ. נאָר דערווייל איז די חיה — דער ים געלעגן אין פאַרטיפטן שלאָף. נאָר פון צייט צו צייט האָט זיך געוואָרפן אַ וואַסערדיק ליכט פון איבער זיינע שימערנדיקע קאָלטענעס, אָדער אַ טיפער שטערן אין הימל האָט טיף־שפּיזעדיק אין זיין טונקעלן איבערדעק זיין טונקל ליכט גע־צילט... און עס האָט זיך דערהערט פון דער ווייטנס דאָס שווערע ערנסטע גיסן פון כוואַליע אין כוואַליע, ווי דאָס שווערע אָטעמען פון אַ חיה. און דאָס האָט געשראָקן פון דער ווייטנס מיט זיין גרויזאַמער סודותדיקייט.

נאָר רואיק און זיכער, ווי געשטיצט אויף גאָטס חסד, האָט אונזער שיף געשפּאַנט איר וועג צווישן געשטערנטן הימל און טונקעלן וואַסער, ווי אַ שטילער סודותפולער שליח, וואָס וואַנדלט פון עק וועלט צו עק וועלט אַ פאַרבאָרגענע שליחות אויסצופירן. זי האָט אויסגעשטרעקט פאַר זיך איר ווייטן האַלז, געזוכט זיך אַ וועג אין דער אומזיכערער אומענדלעכקייט. ווייניק מענטשן זיינען גע־שלאָפן די נאַכט אויף דער שיף. עס איז געווען די לעצטע נאַכט, ווי אונזער שיף איז אַרויסגעפאָרן פון די גריכישע ברעגן צו וואַרפן איר אנקער אין סירישן פּאָרט. דאָ און דאָרט האָבן זיך איינצלנע געשטאַלטן אַרומגעדרייט, אָדער זיך באַהאַלטן פאַרטיפט אין בענקען — געוואַרט אויף דער מאָרגנזון, וואָס וועט זיך אויסגיסן פון הינ־טער דעם לבנון.

און אַ גרויסע בענקעניש האָט אַרומגענומען די, וואָס זיינען געווען אויפן שיף, צו זען די ברעגן פון הייליקן לאַנד. זע, אין ווינקל זיצן די אַלטע אידן, וואָס פאָרן קיין ארץ ישראל, מיטן הזיתים־באַרג קעגנאיבער דעם הר־הבית אויסצומישן זיך, און ביים

שיין פון קליינע ליכטלעך זאָגן זיי תהילים. און די אַלטע ווייבער שטייען אַביסל אָפּגערוקט פון זיי, — זינדיקע אידענעס, נעבעך, קאָנען אין דעם כאַר קיין אַנטייל ניט נעמען — און רייבן זיך די הענט אָן די נאַסע לייסטן פון שיף, וואָס זיינען באַהויכט מיט ים־פייכטקייט, און זאָגן וואָס זיי קענען: איינע אַ תחינה, די צווייטע דערמאָנט זיך אַ פּאָר פּסוקים פון דאַוונען, די דריטע זאָגט גלאַט ברכות אין דער וועלט אַריין... און איינע גאַר אַ קליינע און אַן אַלטיטשקע און אַ פּראָסטע האָט גאַרנישט צו זאָגן, קלאַפּט זי מיט די אַלטע אָנציינערדיקע יאַסלעס „די הייליקע אָבות", „די הייליקע אמהות", און „די מאַמע רחל" און „די מאַמע רחל". זיי קוקן מיט גרויס ערנסט און כבוד אויף די אידן, וואָס זאָגן תהילים. אין צווייטן ווינקל האָט דער אַלטער פּאָפּ אויפגענומען אַרום זיך אַלע גויים און אַלע גויהס, וואָס פאָרן צום הייליקן קבר, און זיי זינגען אין כאָר הייליקע קירכנלידער. און די שטימען פון די קירכנלידער קומען אַהער צו בלאָזן מיטן ווינט און מישן זיך אויס אינאייגעם מיט די אידנס תהילים־זאָגן. די תפילות שווימען אויסגעמישט איבערן טונקעלן אויבערפלעך פון ים. אויפן אויבערדעק פון שיף שטייען יונגע בחורים, — געקומען צו פאָרן פון פלאָנסק, אַ שטעטל אין פוילן, מיט הערצער פול האָפנונג, מיט ליבע פול די ברוסט, פאָרן זיי קיין ארץ ישראל, די ערד אין די קאָלאָניעס צו באַאַרבעטן — און זינגען לשון־קודשדיקע לידער. צו זיי האָבן זיך באַהאָפטן די מיידלעך, וואָס האָבן זיך אויפן שיף געפונען, און באַגלייטן זיי מיט זייערע ווייכע אידיש־מיידלשע שטימען...

איך און אַלע פילן מיר זיך ווי פאַרוואָגלטע קינדער, וואָס זיינען געווען ערגעץ־וואו געפאַנגען אין דער פרעמד און קומען צוריק אַהיים נאָך אַ צייט מיט יאָרן צו דער מאַמען אין שטוב אַריין... און איך קען נאָך מיין מאַמען נישט...

אַזוי האָבן מיר אַלע געוואַרט, יעדער שטאָם און גלויבן אין אַן אַנדער ווינקל, אויף דער זון, וואָס וועט צום ערשטן מאָל באַלויכטן די ברעגעס פון אונזער היימלאַנד.

פון דער ווייטנס האָט מען שוין באַמערקט, ווי דער טאָג בלייכט זיך אין דעם נאַכט־ים פון הינטער אַ טונקעלן ריז, וואָס וואַרפט שרעקנדיק און מעכטיק זיין שאָטן אין דעם ים אַריין. און וואָס אַמאָל מער דער טאָג האָט זיך געבלייכט, איז דער באַרג־ריז בולטער געוואָרן און האָט אויסגעשניטן זיך פון שטח אַרויס מיט זיינע שאַרפע קאַנטן. שוין באַלייכט דער טאָג גרויע שניי־בערג, וואָס הענגען אין דער לופטן... שוין באַדט זיך דער טאָג אין שניי און

וואַרפט אַ זונענגלאַנץ איבערן שניי-הויך. און איך ווייס ניט, פון וועמעס ברוסט עס האָט זיך פריער אַרויסגעכאַפּט: „דער לבנון".

און אַלע, ווי גרויס, ווי קליין, ווי איד, ווי גוי — האָבן זיך געגעבן אַ וואָרף צו די קאַנטן פון דער שיף. טייל האָבן די הענט אין דער הויך געהויבן... טייל די קעפּ אין שטילקייט געבויגן — דאָרט שטייען די גויים און צלמען זיך — און אַלע שווייגן: דער באַרג לבנון.

די זון באָדט זיך אין זיינע שנייען, איידער זי גייט אויף אי-בער דער וועלט צו שיינען... באָדט זיך און רייניקט זיך אין אים, און שניי פלאַקערט אין דער זון. און שניי-ליכט און הימל-ליכט קומען זיך אין איין העלן פלאַם צוזאַמען און זיי באַגיסן דעם גאַנצן שטח מיט ליכט אַרום... ווי שטיקער געפּאַלענע וואָלקנס זעט דער גאַנצער באַרג אויס, — זיין קאָפּ שטייגט אין הימל אַריין, און עס יאָגן די וואָלקנס איינער נאָכן אַנדערן איבערן הימל ברייט אַרום און זיי קומען אָן צום באַרג-שפּיץ און גליטשן זיך איבער אים אַראָפּ און ליגן אויף אים ווי געבראָכענע שטיקער הימל; און די זון צעלאָזט מיט אירע שטראַלן וואָלקן און שניי, און זיי גיסן זיך אינאיינעם ווי אַ פלאַמענדיקער העלער שניי-טייך, שניי-וואַל און זון-וואַל, און פאַלן פון דער הויך און צעברעכן זיך אויף טויזנטער שיפן. און מיט זונען-לאַכן און שטראַל-געשריי לאָזט זיך דער זונען-טאַנץ שטראָמענדיק איבערן באַרג אין ברייטן, ליכטיקן ים אַריין.

און פריי און ליכטיק ליגט דער ים אויסגעצויגן צו דעם לויכטנ-דיקן באַרגס פיס. אַוועק איז די שוואַרצע נאַכט-חיה, וואָס האָט געהויערט איבערן ים די גאַנצע נאַכט, און באַפרייט איז געוואָרן דער וואַלן-גלאַנץ פון איר שווערער וואַסערדיקער קאַלטענעס-ברוסט, און איבער דער ברייט און לענג פון מיין היים-ים לאַכט פרייע זון און לופט...

און מיר שטייען אויף דער אויבערדעק פון שיף און קוקן צו דיר, באַרג לבנון...

זיי געגריסט, זון איבער מיין היים!

זיי געגריסט און זיי געבענטשט, היים!

הינטער מיר שטייט אָן אַלטע אידענע, איינע פון די אַלטיטש-קע, וואָס האָבן ביינאַכט די שיף מיט תהילים-זאָגן באַגלייט. לכבוד ארץ ישראל האָט זי זיך אָנגעטאָן די נייע שבתדיקע קאָפּקע מיט די ווייסע שפּיצן און קלאָרן-סאַמעט בענדער. אַזוי שטייט זי הינ-

טער מיר, די ברילן איבער די אויערן מיט אַ גראָבן קרבן־מנחה־סידור אין האַנט.

— איר זאָלט מיר לעבן, דאָס איז ער, דער באַרג פון חומש?

— דאָס איז ער, באָבעשי, דער באַרג פון חומש אַרויס, לבנון...

— אוי, פון חומש אַרויס, אוי, באַרג לבנון, זאָלסט לויפן און זיך מיען פאַרן כסא־הכבוד פאַר דיין דינסט וועגן, יענטע בת לאה, און פאַר אירע קינדערלעך, וואָס זי האָט איבערגעלאָזט אינדערהיים, און פאַר כל־ישראל, אָמן סלה...

באַרג לבנון, לויף זיך מיען פאַרן כסא־הכבוד, דו ביסט אַ גרויסער, גרויסער חשוב...

און די אַלטע אידן, אויסגעפּוצט אין די שבתדיקע קאַפּאָטעס לכבוד דעם באַרג לבנון, האָבן אָנגעטאָן טלית און תפילין און אין מאָרגן־לופט און אין ארץ־ישראל־לופט האָבן זיי זיך אַנידערגעשטעלט דאַוונען קעגנאיבער דעם באַרג לבנון.

— תחת ההר הטוב הזה... אונטער דעם דאָזיקן גוטן באַרג...

— קנייטשט אַ איד און ווייזט מיטן פינגער אויפן באַרג לבנון, וואָס שטייט קעגנאיבער אים...

דער יונגער דור, — די בחורים פון פּלאָנסק, אייניקע יונגעלייט ציוניסטן, בעלי־מלאָכות, — די מאַכן זיך די פּעקלעך גרייט, אַראָפּצוגיין אין ביירוט, די גרעסטע האַנדלס־שטאָט פון סיריען, פון דאָרט אַריבערצופאָרן אין די קאָלאָניעס, וואָס זיינען אין גליל.

—און איר וועט נישט פריער ירושלים זען, דעם כותל־מערבי, דער מאַמע רחלס קבר? — וואונדערן זיך די אַלטע אידן...

— מיר גייען נישט נאָך ארץ־ישראל שטאַרבן, אַז מיר זאָלן קיין ירושלים אויף קבר־אָבות קריכן... מיר קומען נאָך ארץ־ישראל לעבן, אין די קאָלאָניעס אַרבעטן, — קלינגט דער שטאָלצער ענטפער.

— אָוואַ, — וואונדערן זיך די אַלטע — אַ נייע ארץ־ישראל.

— לאָז געמאַך, עס זיינען פון די ציוניסטן, — זאָגט אַ צווייטער איד.

אין אַ ווינקל ביים קעסל האָט דער פּאָפּ די גוים צוזאַמענגענומען. זיי האָבן זיך אויך לכבוד דעם לבנון זונטיקדיק אָנגעטאָן, אויסגעשמירט די שטיוול, רויטע רובאַשקעס איבערגעביטן און די צעקנייטשטע יום־טובדיקע מאַרינאַרקעס, וואָס זיי האָבן געהאַט אין די פּעקלעך. דער קירכן־פּאַטער ווייזט אויפן באַרג... און די גויים אין אונטערטעניקייט בויגן די קעפּ פאַרן לבנון און צלמען זיך.

אַזוי האָט אונזער שיף באַגריסט דעם געבענקטן ברעג פון ארץ־ישראל.

(פון „ארץ ישראל“)

י. י. שוואַרץ.

# ווינטער אין קענטאַקי

אין יענעם יאָר האָט זיך געשטעלט אַ ווינטער
מיט גלימצערדיקע פרעסט און שווערע שנייען:
אַלאַסקאַ האָט אַ בלאָז געטאָן אין לאַנד,
און פויגל האָבן אָנגעהויבן פאַלן
פון טרוקענעם און שאַרפן אָטעם פון דער לופט
און האַרטן גרוילעך־פינקלדיקן שניי.
די טייכן האָבן זיך פאַרקאָוועט שווער,
און פון די ברונעמער האָט מען געהאַקט
די גרינלעך־בלויע סקווערן שווערן אייז
און זיי צעלאָזט אין קעסלען אויף צום טרינקען.
דער ישוב איז געוואָרן אָפּגעשניטן
ווי מיט אַ ווייסן פלאַמיק־שאַרפן מעסער
פון גרויסער וועלט אַרום. די הורבעם שניי
האָבן פאַרשאָטן יעדן וועג און טראַקט,
פאַרשאָטן אַלע רעלסן פון די באַנען.
און אַז דער קורצער, שאַרפער, ראָזיקער פאַרנאַכט
פלעגט זיך צעשפּילן מיט קאָליר און פאַרב —
דאַן פלעגן זיך אַנטפּלעקן וויַיטע בערג
מיט ווייסע וועלדער ענג צונויפגעשלאָסן,
וואָס קוקן קאַלט מיט גרינעם און מיט בלויען שניי
אַראָפּ צום קליינעם ישוב אינ׳ם טאָל,
וואָס ליגט אין אייז פאַרגליווערט ביז צום גאַרטל
מיט גראָבע ראָזע היטלען שניי אויף דעכער;
און פון די היטלען ציען גרויע רויכן
אין גראַדע שלאַנקע פליסנדיקע זיילן
צום טיפן הימל אָנגעזעצט מיט שטערן.

דערנאָך האָט דער אַלאַסקער אָטעם נאָכגעלאָזט,
און ס'האָט אַ צי געטאָן אַנ'אַנדער ווינטל:
דער הימל איז געוואָרן נידעריק און גרוי,
און אַז דער רויך פון קוימענס האָט געפּרוּאווט
זיך אויפהויבן אין לופטן, האָט דאָס אויג
שוין ניט געקאָנט דערקענען, וואו איז רויך
און וואו איז הימל. ווי פון דינער זיפּ,
האָט טאָג מיט נאַכט געשאָטן גאָר אָן אויפהער
מיט עפּעס ניט קיין וואַסער, ניט קיין אייז,
און שווער געמאַכט דעם שניי און טריב דעם אייז.
און אַז דער אייז־רעגן האָט אויפגעהערט צום סוף
און עס האָט אויפגעלויכט אַ בלאַסע זון —
האָט איטלעך בוים זיך איינגעדעקט אין גלאָז,
און איטלעך צווייג פון ליפּע און פון קאַשטאַן,
און פון די קליינע נאָדלדיקע בוימלעך,
זיי האָבן זיך באַדעקט מיט גראָבן גלאָז;
און פון דעם גלאָז האָבן אַרויסגעקוקט
די שוואַרצלעך־גרינע טיילן פון די צווייגן
ווי אויפגעשוואָלן, אין פאַנטאַסטישע אוזאָרן.
און אַז דאָס מינדסטע ווינטל איז געקומען
האָט אָנגעהויבן קלינגען אין דער לופט
מיט לאַנגע שווערע גלעזערדיקע צווייגן;
עס האָבן בוים און בוימל זיך געבראָכן,
עס האָבן דעכער זיך געזעצט פון משא
פון שווערן גלימצערדיקן אייזיק־גלאָז.

(פון „קענטאַקי”).



ז. לאַנדוי.

# ס׳איז היים אין שטוב

ס׳איז היים אין שטוב. איך קען נישט שלאָפֿן.
איך טו זיך אָן. איך גיי אַרויס.
מיט בוימער, גראָזן און לאַמטערן
שפּרייט מילד און לייכט די נאַכט זיך אויס.

איך זעץ אַוועק זיך אויפֿן ברונעם.
ס׳איז קיל און שטיל. עס גייט דער ווינט
דורך מיינע האָר ווי שלאַנקע פֿינגער;
שוין האָבן מיך דערשמעקט די הינט.

עס קומט אָן טעדי און ס׳קומט פֿרעדי,
מיט וויפֿל ליבע גלעט איך זיי! —
כ׳וועל נישט צוריקגיין אין דער שטוב שוין,
כ׳וועל נעכטיקן דאָ אויפֿן היי.

מאַני לייב.

# מיינע ימען אָקעאַנען

מיינע ימען אָקעאַנען
זיינען שטורעמדיק און גרויס.
אין די ימען אָקעאַנען,
אין די נעבלען, די טומאַנען,
גייט מיין שיף אַרויס.

קאַפּיטאַן! — מיין שיף פֿון דאַנען
פֿירן זיכער זאָל דיין האַנט,
דורך די ימען אָקעאַנען,
דורך די נעבלען, די טומאַנען,
צו מיין אויסגעטרוימטן לאַנד!

מ. ל. האַלפּערן.

# בי־בי

קומט צופליען דאָס קאַרליקל בי־בי
אויף דעם מאָרגן־פויגל פלאַטער־פלי.
הערט דאָס קאַרליקל דעם דיכטער וויינען,
ברענגט ער אים אַ בריוועלע צו ליינען.

איז דאָס בריוועלע פון זונען־לאַנד,
וואָס די קעניגן מיט איינ׳נער האַנט
האָט דאָס צו דעם דיכטער אָנגעשריבן,
און זי שיקט אים דאָרט גערוסן זיבן.

רעדט פון שלאָף דער דיכטער פון זיין גליק,
און ער שרייבט אַ בריוועלע צוריק,
און ער הייסט מען זאָל דאָס איבערגעבן
צו דער קעניגן, זיין טייער לעבן.

גיט אַ וואונק דאָס קאַרליקל בי־בי
צו דעם מאָרגן־פויגל פלאַטער־פלי,
פליען ביידע גיך זיך צו פאַרבאָרגן
אין אַ וואָלקנדל פון רויטן מאָרגן.



י. י. שוואַרץ.

# שפּעטזומער

עד, די ליכטיקע און וואונדערבאַרע טעג,
פון אונזער רייכן, גאָלדיק־זאַטן הערבסט!
ס'איז אייגנטלעך קיין הערבסט ניט, נאָר אַ זומער,
אַ צווייטער זומער, ליכטיק, גאָלדיק, רויט,
געמישט מיט טיפן גרין, און בראָנז, און קופּער,
און ווערמילאָן, און טיפן בלוי פון הימל.

עס שטייען טעג ווי פולע ליכטיקע חלומות
אין אומגעהויער זעט און וואַרעמקייט און שפע:
די ערד האָט זיך צעלייגט און אָפּגעלאָזט פאַרצערטלט,
אַ מידע פון איר זעטיק־שווערן איבערפלוס,
און שלאָגט פון זיך מיט היץ, און שטראָמט פון זיך
מיט רייפער פולער פוילקייט, ווי אַ זאַטע מאַמע,
וואָס האָט נאָר וואָס דעם קינד געגעבן זויגן;
דאָס קינד איז זאַט, האָט אָפּגענויגט דאָס קעפּל,
און ס'טריפן נאָך מיט מילך די פולע ברוסטן. —

עס ווייען פולע וואַרעמלעכע ווינטן,
עס גייט די קלאָרע שטראָמענדיקע לופט
ווי אַלטער קלאָרער שמעקעדיקער ווייז,
מיט יעדן שטראָם דערקומען נייע ריחות,
און שפּאַרן אָן צו די געהירן, און פאַרשיכורן. —
נאָר פולער פונ'ם טאָג איז דער פרימאָרגן —
נען פון דער בלויער ווייכער פינצטערניש
שווימט אַרויס רויט־פייערדיק די ראָד פון זון,
און אַלץ באַקומט אַ נישט־רעאַלן אויסזען,
אַן אויסזען פון אַ נישט־געזעענער וועלט,
מיט אומבאַקאַנטע לופטיקע קאָלירן,
און מאָרגנס, ביז היינט נישט דערבליקטע פאָרמען —
צוערשט שווימען אַרויס די גרויע בוימער —
און פּלוצים ווערן זייערע קעפּ פאַרפלאַמט,

און ס׳גליטשט דער פלאַם אַראָפּ זיך נידעריקער,
און ס׳ברענט אַ בוים — קאָלירן — קאַרנאַוואַלן, —
מיט זײַנע רויטע צונטערדיקע בלעטער,
מיט זײַנע געלבע בלעטער, מיט די זאַפטיקע
נאָך טיפֿע גרינע בלעטער, אַלץ באַהויכט
מיט זילבער־גרויען הויך פֿון טוי פֿון נאַכט.
דער טוי צערינט, צעפּליסט, ווערט אויסגעוועפּט,
און ס׳ברענט דער בוים פֿילפֿאַרביק, ריין און קלאָר.
דערנאָך קומט צו דאָס ליכט צום בלויען גרונט —
און, גרויסער גאָט, וואָס פֿאַר אַ וואונדער פֿאַרן אויג:
געוויקלטע קעפּ קרויט פֿאַרפֿלאָכטן האַרט
און זאַפֿטיק־פֿריש און שווער און שטײַף און פֿײַכט.
און לאַנגע, שוואַרצלעך־גרינע קאַוועגעס
מיט געלע, לאַנגע פֿלעקן אויף די בײַכער
פֿאַרוויקלטע אין נעצן געלע בלעטער.
און אומגעהויער שווערע רויטע פּאָמידאָרן,
וואָס האָבן זייער פּלאַנק אַראָפּגעצויגן,
און ליגן אויף דער ערד מיט זייער מאַמען,
און שפּאַלטן זיך פֿון איבערפֿלוס און זאַפט.
און איבעראַל די שפּע פֿון די טרויבן,
וואָס שיטן זיך אַראָפּ פֿון אַלע פּלויטן
אין שווערע איבערפֿליסיקע געדיכטע הענגלעך,
באַהויכט מיט גרויען טוי, מאַסיוו און שווער.
עס דראַפּען זיך די פּיבערן פֿון ווײַן
און קריכן איבעראַל, און פֿילן אָן די לופֿט
מיט זייער טערפּקען, זיסן, הייסן ריח.
און פֿויגל, פֿויגל, פֿויגל — איבעראַל
מיט רויטע ברוסטן און מיט בלויע פֿליגל,
מיט שוואַרצע פּיסלעך און מיט רויטע פּיסלעך,
און איטלעך זינגט אַן אַנדערן געזאַנג
און פֿלוידערט און פֿאַרגייט זיך אויף זײַן שטייגער.

(פֿון „קענטאָקי”)



משה טייטש.

# האַרבסט

ווייט פון וועגן, וואו מען זעט קיין דורכגייער, קיין פאָרער,
ערגעץ אין אַ וועלדל ביי אַ קרעניצע אַ קלאָרער,
ליגט פון אייביק אָן אַ גרויער שטיין אַ שטומער —
אויפן שטיין דאָרט זיצט יעצט אין אַ האַרבסט־מאַנטל דער זומער.

אַנמעכטיק די הענט אַראָפּגעלאָזט, די אויגן דעקט אַ כמאַרע,
אויפן קאָפּ אַ קראַנץ פון האַלב־פאַרוועלקטע בלעטער דאַרע,
אויף די בלאַסע ליפּן גאַנצע שניר פון ליבע־סודות שטילע —
אין דערוואַרטונג זיצט ער און שעפּטשעט אויפן וועג אַ תפילה.

ס'פאַרגייט די זון, עס נעמט אַרום די נאַכט פון אַלע עקן,
דאמאָלסט נעמט אין האַנט דער וואַנדערער זיין שטעקן,
לאָזט זיך גיין פון וואַלד אַרויס אויף ברייטע וועגן,
און ביים שיידוועג, האַלבע נאַכט פּונקט קומט אים עמיצער אַנטקעגן.

פאַרשפּעטיקטע דורכגייער האָבן ניט איינמאָל סוף זומער געטראָפן:
עס קומען צונויף זיך ביים שיידוועג צוויי שאָטנס פון דרום און צפון;
זיי גיבן די הענט זיך ביים גלאַנץ פון לבנה און שיידן זיך ווידער —
ווי לייבלעכע ברידער.



מ. ראָזנפעלד.

# אלול

דער בעל־תקיעה גיט אַ בלאָז,
עס פאַלט אַ טריבעס וועטער,
עס וועלקט אין פעלד דאָס יונגע גראָז,
דער בוים פאַרלירט די בלעטער.

די ערד שטייט הויל און נאַקעט באַלד,
א סוף איז צו איר יחום; —
דער פויגל זינגט אין גרויסן וואַלד
און וועקט און רופט צו סליחות.

ער זינגט אי אומעטיק, אי זיס,
אַ געזעגן־ליד מסתמא;
דאָס גיט אַ נעם, דאָס גיט אַ ריס,
אַ ריס ביי דער נשמה!

עס רוישט דער וואַלד, עס וויט דער ווינט,
די האַק קוקט אָן דעם שומר...
דאָס קומט אַ יום־הדין אַצינד
אויף בוימלעך און אויף בוימער.

ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע.

# קינדער לידער

## א.
## די קוועלע

דער שלאָף, וואָס שוועבט איבערן קינדס אויגן — ווייס עמיצער, פון וואַנען ער קומט?

יאָ, פאַראַן אַ קלאַנג, אַז אין דעם פייען־דערפל, צווישן שאָטנס פון וואַלד, טונקל באַלויכטן פון גלי־ווערים, שטייט זיין הויז, הענגען צוויי צאַרטע קנאָספּן פון באַצויבערונג. פון דאָרטן קומט ער צו דעם קינדס אויגן.

דער שמייכל, וואָס פלאַטערט אויפן קינדס ליפּעלעך, ווען עס שלאָפט — ווייס עמיצער, וואו ער איז געבוירן געוואָרן?

יאָ, פאַראַן אַ קלאַנג, אַז אַ יונגער, בלאַסער שטראַל פון אַ האַלבער לבנה האָט באַרירט דעם זוים פון אַ פאַרשווינדנדיקן הערבסט־וואָלקן, און דאָרטן איז דער שמייכל צוערשט געבוירן געוואָרן אין דעם חלום פון אַ טוי־באַוואַשטן פרימאָרגן, — דער שמייכל, וואָס פלאַטערט אויף אַ קינדס ליפּן, ווען עס שלאָפט.

די זיסע, ווייכע פרישקייט, וואָס בליט אויף אַ קינדס גלידער — ווייס עמיצער, וואו זי איז געווען באַהאַלטן אַזוי לאַנג?

יאָ, ווען די מוטער איז געווען אַ יונג מיידל, איז דאָס געלעגן, דורכדרינגענדיק איר האַרץ אין צאַרטער, שווייגנדיקער מיסטעריע פון ליבע, — די זיסע, ווייכע פרישקייט, וואָס האָט געבליט אויף אַ קינדס גלידער.

## ב.
## ווען און וואַרום

ווען איך ברענג דיר קאָלירטע שפּילצייג, מיין קינד, פאַרשטיי איך, וואַרום ס'איז פאַראַן אַזאַ שפּיל פון קאָלירן אויף די וואָלקנס, אויפן וואַסער, און וואַרום בלומען זיינען געפאַרבט אין פאַרשיידענע פאַרבן, — ווען איך גיב דיר קאָלירטע שפּילצייגן, מיין קינד.

ווען איך זינג צו מאַכן דיך טאַנצן, ווייס איך באמת, וואַרום ס'איז פאַראַן מוזיק אין בלעטער, און וואַרום כוואַליעס שיקן זייער

כאָר פון שטימען צום האַרצן פון דער ערד, וועלכע הערט זיך צו, — ווען איך זינג, צו מאַכן דיך טאַנצן.

ווען איך ברענג זיסע זאַכן צו דיינע זשעדנע הענט, ווייס איך וואַרום עס איז דאָ האָניק אין דעם כוס פון דער בלום, און וואַרום פרוכטן זיינען סודותדיק אָנגעפילט מיט זיסער זאַפט, — ווען איך ברענג זיסע זאַכן צו דיינע זשעדנע הענט.

ווען איך קוש דיין פּנים צו מאַכן דיך שמייכלען, מיין טייערס, פאַרשטיי איך שוין גוט, וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן עס שטראָמט פון הימל אינ'ם מאָרגן־ליכט, און וואָס פאַר אַ פרייד דאָס זומער־ווינטל ברענגט צו מיין קערפּער, — ווען איך קוש דיך, צו מאַכן דיך שמייכלען.



זישאַ לאַנדוי.



# עס איז נישט קאַלט

עס איז נישט קאַלט, דאָך מיינע גלידער
נעמט דורך די דינע אָוונט קעלט;
איך גיי אַרום אַ לייכט פאַרטראַכטער
אין פייכטן ליימיק־ווייכן פעלד.

אין הימל שווימט דאָרט אַ לבנה,
און שטערן לויכטן איבער מיר,
דאָך וואָס באַרואיקט און עס טרייסט מיך,
לאַמטערן געלע, דאָס זייט איר!

אַ מענטשנס האַנט האָט אָנגעצונדן
און היט די גאַנצע נאַכט אייך אָפּ,
אָ, פאַרלאַמטערנדיקע טאָלן,
איך לאָז צו אייך זיך איצט אַראָפּ.

דער ווינט באַוועגט די קליידער מיינע,
דער ווינט בלאָזט קיל מיר אין געזיכט,
און אין מיין האַרץ איז אויפגעגאַנגען
אַ גרויס און וואונדערבאַרעס ליכט.

יהואָש.

# נאַכט און שטאָט

עס רוט דער ווילדער טאָג גערויש,
די גאַסן זיינען וויסט;
אַ בלייך ווייסע לבנה־נאַכט
די שטומע שטאָט פאַרגיסט.

די הויכע הייזער שטרעקן זיך,
פאַרלאָשן טויט און שטאַר,
עס הילכט צוריק דעם גייערס טריט
דער פוסטער טראָטואַר.

פאַרשוואונדן איז דעם לעבנס פולס,
דאָך קלאַפּט ער ערגעץ וואו,
צי האַסטיק ווילד אין נעסט פון פרייד,
צי זאַנפט אין שלומער־רו.

און פלוצים האָרך... אַן אַמבולאַנס
די ווייסע נאַכט צערירט. —
האָט עמיצער דערשאָסן זיך?
ווער וויים, וואָס האָט פּאַסירט.

ש. אַש.

# אַ הייזל ביי דער ווייכסל

איינס אַליין און פּאַר זיך אַליין שטייט זיך אַ הייזל אין טאָל, צווישן צוויי הויכע בערג, וואָס לאָזן זיך הויך און ווייט אין דער וועלט אַריין, ביים ברעג פון טייך ווייכסל. ווינטער איז עס. גאָטס וועלט איז אינגאַנצן אין שניי פאַרטרונקען. אונזער הייזל, ווי אַן אַלטער בעל-הבית אין תכריכים, שטייט זיך ביים ברעג, קוקט זיך צו צום פאַרפרוירענעם טייך, זיין שכן, און עס שווייגט, ביז דער טייך וועט צו תחית-המתים אויפשטיין. דערווייל איז דער טייך געשטאָרבן, געפרוירן און מיט אַ ווייסן קיטל איינגעהילט. ראָבן פליען אויף זיין ברייט און לענג, שטעלן זיך אויף דעם טייכס רוקן און לעכערן זיין אָפּגעטאָקטע דעקע. טיילמאָל גייט אַ מענטש איבערן טייך, און דעם מענטשנס פיס טוקן אין דעם ווייסן, טיפן שניי. און פון ביידע זייטן הייזל זעען אויס די הויכע בערג, ווי שטיקער געפאַלענע פליגל פון אַן אָדלער, וואָס ליגן איינער אויפן צווייטן, אָדער ווי שטיקער געפרוירענע וואָלקן וואָלטן געפאַלן איינס אויפס צווייטע. אויף די רוקנס בערג קריכן נידעריקע שניי-בוימע-לעך; איין בוימל, באַדעקט פון קאָפּ ביז די פיס אין שניי, האָט זיך אויפן שפּיץ באַרג אַרויפגעכאַפּט. עס שטייט איינס אַליין אין דער הויך, און עס קוקט זיך ווייט און ברייט אין דער ווייסער וועלט... ביים ברעג פון טייך, צופוסנס דעם באַרג און צוקאָפּנס דעם טייך, שטייט אַ שערענגע בוימער, איינס נאָכן אַנדערן, מיט שניי באַ-דעקט, וועלכע זעען אויס ווי ווייסע עדות, וואָס שטייען און היטן דעם ריזיקן מת, דעם טייך...

אין דעם הייזל זיצט אַ משפּחה פון יאָרנלאַנג. דאָרט לעבט מען מיט זיך און מיטן טייך, דעם שכן. „חיים איבערפירערס", הייסט דאָס הייזל היינט. אַמאָל, מיט אַ דרייסיק יאָר צוריק, האָט עס געהייסן „משה איבערפירערס", און אפשר, אין צוואַנציק יאָר אַרום, וועט עס גאָר הייסן „דוד איבערפירערס". נאָר עס איז נישט קיין חילוק; דער נאָמען טוישט זיך נאָר מיט די יאָרן, אָבער דאָס הייזל, דאָס וואַסער און דער נאָמען „איבערפירער" בלייבן ביז איצט. דער היינטיקער „איבערפירער" הייסט חיים און איז אַ איד פון אַ יאָר פופציק, אַ הויכער און אַ דאַרער. דאָס פּנים אויס-געצויגן און די ווייסע באָרד אויסגעצויגן, און דער הויכער גע-

קנייטשטער שטערן איז אויסגעצויגן. אַ וואַסער־קינד, אויפגעצויגן ביים וואַסער, און ווער וויים, אויב זיין קבר וועט ניט זיין אין וואַסער. נו, וועט עס אין וואַסער גופא נישט זיין, על־כל־פנים וועט עס זיין ביים וואַסער. און וועט אַ געוויסער קומען, וועט אים דאָס וואַסער פון קבר אַרויסנעמען און מיטפירן אים מיט זיך קיין דאַנציג, אַזוי ווי עס האָט מיט זיין פאָטער און מיט זיין זיידן געטאָן...
און וואָס איז דער אונטערשייד, צי מיט דער ערד, אָדער מיטן וואַסער אויסגעמישט צו ווערן? די ערד איז טויט, זי שווייגט תמיד און שטייט תמיד אויף איין אָרט, דאָס וואַסער לויפט, איילט זיך אין דער וועלט אַריין, עס לעבט כאָטש...

משפחה מיטן וואַסער איז ער שוין פון לאַנג. דאָס וואַסער דאַרף יעדעס יאָר אַ מענטש, און זיין משהלע איז שוין פון לאַנג מיטן וואַסער געוואָרן אויסגעמישט, און דרימלט דער „איבערפירער" אַמאָל שבת נאָכן מיטאָג ביים ברעג איין, און אַ כוואַליע קומט צו לויפן און רוישט, דאַכט זיך אים, אז משהלע מיט זיינע חברים, די כוואַליעס, זיינען אים געקומען וועקן...

זומער ציט ער די פרנסה פון וואַסער, אַ גאַנצע וואָך איז ער אויפן שיפל, און זיין לייוונט שפּאַלט און שיידט אָפּ איין הימל פון צווייטן... שבת. דאָס וואַסער פירט זיך אידישלעך, עס האַלט מיט שבתים און ימים־טובים; שטיל איז עס, עס קושט איין כוואַליע די צווייטע, און ער מיטן ווייב זיצן פאַר דער טיר. ער זאָגט פרק, דאָס ווייב לייענט אין „צאינה־וראינה" און זיי דערציילן די כוואַליעס גאָטס וואונדער, און יעדע כוואַליע כאַפּט אַ וואָרט און מאַכט פליטה.

ווינטער איז דער טייך געפרוירן, צוגעדעקט אין זיין שייד. דאָס הייזל איז פאַרשנייט, פאַרשאָטן פון קאָפּ ביז צו די פיס. פון דעם בלומען־פאַרקאַוועטן פענצטערל שטאַרט אַרויס דעם איבערפירערס אָן אויג און באַטראַכט דעם שותף, דעם טייך, ווי ער איז צוגעדעקט, געפרוירן. דער איבערפירער קוקט און קרעכצט. צוויי זיינען פאַרפרוירן: דער טייך הינטערן אייז און דער איבערפירער אין זיין הייזל.

---

עס איז נאָך ווינטער. מיט שניי אַרום איז אַלץ נאָך באַדעקט, נאָר דאָך קוקט שוין גאָט פון דער הויך מיט קלאָרע אויגן אַראָפּ. די זון איז איבער די גרויע ווינטערדיקע וואָלקן פאַרשפּרייט, און אירע שטראַלן לעכערן די ווינטערדיקע דעקער. אויף די אַרומיקע בערג צעגייט דער שניי קלאָר, ריין; קיין מענטשנס פוס האָט נאָך

נישט זייער ריינע ווייסקייט באַרירט, און גאַנצע שטראָמען צעגאַנ־גענער שניי לאָזן זיך גלעטנדיק פון די בערג אַראָפּ און פאַלן אין דעם האַלב־געפרוירענעם טייך אַריין. דאָס אייז איבערן וואַסער איז ריין און דורכזיכטיק, און דאָס וואַסער קוקט דורך אים, ווי דורך אַ קלאָרע שויב אַרויס. טיילמאָל וואַרפט זיך אַ פיש אַרויף, האַקט אויף די שויב מיטן וויידל, וואַרפט אַ בליק אויף גאָטס פרייער וועלט און פּאַר גרויס גדולה, אַז די מאַמע, דאָס וואַסער, וועט באַלד פון זיך די שויב אַראָפּוואַרפן, לאָזט ער זיך טיף־נאַרקנדיק אין וואַסער אַריין די בשורה די חברים אָנצוזאָגן. און אַלץ אַרום איז באַהאָפטן איינס מיטן צווייטן. אַלץ האָט דער שניי צוזאַמענגע־גאָסן. קלאָר, ריין, העל. נאָר איין שוואַרצער פלעק שטערט די ווייסע שניי־וועלט — דאָס הייזל, וואָס שטייט זיך איינס אַליין אין טאָל.

ביינאַכט. דער געגנט איז אַרום שטיל. דער הימל קוקט מיט ליבשאַפט אויף דער וועלט, ווי אַ טאַטע אויף זיין הויז־געזינט. די פעלדער זיינען מיט שניי באַדעקט, און די בערג זיינען ווי טויטע ריזן אין זייערע תכריכים. דענסמאָל שימערט פון איבערפירערס פאַרקאַוועטן פענצטערל אַ שטראַל ליכטיקייט אַרויס און דרינגט ער־געץ־וואו אין דער וועלט אַריין. ווייט ערגעץ בלאָנדזשעט אַ פוס־גייער, ער דערזעט דעם שטראַל, וועלכער פירט אים גלייך צום פענצ־טער פון הייזל די נאַכט איבערצונעכטיקן.

און ווען דאָס וואַסער רייסט זיך פון הינטער זיין דעקע אַרויס און לעבט אויף, דענסמאָל קריכט פון זיין ווינטערדיקן קבר אויך דער איבערפירער אַרויס, האָט הנאה פון זיין שותף, וואָס איז צו תחית־המתים אויפגעשטאַנען, און ער שמירט אויס זיין שיפל מיט סמאָלע.



# אינהאלט לויט מחברים.

# פאָרשלאָגן פאַר שריפטלעכע אַרבעטן

## אין פאַרבינדונג מיט דעם בוך און מיט אַנדערע ליטעראַטור טעקסטן.

(די אויסצוגן פון דעם בוך ווערן דאָ געשטעלט צווישן אַזעלכע צייכנס ( ),

די אַנדערע רעקאָמענדירטע טעקסטן — צווישן די צייכנס [ ].)

1. די ווירקונג פון גוטסקייט. (פרץ: ס'איז גוט; סיגאַל: דורך די פענצטער.) [פרץ: אויב ניט נאָך העכער; מאַני לייב: אליהו הנביא, — אין ערשטן טייל; ליעסין: דער באַהעלפער; אָפּאַטאָשו: ר' איטשע מקובל; אַש: הכנסת אורחים, — אין דריטן טייל.]

2. וואָס איך לערן פון די אגדות וועגן משהס טויט?

3. די חסידים ביים רבין — שילדערונג. (סיגאַל: דורך די פענצטער.) [פרץ: צווישן צוויי בערג.]

4. וואָס איז דיין מיינונג וועגן יצחק־לען פון אַשס דערציילונג: אַ מאַמע? [די תלמידים זאָלן פריער דורכלייענען דעם אָנהויב פון דער דערציילונג „אויך אַ מאַמע“, וועלכער איז ניט געדרוקט אין דעם בוך, אין באַנד „דערציילונגען“ — פאַרווערטס אויסגאַבע, אָדער אין באַנד „בילדער און הומאָרעסקן“ — קולטור ליגע אויסגאַבע.]

5. שילדער דאָס לעבן פונ'ם ישיבה בחור לויט רייזענס „דער גמרא ניגון“ [אין ערשטן טייל] און ביאַליקס „דער מתמיד“ [אין דריטן טייל.]

6. שרייב אַ כאַראַקטעריסטיק פון אַננאַ און מאַריוסע פון שטיינבערגס „אין יענע צייטן“.

7. דערקלער אַננאָס באַציאונג צו דעם קאָנטאָניסט פון „אין יענע צייטן“. [נויטיק פריער איבערצולייענען די גאַנצע דערציילונג.]

8. וואָס לערנען מיר פון דער חברה פרחי שושנים (זאַקס: דער סיום) בנוגע אונזער קלוב־אַרבעט.

9. שרייב אָן אין דערציילערישער פאָרם ליעסינס „ר' יהודה בן בבא“.

10. די עשרה הרוגי מלכות (ליעסין: ר' יהודה בן בבא) [ביאַליק און ראַווניצקי: אידישע אגדות — עשרת הרוגי מלכות; ליעסין: ר' עקיבא.]

11. מענדל דער פרנס פון זלאָטשאָוו: די אַנטוויקלונג פון זיין פערזענלעכקייט. (אַש: אַ שול, גלות זלאָטשאָוו.)

12. די ראָל פון דער שול אַלס דער צענטער פון סאָציאַלן לעבן. (אַש: אַ שול, ש"ת אין דער קצבישער שול.) [מענדעלע: אין בית־המדרש; ליטווין: דער בונט — אין דריטן טייל; פראָפ. אייבראַמס: דאָס אידישע לעבן אין מיטלאַלטער.]

13. דאָס לעבן פון די מאַראַנען. (ליעסין: ר' שמעון מיימי.) [דובנאָוו: אידישע געשיכטע, באַנד 3; גרייס אַגילאַרס היסטאָרישער ראָמאַן: טהי וויל אָוו סידאַרס; ערדבערגס: זכרונות לבית דוד.]

14. שילדער וואָס לויט דיין מיינונג איז אַן אידעאַלער לערער (אין פאַרבינדונג מיט מענדעלעס: דער רבי ליפּאַ ראובנס.

15. שילדער דאָס קליינע שטעטל און דאָס קליינשטעטלדיקע לעבן לויט רייזענס: דער בוים.

16. באשרייב דיינע אַ נסיעה, וואָס לאָזט זיך פאַרגלייכן מיט מענדעלעס: הערשעלעס נסיעה.

17. די שטרעבונג צו שלום.

18. דערקלער די געדאַנקען פון לייוויקס ליד „אין יעדנס האַרץ”.

19. שרייב אַ צווייטן טייל צו פּינסקיס „אויסגעפירט”: אויף מאָרגן נאָך פּורים.

20. די גייסטיקע ליידן פונ'ם קליינשטעטלדיקן אימיגראַנט. (ראַבאָי: אַ פאַרשעמטער; רייזען: גרינע; אַש: דער נייער פּרעה; קאָברין: דאָס טענעמענט הויז.) [אַש: קיין אַמעריקע, קאַפּ.: אַליין אין דער פרעמד; ראַבאָי: ווייסע הענט, — אין ערשטן טייל; קאַפּיטלעך פון אַשס: די מוטער; אַש: דער סטרייק פון די קוזמינער לאַנדסלייט; קאָראַלענקאָ: פרעמדע, — אין דריטן טייל.]

21. דער באַראָן דע הירש און זיין אַרבעט פאַר אידישער קאָלאָניזאַציע.

22. די ליידן און פריידן פון אַרבעט. (גאָרקי: סימפּלאָן; אַבטליון; צווישן זאַנגען; יונה ראָזנפעלד: אין קעלער.) [האַמסון: איינער אַליין, מ. ראָזנפעלד: אַ נבואה, — אין דריטן טייל; מ. ראָזענפעלד: אין סוועטשאָפּ.]

23. שרייב אַ דערציילונג געבויט אויף דער טעמע פון פּרצס: צוויי ברידער.

24. וואָס איז דער געדאַנק פון פּרצס „ביים פּאַקיר”?

25. ווייז אָן די ענלעכקייטן צווישן טאָמאַסוויל (פון טשעכסטערס דערציילונג) און די שטעטלעך פון שלום־עליכם און מענדעלע: כתרילעווקע און קאַבצאַנסק.

26. דאָס פאָרן קיין א"י אַמאָל און היינט. (בערדיטשעווסקי: צום הייליקן לאַנד; סמילאַנסקי: דער פרייליכער; אַש: דער לבנון; אבטליון: צווישן זאַנגען.) [לויט דעם לערערס דערציילן פון פאַרשיידענע עליות אין פאַרשיידענע צייטן. פּאַסיקע מאַטעריאַלן אין פּיכמאַנס: ספר האָרץ.]

27. דער אידישער שומר אין ארץ־ישראל. (ראובני: ביי דער וואַנט; ראובני: אַ וועכטערס וואונטש.) [בן־גוריון: פון פּ"ת ביז סעדזשערא, אין „יזכור” בוך.]

28. די שטרעבונג צו פרייהייט. (קאָראָלענקאָ: דער ים; רייזען: די וואַנט.) [דאָסטאָיעווסקי: דער אָדלער, — אין ערשטן טייל.]

29. וואָסערע ביכער איך האָב ליב צו לייענען.

30. דאָס לעבן פון אידישן קינד (לויט שלום־עליכמס „מעשיות פאַר אידישע קינדער”) און דאָס אַמעריקאַנישע אידישע קינד.

31. שרייב אַ כאַראַקטעריסטיק פון יהואשן אַלס פּאָעט (לויט די לידער פון ערשטן און פון צווייטן טייל און בכלל לויט די לידער יהואָשס, וועלכע זיינען דיר באַקאַנט.)

32. שלום־יעקב אַבראַמאָוויץ (מענדעלע־מוכר־ספרים) אין זיינע יונגע יאָרן. ממו"ס: דער רבי ליפּא ראובנס; דער שטורם. [ממו"ס: אין בית־המדרש, — אין דריטן טייל; קאַפּיטלעך פון „שלמה ר' חיימס”; דוד פרישמאַנס עסיי איבער ממו"ס אין באַנד „קריטיק”.]

# אַפּטײַטשונגען

## פֿון שװערערע װערטער, װאָס גײען אַרײַן אין דעם בוך.

### א

**אָבות** — די אורפֿאָטערס פֿון אידישן פֿאָלק, — אברהם, יצחק און יעקב.

**אביון** — אָרעמאַן.

**אָדם מן השוק** — מענטש פֿון מאַרק, געװײנלעכער מענטש.

**אַגדתא** (אַגאַדטע) — לעגענדע, די לע־גענדאַרישע טײלן פֿון תלמוד.

**אָדון** — באַלעבאָס, פֿריץ, רעגירונגס באַ־אַמטער.

**אַװאַנגאַרד** — טײל פֿון אַרמײ, װאָס גײט פֿאָרױס.

**אַדרבה** — פֿאַרקערט, געװיס, זיכער.

**אוזאָר** — צײכנונג.

**אוטאָפּיע** — בילד פֿון אַן אידעאַל לעבן אין דער צוקונפֿט.

**אױבם** — פֿרוכט.

**אױסגעפֿריעט** — פֿאַרשװיצט.

**אױפֿגעלאָפֿן** — געשװאָלן.

**אומות-העולם** — די פֿעלקער פֿון דער װעלט (די ניט־אידן).

**אומדערגרונטעװעט** — גרעניצלאָז, אומדערפֿאָרשבאַר.

**אַחותי** — מײַן שװעסטער.

**אימגעגנטײל** — פֿאַרקערט, אַדרבה.

**אינגעװײד** — דאָס אינװײניקסטע (פֿונ׳ם בױך).

**אינקװיזיטאָר** — באַאַמטער פֿון קאַ־טױלישן קירכן־געריכט, װאָס האָט פֿאַרפֿאָלגט און געפּײניקט די אַנדערש־גלױביקע.

**איספּראַװניק** — געריכטס־באַאַמטער.

**„איש חסיד“** — „פֿרומער מענטש“, מעשה װעגן אָרעמען אידן, װעמען אליהו הנביא האָט געהאָלפֿן.

**אַכזריות** — גרױזאַמקײט.

**אַכסניא** — אײַנפֿאָר־הױז, גאַסט־הױז.

**אמהות** (אימאָעס) — שרה, רבקה, רחל און לאה, — די אור־מוטערס פֿון אי־דישן פֿאָלק.

**אם שמחה על בניה** — די מאַמע פֿרײט זיך מיט אירע קינדער.

**אָמן סלה!** (אָמײן סעלאָ) — זאָל אַזױ זײַן!

**אמי אהובתי** — מײַן געליבטע מוטער.

**אַמפּערן זיך** — שפּאַרן זיך, קריגן זיך.

**אַנגסטן**—שרעק, אומרואיקײט (אַנגסטן באַשלאָגן — ארומגענומען װערן מיט שרעק.)

**אָנקאָרמענען** — געבן עסן, אָנהאָדע־װען.

**אַפּיקורסות** — פֿרײדענקען. ניטגלױביקע באַציאונג צו רעליגיע.

**אַפּאַטיש** — גלײַכגילטיק, נאָכגעלאָזט.

**אַפּעלסין** — אָראַנזש.

**אָפּעקון** — אַכטונג געבער. (געװײנלעך אױף אַ יתום).

**אַקדמות-ניגון** — ניגון מיט װעלכן מען זינגט שבועות אין שול די רע־ליגיעזע פּאָעמע אקדמות װעגן דער פֿאַרבינדונג צװישן דעם אידישן פֿאָלק און דער תורה.

**אַרבע כנפות** (אַרבע קאַנפֿעס) — פֿיר עקן, אַ מין מלבוש מיט װאָלענע פֿע־דים אין די פֿיר עקן (ציצית), װאָס פֿרומע אידן טראָגן.

**אָרון** (קודש) — דער הײליקער אַל־מער, אין װעלכן מ׳האַלט די ספֿרי תורה.

**„אשת חיל מי ימצא“** — „װאו נעמט מען די בראַװע פֿרױ“ — ערשטע װערטער פֿון אַ קאַפּיטל פֿון דעם תנ״ך ספֿר משלי, — א לױב־געזאַנג צו דער פֿעאיקער גוטער פֿרױ (אשת חיל).

**אתרוג** — מין לימאָן־פּרוכט, אויף וועלכער מען מאַכט אַ ברכה אום סוכות.

## ב

**באַגזלען** (באַגאַזלען) — באַרויבן.
**באַדינג** — קאָנדיציע, תנאי.
**באַהעלפער** — דעם רבינס געהילף.
**באַזאַכט** — פּאַמעלעך, לייכט.
**באַנום** — מתנה ענדע יאָר.
**באַשיינפערלעך** — קלאָר, אומצווייפל־האַפט.
**בדיל הדל** — זייער אָרעם. (בדיל הדל שטעלן — אָרעם מאַכן.)
**בדיקת חמץ** — דאָס אויפזוכן און אויסראַמען אַלע געזייערטע זאַכן (חמצדיקע) דעם טאָג פאַר פּסח.
**בהלה** (בעהָלע) — אומאָרדנונג, אויפ־רודערונג, איבערקערעניש.
**בודקע** — קאַמער, קליין שטיבל.
**בויד** — גרויסער וואָגן. איבערדעק איבערן וואָגן.
**בוכטע** — ים־אויסגוס.
**בולט** (באָילעט) — קלאָר, באַשטימט, אָנזעבאַר.
**בוצקען זיך** — זיך שטויסן איינער דעם אַנדערן.
**בושעווען** — שטורעמען, הערשן מיט גוואַלט.
**בזיונות** — באַליידיקונגען.
(רבנו) **בחיי** (בעכאַייע) — גרויסער אידישער געלערנטער פון 11טן י. ה. אין שפּאַניען, פאַרפאַסער פון „חובות הלבבות", זייער פּאָפּולער ווערק אי־בער מאָראַל.
**בחר** (באַכאַר) — דאָס ערשטע אויפ־אַקערן פון דער ערד אין ארץ־ישראל.
**בטבע** — לויט דער נאַטור.
**ביטול** — פאַראַכטונג, גרינגשעצונג.
**בייסמענט** — קעלער־וואוינונג.

**בין מנחה למעריב** — שפּעט פאַרנאַכט, צווישן דעם פאַרנאַכטיקן און דעם אוונטדיקן דאַווגען.
**ביקור חולים** — דאָס באַזוכן די אָרע־מע קראַנקע און זיי באַהילפיק זיין.
**בית-דין של מעלה** (בעס־דין שעל מאַלע) — דאָס הימלעשע געריכט.
**בית-עולם** — בית־הקברות, „דאָס גוטע אָרט", דאָרט וואו מ'באַהאַלט די טויטע.
**בלאָק** — טייל פון גאַס.
**בנוגע** (בענאָיגייע) — וואָס אַנבאַלאַנגט.
**בנין** (ביניען) — געביידע.
**בני-הגלויה** — גרושים, פאַרוואָגלטע, פאַרטריבענע פון דער היים.
**בנמצא** (בענימצע) — לייכט צו גע־פינען, צוגענגלעך.
**בנעימותדיק** — פּאַמעלעך, ליבלעך, גוטמוטיק.
**בעל-התמנות** — באַאַמטער.
**בעל-חלומות** — פאַנטאַזיאָר, טרוימער.
**בעל-לשון** — שפּראַך־קענער.
**בעל נחלה** — גוט־באַזיצער, אייגנ־טימער.
**בעל-תקיעה** — דער וואָס בלאָזט דעם שופר ימים־נוראים.
**בקיאות** — געניטקייט, דאָס באַהאַוונט זיין.
**בקיצור** — אין קורצן.
**בקשה** (באַקאָשע) — געבעט, ביטע.
**בראָדזשען** — זיך שלעפּן מיט שווער־קייט איבער אַ וואַסער.
**בראָש** (בעראָש) — אָן דער שפּיץ.
**ברוך הבאַ!** (באָרעך האַבאָ!) — גע־בענטשט זאָל זיין דער אָריינגעקומע־נער, ווילקאָמען!
**ברוכשטיק** — קלענער טייל.
**בריה** (בעריע) — פעאיקער מענטש.
**בריהשקייט** — פעאיקייט, מעגלעכ־קייטן אויפצוטאָן.
**בריהען זיך** (בעריען) — זיך באַמיען, זיך אויספייבען.
**ברייען** (לאַנג) — רעדן, פּלאַפּלען.
**ברעזענט** — לייוונטענער צודעק.

„ברעטל" (פון עמוד) — דער שטענ־דער, ביי וועלכן דער חזן שטייט ביים דאַוונען.
בשורה (בעסורע) — נייעס.
בשותפות (בעשוטפעס) — געמיינ־שאַפטלעך.
בשר ודם (באָסאָר וואָדאָם) — פלייש און בלוט, אַ מענטש.
בתנאַי — מיט דעם באַדינג, אויף דער קאָנדיציע אַז. . .
בת-קול (באַס-קאָל) — עכאָ; שטימע פון הימל.

## ג

גאַווה — שטאָלץ.
גאַניק — באַלקאָן.
גאָון — גייסטיקער ריז.
גאַפן — וואונדערן זיך.
גאַרבער — אַרבעטער ביי פעל.
גבול — גרעניץ.
גדלות (גאַדלעס) — שטאָלץ.
גואל (גאָיעל) — אויסלייזער, פרוינט, באַשיצער.
גובערנאַטאָר — הויכער מלוכה־אָנ־געשטעלטער, הויפט פון אַ פראָווינץ (גובערניע).
גובר (גאָיווער) זיין — בייקומען.
גוזר בתור רב — באַפעלן אַלס רב.
גומל (גאָימעל) (בענטשן) — אַ תפילה, וואָס מען זאָגט, ווען מען ווערט געראַטעוועט פון אַ סכנה.
גופא (גופע) — אַליין.
גורם זיין — פאַראורזאַכן, פירן דער־צו . . .
גזר (גזאַר) דין — אורטייל.
גילגול מחילות (גילגעל מעכילעס) — דאָס לעגענדאַרישע קייקלען זיך פון די טויטע אונטער דער ערד קיין ארץ־ישראל, ווען משיח וועט קומען.
גילגולים — וואַנדערונגען, וואָגלעניש.
גלות השכינה — די ליידן פון גאָט איבער דעם אידישן גלות.
גמלים — קעמלען.
גסיסה — שווערע ליידן פאַרן טויט.
געאַכפערט — געשעצט, פאַרהייליקט.
געוויסער — פאַרפליצונג.
געזינד — פאַמיליע.
געמאַך לאָזן — צורו לאָזן.
געץ — אָפּגאָט.
גרוש (גיירוש) — אַרויסטרייבונג, פאַרטרייבונג.
גרושים (גערושים) — פאַרטריבענע.

## ד

דאַגות חיונה — (דייגעס כיאונע) — זאָרג וועגן פרנסה.
ד' אַמות (דאַלעד אַמעס) — פיר איילן, אַ גאָר קליינע שטרעקע.
דול-הויז — משוגעים הויז.
דוראַ — קוקורוזע, מאַאיז.
דושנע — שטיקנדיק. —
דיין (דאַיען) — געהילף צום רב.
דין וחשבון — רעכנונג, באַריכט.
דיניע — מעלאָן.
דירה — וואוינונג.
דלות — אָרעמקייט, נויט.
דמיון — פאַנטאַזיע.
דעגראַדירן — דערנידעריקן, אַראָפּ־זעצן.
דעה (דייע) — מיינונג, מאַכט, באשלוס.
דעם — דאַמבע.
דעראינערונג — דערמאָנונג, אָנדענק.
דעת — פאַרשטאַנד.
דקה — קליינע פי, ווי קעלבלעך א. אַ.
דראָען — שרעקן, סטראַשן.
דרדקי קינדער — גאָר קליינע קינ־דער, וועלכע הויבן ערשט אָן לערנען אין חדר.
דרך אגב — אין דער זעלבער צייט, האַלטנדיק דערביי, פאַר איין וועג.
דרשענען — האַלטן רעדעס.

## ה

האָלד — שיין.
האָרכן — הערן.
הבדלה (האַוודאָלע) — תפילה, וואָס מען זאָגט שבת צו נאַכטס צום אונ־טערשיידן צווישן שבת און וואָך; דאָס ליכט, וואָס מען נוצט דערביי.

**הדס** (האָדעס) — מירטל־צווייגל, איבער וועלכן מען מאַכט אַ ברכה אום סוכות.

**הודען** — קלאַפּן, טומלען.

**הויזן** — לעבן געמיטלעך.

**הויערן** — קניען, ליגן.

**הורג נפשות** — מערדער.

**הושענא** (האָישאַנע) — ווערבע־ריטלעך, מיט וועלכע מען קלאַפּט אָן דער ערד אָדער אויפן שטענדער אין שול אום הושענה־רבה (7טער טאָג סוכות.)

**היגלען** — בערגלעך.

**הייבל** — קלייגער פרויען־היטל.

**היימאַטלאָז** — איינער אָן אַ היימלאַנד.

**היפוך** — דאָס פאַרקערטע.

**היתר שחיטה** — דאָס רעכט צו פּראַקטיצירן שחיטה.

**הכנות** (האַכאָנעס) — פאָרבארייטונגען.

**הכנעהדיק** — אונטערטעניק.

**הלכה** (האַלאָכע) — די געזעצגעבערישע טיילן פונ׳ם תלמוד.

**המון** — ברייטע מאַסן.

**„המוציא“** — אַ ברכה, וואָס מען מאַכט איבערן ברויט, ווען מען וואַשט זיך צום עסן; דאָס שטיקל ברויט, איבער וועלכן מען מאַכט די ברכה.

**הנאָה** — פאַרגניגן.

**העוויות** — גרימאַסן.

**הפקר** (העפקער) — אומבאַשיצט.

**הרובע** — וואַנט־אויוון.

**הרי־חושך** (האָרוי־כאָישעך) — לעגענדאַרישע פינצטערע בערג, וואָס געפינען זיך עק־וועלט.

**הרף־עין** (הערעף־אַיען) — אויגנבליק, מאָמענט.

**השם־יתברך** — גאָט, זיין נאָמען זאָל זיין געלויבט.

**השפעה** — איינפלוס.

**התפעלות** — באַגייסטערונג.

## וו

**וואָגלער** — וואַנדערער.

**וואָכער** — באַשטימטע סומע געלט, וואָס מ׳צאָלט וועכנטלעך.

**וואָר** — ווירקלעכקייט, אמת.

**וויטן** — באַגריסן.

**„וויעלמאָזשנעס“** — די נאָבלע, איידל־געבוירענע.

**וועכטעוועו** — היטן, די אַרבעט פונ׳ם שומר אין א״י.

**וועקסלען** — בייטן.

**ווערמילאָן** — שטאַרק רויט.

**ווערן זיך** — באקעמפן, באַשיצן זיך.

**„ויהי בנסוע האָרון“** — און ס׳איז געווען, ווען דער אָרון האָט זיך גערוקט" — תפילה וואָס מען זאָגט ביים אויפמאַכן דעם אָרון־קודש.

**וימש חושך** (ווייאָמעש כאָישעך) — מ׳קען אָנטאַפּן דאָס פינצטערניש, שטאָק־פינצטער.

**ויקרא** — דריטער טייל פון חומש.

**ולירושלים עירך ברחמים תשוב** — (פון דער שמונה־עשרה) „און אין דיין שטאָט ירושלים זאָלסטו זיך אומקערן מיט רחמנות“.

**„ונשמרתם לנפשותיכם“** — און איר זאָלט אָפּהיטן אייערע נשמות (לעבנס).

**„ונתנה תוקף“** (אונסאַנע טאָיקעף) — „און מיר וועלן דערציילן די שטאַרקייט“ — די ערשטע ווערטער פון זייער אַן ערנסטער ימים־נוראימדיקער תפילה.

## ז

**זבול** — טייל פון גן עדן.

**זוברען** — לערנען אויף אויסנווייניק.

**„זוהר“** — ספר פון אידישער קבלה (מיסטיק).

**זוכה זיין** — ווערט זיין, פאַרדינען זיך.

**זיווג** — פּאָרל, צונויפּפּאָרונג.

**זכות** — פּריווילעגיע.

**זכות אָבות** — ספּעציעלע פּריווילעגיע, וואָס מען געניסט צוליב די עלטערן (פאַרשטאָרבענע). פרומע מענטשן גלויבן, אז די פאַרשטאָרבענע אויף יענער וועלט באַמיען זיך פאַר זייערע לעבעדיקע קרובים.

**זכר** (זייכער) **לחורבן** — עפּעס וואָס דערמאָנט אָן חורבן בית־המקדש.

**זכרון** (זיקאָרען) — דאָס געדענקען, די פעאיקייט צו געדענקען.
**זכרים** — מאַנסבילן.
**זכרונות** — וואָס מ'דערמאָנט זיך פון אַמאָליקע יאָרן.
**זמירות** — רעליגיעזע געזאַנגען, וואָס מען זינגט שבת ביים עסן.
**„זשידיאָנאָק"** — רוסישער פאַראַכטונגס וואָרט פאַר אַ קליינעם אידישן אינגל.
**זשידזשי** — אידל (פאַראַכטונגס-אויסדרוק).
**זשעדנע** — גיריק, נייגעריק, מוט, שטאַרקן פאַרלאַנג.
**זשעטאָן** — נומער אָדער אויסצייכנונג אויף אַ בלעכל.

## ח

**חברה** (כעווּרע) — אָרגאַניזאַציע.
**חברה-קדישא** — חברה וואָס גיט זיך אָפּ מיט מקבר זיין די טויטע.
**חוקר ודורש זיין** — אויספּרעגן, אויספאָרשן.
**חורבה** — ווּיסטער פּלאַץ.
**חוש-הריח** — די פעאיקייט אָנצושמעקן, צו דערוויסן זיך.
**חושך** (כאָשעך) — פינצטער.
**חטא** — זינד.
**חידושים** — וואונדער, נייעסן.
**חיונה** — פּרנסה, לעבנס-מיטלען.
**חייב מיתה זיין** — פאַרדינען טויט שטראָף.
**חיל** (כאַיעל) — אַרמיי.
**חילוק** — תלמודישער פאָרטראַג פון זייער אַ שאַרפזיניקן אינהאַלט.
**חילוק** — אונטערשייד.
**חינוך** (חנוכת הבית) — עפענונגס צערעמאָניע פון אַ נייעם בנין, געוויינלעך — פון אַן אינסטיטוציע.
**חיסרון** — פעלער.
**חלף** (כאַלעף) — דעם שוחטס מעסער.
**חלשות** — ניט-גוטקייט, שוואַכקייט, עקל.

**„חן"** — גרויס אַראַביש איינפאָר-הויז, וואוין-אָרט פון אַלטע אידישע קאָלאָניסטן אידער זיי האָבן אויפגעשטעלט זייערע אייגענע וואוינונגען.
**חרטה** (כאַראָטע) — פאַרדרוס אויף פעלערן, וואָס מען איז באַגאַנגען.
**חרפות** — שאַנדע, באַליידיקונגען.

## ט

**טאַנדעטניק** — איינער, וואָס קויפט אויף און פאַרקויפט אַלטע קליידער.
**טהרה** — ריינקייט.
**טויגעניכטס** — שלימזל, איינער וואָס טויג צו גאָרנישט.
**טוישן** — בייטן.
**טולופ** — פוטערנער מאַנטל.
**טייטש-חומש** — אַלטע איבערזעצונג פון חומש אויף אידיש.
**טעם** — געשמאַק.
**טענה** — קלאַגע.
**טענעמענט-הויז** — גרויס הויז מיט אַ סך דירות.
**טראַקט** — הויפּט וועג.
**טריב** — פאַרטרויערט.
**טשאַסאָוואָי** — וועכטער.
**טשאַקנדיק** — לעבעדיק, פריילעך.
**טשיקאַווע** — נייגעריק, אומגעוויינלעך, מאָדנע.
**טשעסטט אָפּגעבן** — מין מיליטערישע באַגריסונג.
**יאַטקע** — פליישׁ-קראָם.
**יגיע-כפּימניק** (יעגיאַ-קאַפּאַימניק) — אַרבעטער, פּראָלעטאַריער.
**ידיעה** — וויסן, קענטשאַפט.
**יוונים** — „גריכן", פּראָסטע סאָלדאַטן, פּראָסטע פּויערים.
**יום-הדין** — טאָג פון משפט, יום-כיפור.
**יופּע** — קורצער, ווייבערשער מלבוש.
**יועץ** — עצה-געבער.
**יחוס** — הויכע אָפּשטאַמונג, פאַמיליע-שטאַלץ.
**יחידי סגולה** — די איינציקע אויסדערווילטע, פּריווילעגירטע.
**יללות** — געוויינען, געשרייען.

**ימח-שמוניק** — רשע, זינדיקער (ימח־שמו — זאָל זיין נאָמען אויסגעמעקט ווערן).

**ימים נוראים** — די מוראדיקע, הייליקע טעג, — ראש השנה און יום־כפור.

**יסודות** — גרונטן, פונדאַמענטן.

**יצר-הרע** — דער בייזער גייסט, דער פאַרפירער; שטאַרקער פאַרלאַנג.

**יקרות** (יאָקרעס) — טייערקייט, הויכע פרייזן.

**יראת הכבוד** — מורא פאַר עמיצן, וואָס קומט פון גרויס דרך־ארץ.

**ירושה** — אייגנטום, וואָס בלייבט נאָך אַ געשטאָרבענעם, פאַר זיין פאַמיליע און פריינט.

**ישוב** — באַוואוינטער געגנט.

**ישוב-הדעת** — דאָס באַקלערן, דאָס איבערלייגן זיך.

**ישובו רשעים לשאולה** — זאָלן די רשעים זיך אומקערן אין גהינום אריין.

**ישובניק** — דאָרפס-איינוואוינער.

## כ

**כאַלאַטל** — קורץ רעקל.

**כאַן** — עלטסטער פון טאַטערן.

**כביכול** (קעוויאָכל) — „גלייך ווי מען וואָלט געקענט (אַזוי זאָגן)" — רעדנדיק וועגן גאָט ווי וועגן אַ פּערזאָן.

**כדבעי** (קידבאָאי) — ווי ס'באַדאַרף צו זיין.

**כדי** — אום.

**כהרף עין** — אין אַן אויגנבליק, מאָמענטאַל.

**כוונה** — ציל, טיפער מיין.

**כותל מערבי** — די מערב־וואַנט, די איבערגעבליבענע וואַנט פונ'ם בית־המקדש.

**כזית** (קעזאַיעס) — גרויס ווי אַן איילבירט — אַזוי קליין, אז מען מעג דאָס עסן אומגעוואַשן.

**כישרון** — פעאיקייט.

**כלומרשט** — גלייך ווי, מיט אַן אָנשטעל.

**כל-טוב** — אַלדאָס גוטס.

(די) **כלי אָנשטעלן** — נעמען דעם ריכטיקן טאָן.

**כלי-זיין** — געווער.

**כלי-קודש** — איינער פון די, וואָס האַלטן אַ הייליקן (קהלשן) אַמט, ווי רב, דיין, חזן, שמש, מלמד א. אַ. וו.

**כלי-שלימה** — גאַנצע כלי, פעאיקער מענטש.

**כל-נדרי-באַרלעך** — קליינע, ניט־רייף געוואָרענע ערבסטיקע באַרלעך, וואָס מ'רייסט זיי ערב יום־כיפור.

(פון) **כמעלניצקים צייטן** — פון גאָר אַלטע צייטן. (כמעלניצקי — אוקראַאינישער באַפרייער פון 17־טן יאָרהונדערט. גרויסער אידן־פיינט).

**„כן יאבדו כל הרשעים"** — אַזוי זאָלן אַלע רשעים אומקומען.

**כנסת ישראל** — (די פאַרזאַמלטע פון ישראל) דאָס אידישע פאָלק.

**כסא הכבוד** — גאָטס טראָן.

**כסדר** (קעסיידער) — באַשטענדיק, אַלעמאָל.

**כראָניק** — פאַרצייכנונג פון געשעענישן.

**כראַנזע** — גראַף.

**כרוז** — באַקאַנטמאַכונג.

**כשר וישר** (קאָשער וועיאָשער) — ערלעך, פּינקטלעך, גוט.

## ל

**לאַכטשעם** — שמאַטעס.

**לאמי אהובתי הצנועה** — צו מיין געליבטער, וואוילער מאַמע.

**ל"ג בעומר** — דער 33טער טאָג פון ציילן ספירה (די 49 טעג צווישן פסח און שבועות, ווען מען פלעגט ברענגען דעם עומר אין בית־המקדש.) דער יום־טוב צווישן פסח און שבועות, אין אָנדענק פון דעם בר־כוכבאַ קאַמף.

**לגבי** (לעגאַביי) — אין באַצוג צו.

**לדוד ה׳ אורי וישעי ממי איראָ, ה׳ מעוז חיי ממי אפחד** — אָנהויב פון דעם קאַפּיטל כ״ז אין תהלים: גאָט איז מיין ליכט און מיין הילף, פאַר וועמען־זשע זאָל איך מורא האָבן? גאָט איז די פעסטונג פון מיין לעבן, פאַר וועמען־זשע זאָל איך ציטערן?

**להבדיל** — צו אונטערשיידן — אויסדרוק גענוצט ביים רעדן גלייכצייטיק פון אַ הייליקער און אַ ניט־הייליקער זאַך.

**לחיים!** — „צום לעבן!" — וואָס מען באָט, וואָס משה האָט אַראָפּגעבראַכט פון באַרג סיני.

**לולב** — לאַנגע פלאַנצונג, איבער וועלכער מען מאַכט אַ ברכה אום סוכות.

**לחיים!** — „צום לעבן!" — ווזָּס מען ווינטשט זיך, ווען מען נעמט אַ טרונק בראָנפן, וויין, א. ד. ג.

**לחש** — שפּרוך.

**ליובען** — גלעטן, אַרומנעמען מיט ליבשאַפט.

**„לייק"** — אָזערע.

**ליל־שמורים** — „די נאַכט פון אָפּהיטונג", — די ערשטע נאַכט פון פסח, ווען גאָט האָט באַהיט די אידן פון די מצרים.

**לכתחילה** (לעכאַטכילע) — צוערשט.

**למדן מופלג** — גרויסער געלערנטער.

**לער** — ליידיק.

**לשון קודש** — די הייליקע שפּראַך, העברעאיש.

## מ

**מאבד את עצמו לדעת** — איינער, וועלכער ברענגט אום זיין אייגן לעבן, זעלבסטמערדער.

**מאַדאָנע** — יעזוסעס מוטער.

**מאַלע** — ס׳מאַכט ניט אויס.

**מאַניען** — צוציען.

**מאַראַנען** — אידן אין שפּאַניען און פּאָרטוגאַל, וועלכע האָבן זיך געצוואונגענערהייט געשמדט און האָבן זיך געמוזט באַהאַלטן מיט זייער אידישקייט אויס מורא פאַר דער קירכע.

**„מאָרטגיידזש"** — הלוואָה אויף אַ גאַראַנטיע פון אומבאַוועגלעכן אייגנטום.

**מאַרטער** — פּייניקער.

**מאַרינאַרקע** — מין בלוזקע.

**מאַרשאַליק** — פּאָלקס־זינגער, בדחן, וועלכער מאַכט פריילעך די געסט ביי אַ חתונה.

**מבושמדיק** — שיכורלעך.

**מבטל** (מעוואַטל) **זיין** — איגנאָרירן, גרינגשעצן, צונישט מאַכן.

**מבינות זאָגן** — אָפּשאַצן, זאָגן אַ מיינונג.

**מגושמדיק** — גראָב, פאַרגרעבט, וואולגאַר.

**מגילת רות** — די ביבלישע דערציילונג, וואָס מ׳לייענט שבועות אין שול וועגן דער פרעמדער רות, וואָס האָט זיך באַהעפט אָן דעם אידישן פאָלק.

**מגן דוד** — דודס פאַנצער, טראַדיציאָנעלער שילד (הערב) פון קעניג דוד — זעקס־ווינקלדיקע פיגור.

**מדורי גיהינום** — די אָפּטיילונגען פון גיהנום.

**מדקדק** (מעדאַקדעק) **זיין במצוות** — שטרענג אָפּהיטן די רעליגיעזע געבאָטן.

**מדריך** — וועגווייזער, דערציער.

**מדרש** — אַלטע זאַמלונג פון דרשות, פּשטלעך און אגדות אויף פּסוקים פון תנ״ך.

**מהיכי תיתי** (מעהייכע טייסע) — זאָל זיין אַזוי, ס׳איז רעכט, פאַרוואָס דען ניט!

**מהלך** — וועג, שטרעקע.

**מודה אַני** — „איך באַדאַנק", — די ערשטע ווערטער פון דער ערשטער פרימאָרגן תפילה.

**מודה זיין** — צוגעבן, אַנערקענען.

**מודעה רבה** — אַלגעמיינע באַקאַנטמאַכונג.

**מוילוואָרף** — חיהלע, וואָס לעבט אין דער ערד.

**מומחה** — געניטער, ספּעציאַליסט, עקספּערט.

**מונטערן** — דערקוויקן.

**מזוזה** — קעסטעלע מיט הייליקע אויפשריפטן אויף פּאַרמעט — הענגט איבער אידישע הייזער.

**„מזרח"** — בילד, געוויינלעך סצענע פון אידישער געשיכטע, וואָס מ'הענגט אויף אויף דער מזרח־וואַנט.

**מחבר** — פּאַרפאַסער.

**מחדש זיין די לבנה** — דאָס זאָגן געוויסע תפילות אינדרויסן אַקעגן דער ניי־אויפגעקומענער לבנה.

**מחיה נפשות** — פאַרגניגן, עפּעס וואָס דערקוויקט די נשמה.

**מחילה** — פאַרגעבונג.

**מחנה** (מאַכנע) — גרויסע גרופּע.

**מחשבה** — געדאַנק.

**מטמא זיין** — אומריין מאַכן.

**„מי שברך"** — „ווער ס'האָט געבענטשט" — ערשטע ווערטער פון א ברכה, וואָס מען מאַכט דעם, וועמען מען האָט אויפגערופן צו דער תורה. סאַרקאַסטיש — אויסגעזידלט.)

**מיאוס** — ניט שיין, לאַנגווייליק.

**מיאש** (מעיאַעש) **זיין** — אויפגעבן די האָפנונג, פאַרצווייפלען.

**מידה** — אייגנשאַפט.

**מידת הדין** — דער געטלעכער שטרענגער משפּט.

**מיטאָלאָגיע** — לערע פון די לעגענדעס וועגן די געטער פון דער קלאַסישער וועלט.

**מימיק** — באַדייטונגספולע באַוועגונגען.

**מינע** — גרוב.

**מיצל** — היטל.

**מיתה משונה** (מיסע מעשונע) **קאָליר** — משונהדיקער, אומגעוויינלעכער קאָליר.

**מלאך הדומה** — דער מלאך, וועלכער נעמט אויף די טויטע אויף יענער וועלט.

**מלאכי השרת** — די מלאכים וועלכע באַדינען גאָט.

**מלאכי חבלה** — בייזע מלאכים.

**מלווה ברבית** — איינער, וואָס לייט געלט אויף פּראָצענט.

**מליצה** — ביבלישער סטיל, שיינע רעטאָרישע שפּראַך.

**מליץ יושר** — פאַרטיידיקער.

**ממה נפשך** (מימאָנאַפשעך) — סיי ווי, אונטער יעדן פאַל.

**ממית זיין** — הרגענען, שטאַרק שלאָגן.

**„ממעמקים קראתיך"** — פון דער טיפעניש רוף איך דיך.

**מנוול** — מיאוסער מענטש.

**מנחה** (מינכע) — די פאַרנאַכטיקע תפילה.

**מנחם אָבל זיין** (מענאַכעם אָוול) — קומען אויסדריקן מיטגעפיל און טרייסט צו איינעם, וואָס טרויערט נאָך אַ פאַרשטאָרבענעם.

**מניעה** — שטערונג, אָפּהאַלט.

**מסביר זיין** — דערקלערן.

**מסוכן** — געפערלעך.

**מסיים זיין** — פאַרענדיקן.

**מסירת נפש** — זעלבסט־אויפאָפּפערונג, דאָס שטעלן דאָס לעבן אין סכנה פאַר אַ זאַך.

**מסרן** (מאַסערן) — באַשולדיקן, אָנקלאָגן.

**מעביר זיין** — צונעמען ביי יענעם דאָס רעכט.

**מער** — ים.

**מערת המכפלה** (מעאָראַס האַמאַכפּיילע) — די היול אין וועלכער ס'ליגן באַהאַלטן די אָבות מיט די אמהות (אויסער רחלן).

**מפורסם** — באַרימט.

**מפיל קינד** — קינד, וואָס איז געשטאָרבן איידער די מוטער האָט אים געבוירן.

**מפלה** (מאַפּאָלע) — נידערלאַגע.

**מפסיק זיין** — זיך אָפּשטעלן, אונטער־ברעכן.
**מפרשים** — פּירושים, קאָמענטאַרן, אויסטייטשונגען.
**מציאה** — געפונענע זאַך; זאַך ביליק געקויפט.
**מצרף זיין** — צורעכענען.
**מקבל פּנים זיין** — אויפנעמען.
**מקובל** — איינער, וואָס קען קבלה. (גע־הוימע אידישע מיסטישע לערע.)
**מקום קדוש** — הייליק פּלאַץ, שול.
**מקיים זיין** — דערפילן.
**מקרב זיין** — דערנענטערן, באַפריינדן.
**מראה** — אויסזען.
**מרבה הוצאה זיין** (מאַרבע הויצאָע) מאַכן גרויסע אויסגאַבן.
**מרה שחורה** — טרויער, מעלאַנכאָ־ליע.
**משא** (מאַסע) — לאַסט.
**משונהדיק** — אומגעוויינלעך.
**משיג זיין** — באַגרייפן.
**משל** — פאַבעל, אַלעגאָריע, ביישפּיל, פאַרגלייך.
**משמח זיין** — פריילעך מאַכן.
**משער זיין זיך** — זיך פאָרשטעלן.
**משקולת** — גלייכגעוויכט (שטיין אויף משקולת — זיך קוים האַלטן).
**משרתים** (מעשאָרסים) — באַדינער, אָנגעשטעלטע.
**מתוודה זיין** — אויפדעקן די אייגענע זינד.
**מתיר זיין** — דערלויבן.
**מתנגדים** (מיסנאַגדים) — געגנער פון חסידים.
**מתעסק** (מיטאַסעק) **זיין זיך** — זיך באַשעפטיקן.
**מתפּללים** — מענטשן, וואָס טוען תּפילה.

## נ

**נאַגאַן** — מין רעוואָלווער.
**נאָטער** — מין שלאַנג.
**נאַטשאַלניק** — הויכער באַאַמטער.
**נבהל ונשתומם** (ניווהעל וועניש־טאָ־מעם) — שטאַרק איבעראַשט.
**נגיד** (נאָגיד) — רייכער מענטש.
**נוטה למות** (נאָיטע לאָמוס) — איינער וואָס האַלט ביים שטאַרבן.
**נזיר** — אָפּגעשיידט פון׳ם לעבן, אַסקעט.
**נחלה** — אייגנטום.
**ניצחון** — זיג, טריאומף.
**נכבדי העיר** — די חשובע מענטשן פון שטאָט.
**נסיונות** — פּרואוואונגען, שוועריקייטן.
**נסיעה** — רייזע.
**נסתר** (ניסטער) — פאַרבאָרגן, אומ־באַקאַנט.
**נפטר ווערן** — שטאַרבן.
**נפקא מינה** (נאַפקע מינע) — אונ־טערשייד.
**נתגלה ווערן** — אַנטפּלעקט ווערן, אַרויסווייזן די גרויסקייט, באַקאַנט ווערן.

## ס

**סביבה** (סוויווע) — קרייז, געזעל־שאַפט, אומגעבונג.
**סגולה** — מיטל, רפואה.
**סדרה** (סעדרע) — טייל פון חומש באַשטימט פאַר יעדער וואָך פון יאָר.
**סותר זיין** — ווידערשפּרעכן.
**סטאַדע** — טשערעדע.
**סטאַטיק** — דרך ארץ.
**סטעזשקע** — אויסגעטראָטענער שמאָ־לער וועג.
„**סטענד**“ — אַ שטעל אויף אַן עפנט־לעכן פּלאַץ, וואו מען פאַרקויפט אַר־טיקלען.
**סיגופים** — זעלבסט־פּייניקונג צוליב רעליגיעזער געהויבנקייט.
**סיום** — דאָס אַרויסענדיקן אַ באַשטימטן טייל פון לערנען, די פייערונג דערביי.
**סימפּלאָן** — איינער פון די אַלפּן־בערג, וועלכן עס שניידט דורך דער סימפּלאָ־נער טונעל און פאַראייניקט די שווייץ מיט איטאַליען. כדי צו פאַרגיכערן די אַרבעט, האָט מען אים איינצייטיק געגראָבן פוןביידע זייטן.

**סיניאָר** — הער.

**סכך** — צודעק פון צווייגן איבער אַ סוכה.

**סלוזשבע** — דינסט, מיליטער־דינסט.

**סליחה** — פאַרגעבונג.

**סליחות** — תפילות, וואָס מען זאָגט אין פאַסט־טעג און ביי ענלעכע געלעגנ־הייטן. אַ בוך סליחות.

**סם-המות** (סאַם־האַמאָוועס) — טויטנ־דער גיפט.

**סמאַליען** — ברענען.

**סמאָרן** — שנאָרכן, ציען.

**סמבטיון** — לעגענדאַרישער טייך, וואָס רוט ניט אַ גאַנצע וואָך אויסער שבת.

**סנה** — דאָרנבוים.

**סניגור** (סאַנייגער) — פאַרטיידיקער, גוטזאָגער, מליץ־יושר.

**סעטש** — אוקראַאינישער סטעפּ.

**סערענאַדע** — ליבע־ליד.

**ספקות** (ספייקעס) — אומזיכערקייט, צווייפלען.

**סקירדע** — גרויסער הויפן.

## ע

**„עבדים היינו"** — „קנעכט זיינען מיר געווען" — די ערשטע ווערטער פון דעם ענטפער, אין דער הגדה, וואָס דער טאַטע גיט דעם קינד אויף זיינע פיר קשיות.

**עבודת הבורא** — דאָס דינען גאָט.

**עבירה** — זינד.

**עגונה** — פרוי, וועמען דער מאַן האָט איבערגעלאָזט.

**עגמת נפש** (אַגמאַס נעפעש) — פאַר־דרוס.

**עוכר ישראל** — פאַררעטער, איינער וואָס ברענגט שאַנד אויף דעם אידישן פאָלק.

**עולה יפה זיין** — גוט אַרויסקומען, געלינגען.

**עולם-הזהניקעס** — מענטשן, וועלכע זוכן וואָס מער קערפּערלעכע פאַרגעניגנס אויף דער וועלט.

**עובר אויף כל התורה כולה** — טוט אַלע זאַכן, וואָס די תורה פאַרבאָט.

**עופעלע** — קליינער עוף, פּיצל קינד.

**עזות** — געוואַגטקייט, חוצפּה.

**עוקר זיין** — זיך אויסרייסן, זיך אָפּ־טראָגן.

**עטאַזש** — שטאָק.

**עטרה** — באַפּוצונג איבערן קאָלנער פון טלית.

**עיגול** — קרייז.

**עירוב** — דראָט אָדער שטריק אָנגעצוי־גענע אויף הילצערנע סלופּעס, מיט וועלכע מען פלעגט אַרומצאַמען אַ שטאָט, אום מען זאָל מעגן טראָגן זאַכן אום שבת.

**עליה** — דאָס אויפרופן עמיצן צו דער תורה.

**עליו השלום** — פרידן צו אים — ווען מען דערמאָנט אַ טויטן.

**על כל פנים** — אויף יעדן פאַל, סיי ווי.

**על נהרות בבל שם ישבנו, גם בכינו בזכרנו את ציון** — ביי די וואַסערן פון בבל זיינען מיר געזעסן און מיר האָבן געוויינט, ווען מיר האָבן זיך דערמאָנט אָן ציון.

**עלעווייטאָר-באַן** — הויך־באַן, באַן, וואָס גייט אין דער הויך.

**עם-האָרץ** — ניט געבילדעטער מענטש, גראָבער יונג.

**עם הספר** — דאָס פאָלק פון בוך — ערן־טיטול פאַר דעם אידישן פאָלק פאַר זיין הייליקער באַציאונג צום בוך.

**עסק** (אייסעק) — געשעפט.

**עקאָנאָם** — אָנגעשטעלטער, וואָס גיט אַכטונג אויף יענעמס באַלעבאַטיש־קייט.

**עקזעקוציע** — באַשטראָפונג.

**עקסטאַז** — באַגייסטערונג.

**עשירות** — רייכטום.

## פ

**פאוואליע** — פאמעלעך, לאנגזאם.
**פאטילניצע** — הינטערשטער טייל פון קאפ.
**פאטריארכאליש** — עפּעס, וואס געהערט דעם אוראלטן לעבנס־שטייגער.
**פאטשארזש** — קריסטלעכע תפילה.
**פאלאווע** — לייכטער שטרוי.
**פאלאניק** — גרויסער לעפל.
**פאליש** — פאדער־הויז פון שול.
**„פאלנע פראוועס"** — פולע רעכט (אין דער צאריסטישער רוסלאנד).
**פאמידארן** — „טאמייטאס".
**„פאניטשי"** — הער, פריץ.
**פאסטעמקע** — משונהדיקע טאט, באוועגונג, אדער גרימאסע.
**פאפ** — גלח.
**פאראם** — קליינע שיף, פלאטפארמע אויף איבערפירן משא פון ברעג צו ברעג.
**פועל** — ארבעטער.
**פועל יוצא זיין** — אויפטאן.
**פטור** (פאטער) — פריי.
**פיאש** — שטעקן מיט אייזן, באנוצט פון אראבישע פעלאכן אויף צו אקערן די ערד מיט די הענט.
**פיטום** — שפיץ פון אתרוג.
**פילפול** — שארפזיניקער און פארפלאנטערטער אופן פון לערנען תלמוד.
**פיקוח נפש דוחק שבת** — צוליב ראטעווען א לעבן מעג מען מחלל שבת זיין.
**פירוש המילות** (פּירעש האמילעס) — די טייטש פון די ווערטער. (געוויינלעך: פון די תפילות.)
**פלודערן** — הויזן.
**פלוניתטע** — ווייב.
**פליטה מאכן** — אנטלויפן.
**פנו דרך!** — מאכט פריי דעם וועג.
**פסק** (פסאק) — שטראף אורטייל.
**פרא** (פראים) — ווילדער.
**פרא אדם** — ווילדער מענטש.
**פראצע** — מי, הארעוואניע.
**פרוכת** (פאראיכעס) — פארהאנג איבערן ארון־קודש.
**פרטים** — איינצלהייטן.
**פריסטאוו** — רוסישער הויכער פאליצײ־באאמטער.
**פריפעטשיק** — קליין אייוועלע.
**פריץ** — גוטבאזיצער.
**פרנס הקהל** — דער ראש, עלטסטער פון דער קהלה.
**פרצוף** (פארצעף) — פּנים, אויסזען.
**פרק** (פרקי אבות) — אלט אידיש ווערק פון מאראל־לערע.
**פשטל** (פשעטל) — קונציקע אויסטייטשונג צו א שווערער שטעל אין תנ"ך אדער תלמוד.

## פ

**פאקיר** — מאכמעדאנישער ארעמער כישוף־מאכער.
**פארהאוועט** — זייער פארטאן.
**פארוואר** — אין אמתן.
**פארווירט** — פארבלאנדזשעט.
**פארעקשנט** (פאראקשנט) — איינגעשפארט.
**פארפאפן** — פארשלאפן.
**פארצייאונג** — פארגעבונג, מחילה.
**פורכטבאר** — מוראדיק.
**פיטש** — נאס.
**פייען** — „פּיוּרים" — צויבערפולע קליינע באשעפענישן, וועלכע ברענגען דעם מענטשן גליק.
**„פייער עסקייפּ"** — פייער־טרעפ.
**פירכטערלעך** — מוראדיק.
**פעלאך** — אראבישער פויער.

## צ

**צבויאטשקע** (צעוואויאטשקע) — היפאקריטקע.
**צאינה וראינה** — „קומט ארויס און זעט", — אלטע איבערזעצונג פון חומש געמישט מיט אגדות — זייער פאפולער צווישן פרויען.
**צד** (צדדים) — זייט, פארטיי.
**צורה** — פארמע.

**צוועגטאַרזש** — בית-עולם.
**צעכהויז** — דעם וועכטערס שטיבל.
**צעלניק** — קליינע סחורה, קליניקייטן.
**צעמורשטער** — צעשטויסענער.

## ק

**קאַזאַרמע** — לאַגער, וואוין-אָרט פון א גרופּע סאָלדאַטן אָדער אַרבעטער.
**קאַלטן** — פאַרפּלאָנטערטע האָר.
**קאָלעדזש** — אוניווערסיטעט, העכערער לערן-אַנשטאַלט.
**קאַמאָדע** — שאַפע מיט קעסטלעך.
**קאַנורע** — הונטס שטיבל.
**קאַנטאָניסט** — יונג קינד, וועמען מען האָט געכאַפּט און אַוועקגעפירט אין טיף-רוסלאַנד צו דערציען אלס סאָלדאַט.
**קאַנטן** — שפּיצן, ברעגן.
**קאַנצעליאַריע** — ביוראָ, אָפיס, רעגירונגס-ביוראָ.
**קאַפּל** — קליין היטעלע, יאַרמולקע.
**קאַפּעליע** — אָרקעסטער.
**קאַרוסעל** — צירק-ראָד.
**קאַרזשע** — שטויב.
**קאַרליקל** — קליינמענטשעלע.
**קאַרניוואַל** — פריילעכער יום-טוב, הוליאַנקע.
**קאַשטאַן-בוים** — chestnut tree
**קבלה** (קאַבאָלע) — מיסטישע אידישע לערע.
**קבלה מעשית** — פּראַקטישע קבלה.
**קבלה עיונית** — טעאָרעטישע קבלה.
**קבר אָבות** (קייווער אָוואָים) (**גיין אויף...**) — קומען אויף באַזוך און תפילה טאָן ביים קבר פון די עלטערן.
**קדושה** — תפילה וועגן דער הייליקייט פון גאָט, ווערט געזאָגט 3 מאָל אין טאָג — ווערט געוויינלעך שיין אויסגעזונגען.
**קדושים** — הייליקע מאַרטירער.
**קדחת** (קאַדאָכעס) — פיבער, א קראַנקהייט.
**קדיש** — א תפילה, וואס מען זאָגט נאָך א פאַרשטאָרבענעם.

**קהילה** — געמיינדע.
**קוואַרטיראַנט** — איינוואוינער.
**קוויטשערס** — מין שבועות דעקאָראַציעס.
**קוויקונג** — פאַרגניגן, דערפרייאונג.
**קוזמין** — שטעטל אין פּוילן, פון אַשס בוך „אַנקל מאָזעס". (דער אָנקל האָט אַראָפּגעבראַכט כמעט גאַנץ קוזמין קיין ניו-יאָרק, וואו זיי אַרבעטן אין זיין קליידער-פאַבריק.)
**קוממיות** — שטאָלץ, אויפגעשטעלט.
**קוראַזש מאַכן** — אָננעמען זיך מיט מוט. זיין געוואָגט.
**קורטקע** — מין קורץ רעקל.
**קורנאָסע** — פלאַכע נאָז.
**קטיגור** (קאַטייגער) — דער באַשולדיקער, דער מלאך, וועלכער מאַכט די אָנקלאַגע אויף מענטשן פאַרן בית-דין של מעלה.
**קיטלשטיכל** — אַן אויסקריצונג אויף א קיטל.
**קיימאַ-לן** — פעסט-באַשטימטע זאַך אָדער סומע.
**קינות** — קלאָג-לידער; געבעט ביכער מיט קלאָג-לידער.
**קינעלעך** — טרוקענע שפּענער, שטיקער האָלץ.
**קיסריה** — צענטער פון דער טערקישער הערשאַפט איבער פאַלעסטינע. (גאָר אַמאָל — פון רוימישער הערשאַפט.)
**קלאָץ-קשיות** — פראַגן אויף וועלכע ס'איז שווער צו ענטפערן אָדער איבער זייער שווערקייט אָדער איבער זייער נאַרישקייט.
**קלויזניק** — איינער וואס זיצט באַשטענדיק אין בית-המדרש און לערנט.
**קלימקעס** — פּעקלעך.
**קליפּה** — בייזער גייסט, טייוול, שלעכטע פרוי.
**קלעזמער** — מוזיקאַנט.
**קלעק שפּייען** — זיך אָפּזאָגן פון עפּעס מיט פאַראַכטונג.
**ק"ן** — 150.
**קנעלן** — לערנען מיט קינדער.

**קעפּיע** — אַראַבישער קאַפּ־צודעק.
**קערמעשל** — שמחהלע, הוליאַנקע.
**קפדן** — שטרענגער, בייזער.
**קראַטן** — קעסטלעך (אין געוואַנט).
**קרייקעס** — שטריקלעך געמאַכט פון איבערגעבליבענע שטיקלעך סחורה.
**קרעניצע** — ברונעם.
**קרעסלע** — פּאַטער־שטול.
**קשיה** (קאַשע) — פראַגע.

## ר

**ראָג** — ווינקל.
**ראוי** — ווערט, פּאַסיק.
**ראָזמאַך** — פּאַרנעם, שוואונג.
**ראָסע** — טוי.
**ראַפּטאָם** — שנעל, פּלוצלונג.
**רבותי!** — מיינע האַרן! (אַ ווענדונג.)
**רובאַשקע** — העמד.
**רוח** — ווינט, גייסט, טייוול.
**רוח-הקודש** — הייליקער גייסט, באַגייסטערונג.
**רוצח** (ראָיצייעך) — מערדער.
**רושם** — איינדרוק.
**רמ״ח אברים** — 248 אברים פון מענטשלעכן קערפּער.
**רעגל** — געזעץ, כלל.
**רעזשיסאָר** — אָנפירער פון אַ טעאַטער־אויפפירונג.
**רעיונות** — געדאַנקען, מחשבות.
**רק** (ראַק) — נאָר, בלויז.
**רשות-הרבים** — עפנטלעכער פּלאַץ.
**רש״י כתב** (ראַשי קסאַוו) — זייער קליינע, פּיינע שריפט, וואָס רש״י (קאָמענטאַטאָר פון תנ״ך און תלמוד אין 11טן י. ה.) האָט גענוצט.
**רשעות** (רישעס) — בייזקייט, שלעכטקייט.

## ש

**שאלה** — פראַגע וועגן אידישן געזעץ, וואָס מען פרעגט ביים רב.
**שאלות** (שאַלעס) — פראַגן.
**שאַנעווען זיך** — זיך אָפּהיטן.
**שאַרלעך** — סקאַרלאַטינע (מין קרענק).
**שבת-נחמו** — דער שבת נאָך תשעה־באָב, ווען מען לייענט פאַר הפטורה אין שול אַ טרייסט קאַפּיטל פון ישעיהו: נחמו, נחמו עמי (טרייסטעט, טרייסטעט, מיין פאָלק.)
**שולדן** — חובות.
**שולחן** — דער טיש אין שול, פון וועלכן מ׳לייענט פון דער תורה.
**שותף** — מיטבאַטייליקטער.
**שחרית** — פרימאָרגן תפילה.
**שטאָט** — זיץ פּלאַץ אין שול.
**שטר מכירה** (שטאַר מעכירע) — דאָקומענט, וואָס באַשטעטיקט אַ פאַרקויף.
**שייען זיך** — זיך שעמען, צוריקהאַלטן.
**שינעל** — זעלנערישער מלבוש.
**שירץ** — פאַרטוך.
**„שישו ושמחו בשמחת תורה״** — „פרייט זיך מיט דער פרייד פון דער תורה״.
**שכחה** — דאָס פאַרגעסן.
**שכר** (סכאַר) — באַלוינונג.
**שלאַבן** — שויד־וועג.
**שלוח** — געשיקטער, פאָרשטייער.
**שלומער** — שלאָף.
**שלח מנות** (שאַלעך־מאָנעס) — מתנות, וואָס מען שיקט זיך אום פּורים.
**שליאַכטשיץ** — פּוילישער פּריץ.
**שליחות** — גאַנג, מיסיע, אויפגאַבע.
**שלש סעודות** (שאָלעש סודעס) — די דריי שבתדיקע מאָלציַיטן, — געוויינלעך מיינט מען דעם לעצטן, דעם וואָס מ׳עסט שבת פאַרנאַכט.
**שמאַראַגד** — מין טייערער שטיין.
**שמונה עשרה** (שמאָינע עסרע) — „אַכצן״, אַ תפילה פון אַכצן ברכות, וואָס מען זאָגט ביי יעדן דאַוונען.
**שמור את נפשך** — היט דיין נשמה (לעבן), היט זיך אָפּ.
**שמח בחלקו** (סאָמייאַך בעלקאָי) — איינער וואָס איז צופרידן מיט וואָס ער האָט.

**שמיני עצרת** — דער אַכטער טאָג פון סוכות.

**שמירה מצה** — מצה פאַר די גאַר פרו־מע אידן, וואָס מען איז זייער אָפּ־געהיט ביים מאַכן דאָס מעל און ביים באַקן זי.

**שס״ה גידים** — 365 אָדערן פון מענטשלעכן קערפּער.

**ש״ס ופוסקים** — דער תלמודישער געזעץ און די אויסטייטשונגען צו אים; די ספרים פון געזעץ.

**„שעור“** — אַ לעקציע אָדער פאָרטראָג פון תלמוד; גמרא.

**שעריף** — פּאָליציי עלטסטער, אין שטעטל אָדער אַ קרייז.

**שערענגע** — רייע.

**שפּענצער** — קורץ רעקל.

**שפע** (שעפע) — ברכה, איבערפלוס, גערעטעניש.

**שר הפנים** — מלאך, וועלכער איז זייער נאָענט צו גאָט.

**שריד ופליט** — רעשטל, איבערבלייבונג, אַן אַנטרונענער.

**שרפה** (סרייפע) — פייער.

**שררה** — פריץ.

**ששזפתני השמש** — (פון שיר השירים) וואָס די זון האָט מיך אָפּגעברענט.

**ששים רבוא** — די 600 טויזנט אידן, וואָס משה האָט באַפרייט פון מיצרישער שקלאַפעריי.

## ת

**תאווה** — שטאַרקער באַגער.

**תורה שבעל פה** — די תורה, וועלכע איז איבערגעגעבן געוואָרן מינדלעך דורך די דורות.

**תושב** — בירגער, באַשטענדיקער איינוואוינער.

**תחינה-לשון** — שפּראַך, וואָס ווערט גענוצט אין די ספּעציעלע ווייבערשע תפילות אויף אידיש.

**תחית-המתים** (טכיאַס האַמייסים) — דאָס לעבעדיק ווערן פון די טויטע (ווען משיח וועט קומען).

**תיכף** (טייקעף) — באַלד.

**תיקון** (**ליל שבועות**) — געוויסע טיילן פון דער תורה, וועלכע מען זאָגט די ערשטע נאַכט פון שבועות.

**תכלית** — ציל, צוועק, רעזולטאַט.

**תכסיסי מלחמה** — מלחמה טאַקטיק.

**תכריכים** — טויטנקליידער.

**תל מאַכן** — וויסט מאַכן, פאַרניכטן.

**תמימותדיק** — אומשולדיק.

**תנא** (טאַנע) — געלערנטער; איינער פון די צוזאַמענשטעלער פון דער משנה.

**תענוג** — פאַרגעניגן.

**תענית** — א פאַסט־טאָג.

**תרגום** — אַראַמעאישע איבערזעצונג פונ׳ם תנ״ך.

**תרי״ג** (טאַריאַג) **מצוות** — די 613 רעליגיעזע געבאָטן, וואָס אַ פרומער איד דאַרף זיי אָפּהיטן.

**תשובה** (**טשוּבע**) — דאָס אָפּקערן זיך פונ׳ם שלעכטן וועג.